# איין שוין מעשה בוך

קומט הער איר ליבן מאנן אונ׳ ורויאן · אונ׳ טוט דאש שין מעשה בוך אן שויאן · דאש גאך בין וייל דער עולם שטיט אין דרוק איז ווארדן גיבראכט · מיט דרייא הובדרט אונ׳ עטליכה מעשים דיא דא זיין אל אויש דיא גמרא גימאכט · אונ׳ אך אויש דען רבותה אונ׳ בחיי אונ׳ אך רבי יהודא החסיד מעשים ווערט אייך אך קיינש טון פעלין · אונ׳ אך אויש דען ספר חסידים אונ׳ ספר מוסר אונ׳ אויש דען ילקוט ויא איר ווערט היבטון אין אייבן פאבים טון זעהן · דרום איר ליבן ורויאן איר האט בון דיא טייטשי ביכר אל ואר · איצונדר האט [illegible] דיא טייטשי גאר אזו ווערט איר הזבן כל התורה כולה גאר:

במצות יעקב בר אברהם ז״ל סק״ק מעזריטש דליטא

פה בסליאה הגדולה

בשנת שס״ב לפ״ק

ע״י הארון קונראד וואלדקירך

**נאט** יתברך שמו אליין דיא ער· דער מיר האט גיהאלפֿין
איין בינֿער· וועלכֿש איך מיך האב לנג, ויר גינומן · צו
דינן דיא ווייבר דיא ורומן· איך האב גנון ויל ספרים אויך גיריכֿט· נאך
אישט דאך גֿנג דיזם ווערק אליר ניכֿט· דען דא ארויש ווערט לייאנן
רבֿ אונֿ רעבבֿין אונֿ אידר מאן· טרוץ אייבם דער דא ויל גֿמרא קאן·
ווערד ער מדרשים ומעשים והגדות הרוישר ווער פֿין· דאש זיך
כל עולם אויך אים ווערט ואר גֿאפֿין· אונֿ אידר מאן זאגֿן מוש· איך
גלויב ער קאן כל התורה אויך אייבם פֿויש· וויא קאן ער בקיאות אויש
דער גֿמרה· איך גלויב ער קאן כל התורה· ווער האט זיין גלייכֿבש
גיזעהן· צו אלי זכֿן זאגט ער איין הלכֿה למעשה וואש דא אישט גישעהן·
צו צייטן ווארדן זיך מענכֿיר אן אייבם מעשה שטוסין· זיין בויזי
מחשבות אונֿ בויזי ווערק אב לוסין· דען מענכֿיש משל ומעשה טוט
מענכֿין ויל גוטש לערין· אר הלט מענכֿין בייא גוט אונֿ בייא ערין·
דרום איר ליבן מאנן אונֿ ורויאן· לייאנט איר אפֿט דרויש זא ווערט
איר דרינן ביהויאן· אונֿ ביט צו לייאנן אויש דעם ביכֿר פֿון קויאן· אונֿ
פֿון די טריך פֿון בערן אונֿ מייבשטר הילדא ברנט זאלט איר אך אייך
ניט טון מיאן· נון עש זיין ווערליך אייטל שאין. זיא גֿעבן אייך ניט
נאך ווארים נאך היין· אך זיין זיא ניט גֿעטליך דער בייא· איר
בידרפֿט וואל אז אייכֿש גֿוט ור צייא· אונזרי ספרים שרייבן עש איז
איין זינט אז איין הויז· צו לייאנן אן דעם הייליגן שבת דרויז· וועלט איר
אייער צייט מיט לייאנן ור טרייבן· אזו וויל איך איין שין מעשה בוך
שרייבן· דרום איר ליבן ורויאן קויפֿט איר זיא ביהענד· אי זיא ווערדן
קומן אין ורעמדן לענד· אין פיהם אונֿ אין רייסן אונֿ אין פולן·
אזו ווערט מן זיא אך טון ווידליך הולן· אונֿ אנדרן לעבדרן מער·
דרום קויפֿט איר זיא זער· דער נאך ווערד איר זאגֿן ווארום האב
איך קיינש גיקויפֿט דא זיא זיין גיוועזן אין לנד· איצונדר וועלט איך
גערן איינש צאלין ווען איך קעניט בייארט איינש ביקומן בלד· דרום
לאשט אייכֿש אום איין טאליר ניט זיין צו טייאר אזו ווערט אייך גוט
ביהיטן ור בזין אונֿ גיהייאר: אמן סלה:

מסכת





## א מסכת שבת פרק ראשון

**מעשה** אן איינם תלמיד חכם דער האט טאג אונ׳ נכֿט נישט אנדרש גיטון דען גילערנט אונ׳ ער שטורב גאר יונג פֿון יארן דא נאם זיין וויב זיין טלית אונ׳ תפֿילין אונ׳ גינג אין דאש בית המדרש צו דען רבנים. אונ׳ זאגט ווידר דען רב עש שטיט גישריבן אין דער תורה כי הוא חייך ואורך ימיך דאש איז טייטש דיא תורה דיא אישט דיין לעבן אונט זיא דער לענגט דיר דיין טאג׳ נוא איין מאן דער האט טאג אונ׳ נכֿט נישט אנדרש גיטון בייארט גילערנט ווארום איז ער דען אזו יונג פֿון יארן גישטארבן׳ דא וואר ביזאנט אים בית המדרש דער איר דארויף קונט ענטוורן דען זיא וואשטן אים אאת קיין טעם ווארם ער אזו בלד וואר גישטורבן׳ ניט לנג דער נוך וואר איין תלמיד חכם בייא איר צו גשט איבר נכֿט דא זאגט זיא אים אך דיא שמועה. דא פֿראגט ער דיא פֿרויא ליבי לאז איך דיך פֿרעגן וויא הוט זיך דיין מאן בייא דיר גיהלטן ווען דוא בישט נידה גיוועזן׳ דא זאגט זיא אים ווידר חו״ דז ער מיך זעלט אן גירירט האבן מיט דעם קליינן פֿינגאר וויל פֿר שווייגן דז ער זעליט עפיש אנדרש מיט מיר גיטאן האבן׳ דוא פֿרעגשט נאר איין זעלצום דינג פֿון איינם תלמיד חכם דא פֿראגט ער ווידר זיא זאג מיר וויא האט ער זיך אביר גיהלטן ווען דוא האשט וייש אן גילײגט׳ דא זאגט זיא ער האט וואל מיט מיר געשין אונט גיטרונקן אונט איז בייא מיר גילעגן בקירוב בשר דז איז טייטש וואל מיט בלושים לייב אביר ער האט מיך זינשט ניט אן גירירט דש מעשה ור״ל׳ וויא דער תלמיד חכם דאש פֿון דער פֿרויא הערט׳ דא זאגט ער גילובט זייא גוט דער ביקש און רעכֿט לוט׳ דז ער דען מענשין הוט לאשין יונג שטערבן׳ דען עש שטיט אין דער הייליגן תורה גישריבן ווען איין פֿרויא און ריין אישט דא זאל איר מאן ניט צו איר גינהן אונ׳ ניט ער זאל אן רירן זיא אונט דער תלמיד חכם דער האט ניט טון הלטן וואש אין דער תורה שטיט גישריבן׳ דער הלבן הוט אין הקב״ה לאשין שטערבן האט אים גאר רעכֿיט ביצאלט׳ דער הלבן זאל מן הלטן וואש אין דער הייליגן תורה גישריבן שטיט:

מעשה עש זאגט רבי יהושיע בן לוי אין דער צייט דא הקבה האט
דיא תורה משה רבינו ע"ה געבין אונ' דאש משה רבינו וואר
וידר הראב פֿום הימל גנידרט דא קאם דער שטן צו הקבה אונט
שפֿראך הער אל דער וועלט ווא האשטו דיא תורה הין גיטון וועם
האשטו זיא גגעבן דא שפראך הקבה וידר איך האב זיא צו דער
ערדן גגעבן· דא גינג דער שטן צו דער ערדן אונ' שפראך ערד
דיא תורה דיא דיר הש' געבין הוט ווא האשטו זיא הין גיטון דא שפרא'
דיא ערד וידר אלהים הבין דרכה דש איז טייטש גוט דער פריפֿט דיא
וועג דש מיינט הקבה דער וייש אל דינג אביר איך האב זיא ניט דיא
תורה· דא גינג דער שטן וידר צום ים אונ' שפראך ים דיא תורה
דיא דיר הקב"ה גגעבן הוט ווא האשטו זיא הין גיטאן· דא זאגט דאש
ים וידר אין עמדי דש איש טייטש דיא תורה איז ניט מיט מיר· דא
גינג דער שטן צו דעם אב גרינט פֿון דער ערדן אונ' שפראך דיא
תורה דיא דיר הקב"ה גגעבין הוט ווא האשטו זיא הין גיטון· דא שפראך
דער אב גרינט אין כי היא דאש איז טייטש דיא תורה איז ניט אין מיר
דער שטן גינג דיא גאנץ ערד אויז אונ' זוכֿט זיא דיא וייל הקב"ה האט
גיזאגט איך האב דיא תורה אויף דער ערדן גגעבן· דא גינג דער
שטן וידר צו דיא טוטן לייטן אונ' דיא פֿרלארן לייט אונ' פֿראגט זיא אך
דיא תורה דאש אייך הקבה גגעבן האט ווא האט איר זיא הין גיטאן·
דא זאגטן זיא וידר דען שטן מיר האבן עש וואל מיט אונזר אורן גיהערט
אביר מיר וישן וייטר ניקש דרום· דא גינג דער שטן וידר פֿור
הקב"ה אונ' שפראך הער אל דער וועלט איך האב גיזוכֿט אויף דער גנץ
ערד אונ' האב דיא תורה ניט גיפֿונדן· דא זאגט הקב"ה גיא צו בן
עמרם דש אישט משה רבינו ער איז עמרם זון דעם האב איך זיא
געבין· דא גינג דער שטן צו משה רבינו אונ' שפראך משה דיא
תורה דיא דיר הקב"ה גגעבין הוט ווא האשטו זיא הין גיטון· דא
שפראך משה רבינו וידר וויא קומשטו צו מיר אונ' פֿראגשט נאך
דיא תורה ווער בין איך אוד' וייש בין איך דש מיר הש' זעלט דיא
תורה געבין· וויא נוא הש' הורט דש משה רבינו ניט וואלט גשטין
דש ער דיא תורה האט מקבל גיוועזן דא שפראך הקב"ה משה דוא
בישט איין לגנער ווארם לייקינשטו דז איך דיר דיא תורה האב גגעבן
דא זאגט משה הער אל דער וועלט איין זעלכיש גלושטונג כלי אלש דיא
תורה

תורה אישט דיא מכט איינן מענשן יא לושטונג ווען איינר לערנט
דרויז׃ אונ׳ דא דוא זיך אלי טאג זעלברט איינן דר מיישט אונ׳ לערנשט
זעלבש דרויז׃ אונט איך זאל מיך דער הלבן דארנוך בריאן אונט זאלט
זאגן איך האב דיא תורה אנטפנגן עש שטין ניט וואל אן איינם
מענשן דש ער זיך זול איין דינג ביריאן ווען ערש שון הוט ביאן זול
זיך גאר קליין מאכין אויך איין דינג׃ דא זאגט הקב״ה ווידר משה
דר וויל דוא דיך דער הלבן שופל מאכושט אונ׳ שפריכשט דוא האשט
דיא תורה ניט אנטפנגן אונ׳ ווילשט דיא כבוד ניט אן נעמן זא זול
דיא תורה צו לון אויך דיין נאמן גיהייסן זיין אלש דער פסוק שפריכט
זכרי תורת משה עבדי דש איז טייטש געדענקט דיא תורה משה איינש
קנעכיט אונט הייסט זיא תורת משה׃

## ג מסכת שבת פרק ר׳ עקיבה

מעשה עש זאגט ר׳ יהושיע בן לוי אין דער צייט דז משה רבינו אויך
גינג אין דען הימל אונ׳ וואלט דיא תורה מקבל זיין פון השי׳
דא הובן דיא מלאכים אן ווידר הקב״ה הער אל דער וועלט וואש זאל
אונש איין מענש אויך דען הימל׃ דא זאגט הקב״ה ווידר ער וויל דיא
תורה מקבל זיין׃ דא זאגטן דיא מלאכים ווידר הקב״ה דש פֿר בורגן
כלי דז דוא האשט געהט פֿור בורגן ביין הונדרט אונ׳ פֿיר אונט זיבציג
דורות אי דוא דען עולם הושט בישפֿין דיא ווילשטו געבן איינם
מענשין׃ וויש אישט דער מענש דש דוא האשט בישפֿין׃ גיב דיין
שונהייט אויך דען הימל לוש דיא תורה האבן ניט גיב זיא איינם
מענשין׃ דא שפריכט הקב״ה ווידר משה גיב אין תשובה וואש זיא
ווידר מיך גיזאגט האבן׃ דא שפריכט משה ווידר הער אל דער וועלט
איך וועלט אין וואל ענטפֿרטין איך פֿערכט מיך זיא פֿאר ברענן מיך
מיט דעם רויך דער אים אויז איר מיילר גיט׃ דא שפראך הקב״ה
ווידר משה ביגרייף דיך אן דען כיסא כבוד אונט גיב אין תשובה אויך
איר ריד וויא משה רבינו דאש הערט דא היבט ער אן אונ׳ שפריכט
הער אל דער וועלט דיא תורה דיא דוא מיר ווילשט געבן וואש שטיט
דינן גישריבן׃ עש שטיט דינן אנכי ה׳ אלהיך אשר הוציאתיך מארץ מצרים
דאש איז טייטש איך בין דיין גאט דער דיך האט אויז גיצוגן אויז מיצרי׳
זייט איר דען אין מצרים גיבידרט אדר האבט איר דען פרעה גידינט
אונט ווארום זול דען הקב״ה דיא תורה אייך געבן׃ אדר נאך מין וואש
שטיט מין אין דער תורה גישריבן לא יהיה לך אלהים אחרים דאש איז

טייטש דוא זאלישט קיין אנדר גאט האבן דען מיך · זיצט איר דען צווישן גים דאש איר קענט אנדר גיטר דינן · אודר בוך מין וויש שטיט אין גשריבן זכור את יום השבת לקדשו דאש איז טייטש גידענקט דען שבת צו רואין אין · טוט איר דען מלכה דש מן אייך בדרף צו פֿר ביטן דז איר זאלט רואן · באך אין וואש שטיט אין גשריבן לא תשא דאש איז טייטש איר זאלט ניט שווערן הבדלט איר דען דז מן אייך בידרף גביטן דש איר ניט שווערן זאלט · באך מין וואש שטיט מין אין דער תורה גשריבן ככד את אביך ואת אמך דאש איז טייטש פֿאטיר אונ׳ מוטר זולט איר ערן הבט איר דען פֿאטיר אדר מוטיר דז מן אייך דרף גביטן דש איר זיא זאלט ערן · בוך מין וואש שטיט מין אין דער תורה גשריבן לא תרצח לא תנאף לא תגנוב דאש איז טייטש איר זולט ניט מורדן איר זאלט ניט און קיישן איר זאלט ניט שטעלן הבט איר דען קנאה סנאה אונטר אייך דז מן דרף אייך פֿר ביטן דאש וואש זאל אייך דען דיא תורה וויא דיא מלאכים דאש הערן דא ביקענן זיא צו משה אונ׳ איטלכיר מלאך לערנט אין עפיש אונ׳ אפֿילה דער מלאך המות דער לערנט אין אך עפיש :

ד שבת פרק רבי עקיבה

מעשה עש זאגט ר׳ שמואל בן נחמני בון יוחנן ווענן וואש איז דז דער פסוק שפריכט כי אתה אבינו אברהם לא ידענו · וישראל לא הכרנו דאש איז טייטש ווען דוא בישט אונזר פֿאטיר אברהם דער וויל אונש ניט ווישן אונ׳ יעקב דער וויל אונש ניט קענן · יצחק דוא בישט אונזר פֿאטיר וויא מיינט דאש · דש וויל איך אייך שרייבן היגטין נוך ווערט הקב״ה זאגן ווידר אברהם דיין קינדר ישראל האבן גזינט · דא ווערט אברהם זאגן זיא זאלין ווערדן אב גמעקט אום וילן דיין נאמן אונט וויל ניט פֿר ישראל בור איר עבירות ביטין · דא זאגט הקב״ה איך וויל צו יעקב גן אונ׳ וויל הערן וואש ער דער צו זאגט דען דער יעקב דער ווערט גוויש רחמנות איבר ישראל האבן דען ער האט זיין טאג אך פֿיל מיא מיט זיין קינדר גהט אי ער זיא דער צוגן האט אונט זאגט ווידר יעקב דיין קינדר ישראל האבן גזינט דא זאגט יעקב הער אל דער מעלט זיא זאלין ווערדן אב גמעקט אום וילן דיינש הייליגן נמין · אונ׳ וויל אך ניט פֿאר ישראל ביטן אום וילן איר עבירות דיא זיא הבן גטאן · דא שפריכט הקב״ה עש אישט ביא קיינם אלטין מאן קיין כריכונג דא מיינט ער אברהם מיט · דער אישט גהייסן איין אלטר מאן ·

מאן · אונט בייא קיינם קינט אישט קיין ראט דא מיינט ער יעקב
מיט · דער אישט דש קינט אונטר דען אבות גיהיישן · כלומר ער
מיינט הקב״ה דיא צוויא העטין אים קיין תשובה געבין דיא גוט פֿר
ישראל ווער · איך וויל גין צו יצחק שפריכֿט הקב״ה איך וויל הערן וואש
ער דער צו זאגן ווערט אוב׳ שפריכֿט ווידר יצחק דיין קינדור ישראל
האבן גיזינט · דא שפריכֿט יצחק ווידר הער אל דער וועלט זיין עש
דען מיין קינדור אוב׳ ניט דיין קינדור דז דוא זיא מיין קינדר הײשט ·
אין דער צייט דא ישראל האבן דיא תורה פֿון דיר אנטפֿנגאן · אונט
האבן גיזגט נעשה ונשמע דאש איז טייטש מיר וועלן דיא תורה הלטין
אונט מיר וועלן דיא תורה פֿאר נעמן · דא האשטו זיא גיהייסן בני
בכורי ישראל דאש אישט טייטש בני מיין זון מיין קינדר ישראל דיא
ערשטן אונט דיא וויל זיא איצונדר גיזינט האבן דא היישטו זיא מיין
קינדר אוב׳ ניט דיין קינדור · אודר נוך מין וויא ויל זיין דיא טעג פֿון
דעם מענשין דיא ער גיזינט הוט זיבנציק יאר אודר לעבט ער דען
גאר לנג זא לעבט ער אכֿטציק יאר טוא אב פֿון דען זיבנציק יאר
צוונציק יאר דאש דער מענש ניט חייב דא רוף איז ווען ער שון זינט
דען אונטיר צוונציק יאר אישט דער מענש ניט גיבאטין מצות צו
טון וויא פֿיל בלייבן איביר נוך פֿונפֿציק יאר · טוא נאך אב פֿינף און
צוונציק יאר דש דער מענש הלב שלופֿט דא טוט ער יוא קיין עבירות
ניט וויא פֿיל בלייבן איבר נאך פֿינף און צוונציק יאר טוא נוך אב
צוועלף יאר אונט איין האלב יאר דש דער מענש אורט אונט דש ער
עשט אוב׳ דש ער אויף דאש בית הכסא מוש גין דא בלייבט נוך איבר
צוועלף יאר אונט איין הלב יאר פֿון דען זיבנציק יאר · ווילשטו זיא גנץ
איבור דיך נעמן דש דוא זיא אין ווילשט מוחל זיין וואל גוט · ווילשטו
דען זיא ניט אליין איבר דיך נעמן · זא נעם דוא זיא האלב איבור
דיך · זא וויל איך דיא אנדר האלב איבר מיך נעמן דא מיט ישראל פֿון
איר זינדן קומן אוב דוא ווילשט שון זאגן איך זאל זיא גנץ איבר מיך
נעמן · האב איך דוך מיין לייבן גיאופֿרט אויף דש מזבח אונט וויל
זיא אך גנץ איבר מיך נעמן דא מיט אז ישראל פֿון איר זינדן קומן ·
אלזו בלד אלש ישראל דאש הערן דא היבן זיא אן אונט שפרעכֿן ווידר
יצחק דוא בישט אונזר פֿאטיר · דא שפריכֿט יצחק ווידר ישראל
דיא וויל איר מיך לובט · לובט דור פֿור הקב״ה אוב׳ ווישט אן מיט אירן
אויגן אלזו בלד היבן ישראל איר אויגן אויף גיגן דעם הימל · אונט
שפרעכֿן דוא בישט אונזר גאט אונזר פֿאטיר דוא האשט אונז דר
ליזט

ליזט פון איביך ליך דיין נאמן אונט לובן הש׳ מיט איין אנאנדר:

ה מסכת שבת פרק כל כתבי

מעשה עש פראגט דער קיסר רבי יהושיע בן חנניא ליבר זאג מיר
וואר׳ ריכט דאש געקעכטש פון דעם שבת זא וואל׳
בעשיר אלש דאש געקעכטש דאש איר אין דער וואכן טוט קאכן׳
דא ענטפרט אין רבי יהושיע ווידר אדוני קיסר איך וויל אייך דיא
ווארהייט זאגן מיר האבן איין ווארצל דיא זעלבין ווארצל הייסט שבת
דיא זעלבין טון מיר ארייןדרו׳ ריכט עש אזו וואל׳ דא זאגט דער
קיסר ליבר גיב מיר אויך פון דיא זעלבין ווארצל איך וויל מירש אך אין
מיין געקעכיטש ווערפון׳ דא מיט דז מיין געקעכטש אך אזו וואל ריכן
זאל׳ דא זאגט רבי יהושיע ווידר דען קיסר אדוני ווען איך דיר שון
דער פון גיב עש העלפט דיך נישט דען ווער דען שבת הלט דען
העלפט דיא ווארצל אבר דער דען שבת ניט הלט דא העלפיט דיא
ווארצל ניט דער הלבן אדוני קיסר קאן איך דיר ניט פון דיזר ווארצל
געבין אונ׳ וויז אין דער מיט אב פון דען שבת וועגן:

ז שבת פרק כל כתבי

מעשה גישך אן איינם דער היש יוסף מוקיר שבת דאש איז
טייטש יוסף דער דען שבת טוט ערן׳ דען וואש ער
קענט לכבוד שבת טון דש קויפט ער אלש עש וואר אים נישט צו
טייאר אויף דען שבת ווען עש בייארט עפיזגן אויף דען מרק קעם
דא קויפט ערש אלש. עש וואר קיין גרושר פיש אים צו טייאר ווען ער
אים נייארט קריגן קאן נון האט דער יוסף איינן שכן נעבן אים דער
וואר איין גרושר עשיר דער שפאטיט דען יוסף אודרן אונ׳ זאגט צו
אים דוא לעבן וואש העלפט דיך דאש דז דוא דען שבת טושט זיר
ערין׳ דוא בישט דוך נישט דרו׳ אשדרייכר׳ איך ער דען שבת
ניט אזו וואל אונ׳ בין דאך רייכר ווידר דוא׳ אביר דען גוטן יוסף לאג
נישט דראן אונ׳ פר טרויט צו הש׳ דער ווערט אים עש וואל ווידר
בשערן׳ נון ווארן שטערן זעהר אין דער זעלבין שטט דיא זאגטן
ווידר דען עשיר איין ליבר פריינט וואש העלפט עש דיך דז דוא
אזו רייך בישט דוא דרפשט דאך קיין גוטן פיש אום דיין געלט עשן׳
מיר האבן גיזעהן אין דיא שטערנן דאש דיין מאון ווערט אין דען יוסף
מוקיר שבת הנט קומן דער עשט דאך איין גוטן בישן אום זיין געלט׳
דער

דער עשיר דער נעם דאש פֿון דען שטערן זעהיר אן׳ אונ׳ גינג הין אונ׳ פֿר קויפֿט אל דש זיין׳ אונ׳ קויפֿט איידל אבנים טובות אונ׳ פערליך אום זיין גוט אונ׳ מאכֿט דאש אלש אויף אײנם הוט שנור׳ אונ׳ וואלט אין אײן אנדר לנט ציהן אונ׳ מײנט דא מיט ער וואלט דען יוסף זיין גוט מיט אײן וועק פֿירן אונ׳ צוק איבר ים דא קאם אײן ווינט וויא ער אויף דען ווסר וואר אונ׳ וואלט דאש שיף דער טרינקן אונ׳ וויאיט דען עשיר דען הוט אב אונ׳ פֿיל אים אין דאש וואשר׳ דא קאם אײן גרושר פֿיש אונ׳ שלנד דען הוט איין׳ דא מיט דער עשיר גאר ארים וואר׳ בוא בינג עש זיך דז אן אײנם פֿרײטאג אײן גרושר פֿיש וואר גיפֿנגאן׳ דער ווארט אויף דען מרק גיבראכֿט אידר מן פֿײלשט דען פֿיש מן באט אים גאר טייאר דש אײדראן דער פֿון גינג אונ׳ וואלט ביאז דען ויש קויפֿן אונ׳ אידראן זאגט דען ויש קויפֿט ביאז בײארט יוסף מוקיר שבת דער קויפֿט אל דיא פֿיש דיא גרוש זיין דיא זיין אים ביט צו טייאר׳ אין דען קאם דער גוטר יוסף צו גן אויף דען מרק אונ׳ וואלט גלײך ויש קויפֿן אויף דען שבת דא זאך ער דען גרושן ויש וויל דז וואר אים זיר איין גרושה פֿרײד דז ער איין זעלכֿן ויש אויף שבת קעבט ביקומן אונ׳ גידוכֿט אים זיין זין דער ויש זאל מיר ווארליך ביט צו טייאר זיין׳ בון ער פֿײלשט דען ויש מן בוט אים גאר טייאר׳ בון ער וואר יוא מיט דען מאן צו ורידן דז ער אים קויפֿט אובט טרוג אין אײן היים אין גרושן ורײדן׳ אלזו טעט ער דען ויש אויף דא ואנד ער דיא פערלך שנור אין דעם פֿיש דיא דער עשיר האט פֿר צעט׳ אובט דא ווארד גון גישעהן וואש דיא שטערן זעהיר האטן גיזאגט ווידר דען עשיר זיין גוט דאש וועך אן דען יוסף מוקיר שבת הבט קומן׳ דא ורײאט ער זיך גאר זער אונ׳ וואר גיווארדן אײן גרושר עשיר דען דיא שנור וואר אײן גנץ מלכות ווערט׳ דא קאם אײן אלטר מאן דער זאגט ווידר דען יוסף ווער אויף דען שבת ויל בארגט דא ביצאלט דער שבת ווידר ויל׳ דש מײנט אזו ווער דען שבת טוט מיט גוטן ערין׃ דעם טוט עש השי׳ ווידר וואל פֿיר טאפֿיל בשערן אמן׃

ז מסכת שבת פרק כל כתב

מעשה. גישך עש זאגט רבי חייא איך בין איין מאל איבר גלט גילעגן בייא איינם קצוב אין ציפורי אודר איין טייל זאגן עש וואר אין לודיקיא גיוועזן דא ברוכֿט מן פֿר אים צו טראגן איין גילדן טיש דא האטן זעכֿציהן לייט דראן צו טראגן גיהט׳ אונ׳ אן

דען טיש הבֿגאן זעלבֿציהן זילברן קעטין· אונ׳ אויך דען טיש שטולן זילברן שיסלן זילברן לעפֿיל אלז וואש צום טיש גֿהערט דאש וואר אייטל זילבר גֿימאכֿט אונ׳ אויך דען טיש שטונדן אך וילֿ גֿוטר שפייז אונ׳ גֿוט אופש אך· אונ׳ וויא אין דען טיש פֿר אים ברוכֿט דא הוב ער אן אונ׳ לובט הש״י אונ׳ זאגֿט צו גֿוט אישט דיא ערד אונ׳ וואש אויך דער ערד איז· אובט וויא אין דען טיש ווידר איין וועק טרוק דא לובט ער הש״י ווידר· אונ׳ זאגֿט דיא הימל זיין צו גֿוט· אונ׳ דיא ערד האט ער צו דען לייטן גֿיגֿעבן· דא האב איך ווידר אים צו זאגֿן ווארום בישטו אלזו רייך וואש האשטו דען פֿר גֿוטש גֿיטאן דיין טאג· דא זאגֿט דער בעל הבית ווידר איך איך וויל דיר זאגֿן איך בין איין טאג איין קצוב גֿיוועזין· אונ׳ ווען איך איין גֿוטה בהימה גֿיהט האב דא האב איך גֿיזאגֿט דאש וויל איך הלטן צום שבת דא מיט דז איך צום שבת איין גֿוט שטיק פֿלייש האב· אונ׳ דא הער קומט מיר איין מאון דש מיר הש״י הוט בשערט וויל איך דען שבת אזו וואל גֿיערט האב דא האב איך גֿיזאגֿט גֿלובט זייא גֿוט דער דיר דאש בשערט האט אונ׳ דז דוא דער צו זוכה בישט דאש דוא אלזו רייך בישט:

ח מסכת שבת פרק השואל

מעשה גֿשך אן איינם חסיד דער האט איין שינן בוים גֿארטין הינטר זיינם הויז שטין אונ׳ עש ווארט אים איין לוך גֿיבראכֿן אין דעם בוים גֿרטן אין דען בירייט זיך דז דער חסיד וואלט דאש לוך ווידר צו מאכן· אונ׳ וויא ער וואלט עש ווידר צו מכֿן דא גֿידאכֿט ער עש ווער שבת צייט אונ׳ וואש זאל איך טון איך ווער דוך מחלל שבת זיין ווען איך דאש לוך ווער צו מכֿן· אונ׳ דער חסיד בידאכֿט זיך אונ׳ מכֿט דאש לוך ניט צו אונ׳ וואלט ניט מחלל שבת דריבר זיין· דא גֿישאך אים איין נס דז אים איין בוים ווידר אין דען לוך וואקשט דא אים אין וואר גֿיבראכֿן וואַרדן· אונ׳ דז לוך וואר ווידר דער פֿילט פֿון דעם בוים דער דא ווייל ווידר וואקש· אובט דער זעלבגֿ בוים ווארד גֿיהייסן צלף אונ׳ דער בוים דער וואר זיר גֿרויש אובט שפרייטיט זיך זער גֿיוואלטיג ברייט אויש דז ער דרייא ארלייא גֿוטה פירות טרוגֿ אונ׳ פֿון דעם פירות דא שפייזיט זיך דער חסיד איט זיינם גֿנצן הויז גֿיזינט· אונ׳ דאש טעט אים אלז הש״י וויל ער דען שבת האט גֿיהלטן אונ׳ האט דאש לוך ניט וועלן צו מכֿין אובט האט הקב״ה וואל פֿר טרויט ווען ער שון דאש לוך ניט צו מכֿט דא וער הקב״ה דעם גֿארטן

דאך

דאך וואל היטן דז אים נישט גשעך דער הלבן ליבן לייט טוט אייבר
דען שבת רעכט היטן · דא טוט אים הקב״ה ווידר וואל ביהיטן :

## ט מסכת שבת פרק השואל

**מעשה** רבי אליעזר דער זאגט טוא תשובה איין טאג פֿור דיינם טוט · דא פֿראגטן זיין תלמידים רבי אליעזר ווי ווייש דען אייבר ווען ער שטערבן ווערט אויף וועלכן טאג דא זאגט רבי אליעזר ווידר מכל שכן זול אייבר הייט תשובה טון אוב ער מארגן מעכט שטערבן דען מן אישט קיין שעה זיכר ווען אייבר שטערבן ווערט דא מיט ווערט גפֿונדן דז ער זיין טאג מיט תשובה לעבט · אונ׳ שלמה המלך האט אך גזאגט אל צייט זאלן דיין קליידר וויש זיין דש מיינט ער דיא תכריכים מיט דיא זאלן אלה טאג וויש זיין אונ׳ בריית זיין דא מיט ווען אין הקב״ה צום טוט פֿודרט דז ער פֿלוקש גריט איז מיט תשובה אונ׳ גוטה מעשים · דרויף שפריכט רבי יוחנן בן זכאי דז איז איין משל צו איינם מלך דער בעט זיינן קנעכט צו אייבר גרושה סעודה אונ׳ זאגט אים אבר ניט ווען דיא סעודה זיין ווערט · דיא קלוגן אונטר דען קנעכט דיא וויזן זיך זעלברט אונ׳ צירן זיך גלייך מיט היפשן קליידר אונ׳ זעצן זיך גלייך פֿר דען מלך פאלש דען זיא גדענקן עש גברעכט נישט אין דען מלך הויז דיא סעודה ווערט גווישליך גמאכט זיין · דא מיט ווען אונש דער מלך רופֿט דז מיר גלייך גרישט זיין דז מיר גלייך פֿר דען מלך קעבן קומן ווען ער נוך אונש טוט שיקן · דיא נרן דיא אונטר דען קנעכט זיין דיא גן ווידר אין איר מלאכה אונט גדענקן אלזו מן קאן ניט אזו איין סעודה אזו גשווינט צו ריכטן · דען מן מוז פֿיל צו אזו אייבר סעודה האבן מיר ווערן דער וייל מער ערבטן ווען דער מלך טוט נאך אונש שיקן · דא האבן מיר אל צייט דז מיר זיך אן טון אונזר קליידר · אונ׳ גן אזו פֿר זיך ווידר אין איר ארבייט · אור בליבונג דא שיקט דער מלך נאך זיינן קנעכטן זיא זאלן צום עשן קומן דיא סעודה זיין בוא גריט · דיא קלוגן דיא זיך בוא גרישט האבן דיא דא בוא זיצן פֿר דען פאלש דיא גן גלייך אניין צום מלך מיט אירן היפשן קליידר · דיא נרן דיא גן שטרק פֿון איר מלאכה אין איר נויבזיקא קליידר פֿור דעם מלך צום עשן · דא פֿרייט זיך דער מלך אויף דען קלוגן קנעכט דיא זיך גלייך האבן גרישט צו זיינר סעודה וויא וואל זיא ניט גוויש האבן ווען דיא סעודה זיין ווערט · אונ׳ צירנט אויף דיא נרן דיא זיך ניט גרישט האבן צו זיינר

סעודה אונ' זיין אזו בישיסן מיט איר קליידר· אונ' שפרעכט אזו דיא קלוגן אונטר מיינה קנעכט דיא זיך אזו גרישט האבן צו מיינר סעודה דיא זאלן זיך זעצן צום טיש אונ' זאלן עשן אונ' טרינקן אונ' זאלן פרייליך זיין· אבר דיא נרן דיא זיך ניט גרישט האבן צו מיינר סעודה· דיא זאלן שטין אונ' זאלן צו זעהן עשן אונ' טרינקן אונ' זאלן ניט עשן נוך טרינקן מיט וויל זיא זיך יוא ניט גרישט האבן צו מיינר סעודה· דער הלבן שפריכט שלמה. האלט דיך אונ' הלט דיך ווייזליך אונט רישט דיך גלייך מיט דיין ווייסן קליידר דא מיט ווען דיך הקב"ה פודרט צום טוט אז דוא גלייך גרישט בישט מיט דיינר תשובה דא מיט אז דוא גלייך קאנשט קומן פר הקב"ה ווען ער דיך פודרט· אונ' טוא ניט ווי דיא נרן דא מיינט ער דיא רשעים אונטר ישראל מיט· דיא גדענקן זיך וואש זאלן מיר נאך תשובה טון אונ' גרישט מכן מיט אונזרה ווייזן קליידר ווער וויש ווען מיר שטערבן ווערן· מיר וועלן וואל נאך תשובה טון אונ' וועלן וואל נאך אונזרי קליידר וויש מכן· אביר אור פליצונג דא גיבוט הקב"ה איביר זיא דז זיא שטערבן מוזן· אונ' האבן נאך קיין תשובה גיטאן· דיא פרומן דיא בוא גרישט זיין מיט איר תשובה דיא גין גלייך פור השי' אונ' קענן גלייך קומן מיט איר ווייסן קליידר פר השי'· אביר דיא רשעים דיא קומן מיט אירן בייזן ווערקן פר השי'· דא פרייט זיך הקב"ה אויף דיא פרומן לייט דיא בור איס קומן מיט גוטר תשובה אונ' ווייסן קליידר· אונ' אישט ברוגז איביר דיא רשעים· דיא פוראיס קומן מיט בייזן ווערק· אונ' שפריכט ווידר דען צדיק דוא האשט דיך גרישט דוא זאלשט אך פון מיינר סעודה עשן דיא איך דען צדיקים וויל מכן· אביר דוא רשע דוא האשט דיך ניט גרישט דוא זאלשט אך ניט עשן פון מיינר סעודה בייארט דוא זאלשט צו זעהן עשן אונ' מושט דען צער צו זעהן ווען אנדרן לייט עשן אונ' טרינקן דז דוא מושט צו זעהן דער הלבן שפריכט דער פסוק. טוא איין טאג פר דיינם טוט תשובה דז מיינט דער מענש איז ניט זיכיר ווען ער שטערבט דער הלבן זול ער הייט תשובה טון אוב ער מורגן מוכט שטערבן· אונ' טוא מורגן אך תשובה אוב ער מעכט איביר מורגן שטערבן דא מיט דז ער אל זיין טאג תשובה טוט אונ' פרום אישט דא מיט ווען ער גיפאדרט ווערט פר השי' צום טוט דז ער גלייך גרישט איז מיט גוטן ווערק דא מיט אז דוא גלייך קאנשט אך עשן פון דער סעודה דא אנדרן צדיקים אך עשן:

## י׳ מסכת שבת פרק במה בהמה

**מעשה** גשאך אן אײנם מענשן דעם שטרב זײן װײב אוג׳ ליש אים אײן יונג זײנן דינג קינט אונ׳ דער זעלבינג
מאן דער װאר אזו ארים. דז ער ניט הט קענן אײן זײנגאם דינגן דז ער דאש קינט העט קענן זײגן אן דיטן דא גשאך אים אײן נס דש אים השי׳ לוש װאקשן צװײא ברישט דז ער זײן קינט אן אים זעלברט קענט זײגן װיא אײן װײבש בילד׃ אונ׳ ער זײגט זײן קינט זעלברט אן אים׃ דרויף זאגט רבי יוסף זיך אונ׳ קום הער װיא אײן קעשטליך מאן מוז דש זײן געװעזן דיא װײל אים הקב״ה אזו אײן גרוש נס האט גטאן׃ אזו זאגט אביי װידר אדרבא װיא גאר ארג מוז דער מענש זײן געװעזן דיא װײל עש זיך האט פֿר ענדרט איבר אים מעשי בראשית עש האט גזאגט רבי יהודא קום אונ׳ זיך װיא גאר הרטגליך גוט עש דעם מענשן צו ביז דש אים הקב״ה זײן שפײז בישפֿט דען הקב״ה װאר אי איביר אים פֿר ענדרין מעשי בראשית אונ׳ מכֿט דז דער אן דאש קינט זעלבט זײגט װיא װאל דז הקב״ה העט קענן דעם קינט זײן שפײז בישפֿין בוך דעניך גשאך אי דז ער דאש קינט אן אים זעלברט זײגט אי ער דעם קינט דש עשן בישוף׃ אך פֿינדן מיר דש השי׳ װיל ביסים טוט דש ער דען מענשן בישעראט אי ער אים זײן שפײז בשפֿט דען מיר פֿינדן ניט דש הקב״ה דען צדיקים.
איר װײן אין איר הײזר בשפֿט׃

## יא׳ מסכת שבת פרק במה בהמה

**מעשה** גשאך אן אײן מענשן דער הוט אײן װײב דיא האט קײן פֿינגאר אן איריר הנט אונ׳ דער מאן האט אן
איר ניט אן גזעהן ביז זיא איז גשטארבן׃ דא זאגט רבי יוסף װיא אײן צנועה מוז דאש װײב זײן געװעזן דז דער מאן אן איר ניט גװישט האט בײא אירם לעבן דאש זיא קײן פֿונגר האט גהט דא זאגט רבי חייא װידר רבי יוסף ניין דאש איז קײן צנועה דער הלבן געװעזן דז זיא זיך צו גדעקט האט גהט דען אײן איטלכֿי פֿרויא אישט איר סידר דז זיא זיך צו דעקט איר בלושן לײב. מכל שכן דיא פֿרויא דיא הט זיך מוזן צודעקין װיא האט עש דען דער מאן זעלן זעהין׃ דער מאן מוז אײן גרושר צנועה געװעזן דז ער בײא אירן לעבן זעלכֿיש ניט גװישט הוט גהט׃

**מעשה** איין איטליכיר מענש דער זאל אזו דעמיטיג זיין אלש
הילל אישט גיוועזין · אונ׳ ער זול ניט באלד צורניג זיין
אלש שמאי אישט גיוועזין · דען עש גישאך איין מאל איין מעשה אן
צוויא מאנן דיא העטן גיוועט מיט אנגדיר אום פיר הונדרט שילינג ·
דער איין וועלט הילל צורניג מכן דא שפראך דער אנדר דוא קאנשט
עש ניט טון דז דוא הילל צורניג מכן זאלשט · אונ׳ וועטיטן אלזו אום
פיר הונדרט שילינג · נון דש וואר עבן אן איינם ערב שבת דז זיך
הילל עבן צוואגיט גיגען שבת · דא גינג דער זעלביג מאן דער דא
האט גיוועט ער וואלט הילל צארניג מכן ואר הילולש טיר אונ׳ קלאפט
אן רופט ווא איז הילל ווא איז הילל וויא דאש הילל הורט זא טעט ער זיין
מנטיל באלד אן אונ׳ גינג דען מאן אנטגיגן אונ׳ זאגט ליבר זון וואש ווילשטו ·
דא זאגט דער מאן ליבר רבי איך הוב איין פראג צו פראגן · דא
שפראך דער הילל מיין זון פרוג וואשטו צו פרוגן האשט · דא שפראך
ער ליבר רבי איך מוז אייך פרוגן · וויא קומט עש דז דיא לייט אין בבל
קינלכטה קעף האבן דא שפראך הילל מיין זון דוא האשט איין גרושן
פרוג גיפראגט איך וויל דיר זאגן פון וועגן דז זיא אין בבל ניט גרושן
חכמים זיין דער הלבן האבן זיא אזו קינלכטה קעף · דא גינג דער מאן
ווידר איין וועק אונ׳ שפראך דוא האשט מיר דיא קשיא וואל מתרץ
גיוועזין · איבר איין קלייני וויל קאם דער זעלביג מאן ווידר פור הילולש
טיר אונט קלאפט ווידר אן אונ׳ זאגט ווא איז הילל ווא אישט הילל דא טעט
דער גוט הילל זיין מנטל ווידר אן אונ׳ גינג דען מאן ווידר אנטגיגן אונ׳
זאגט צו אים מיין זון וואש בינערשטו מייבר דא זאגט דער מאן מיין ליביר
רבי איך האב אייך איין פראג צו פרוגן · דא זאגט הילל מיין זון פרוג
וואשטו האשט צו פראגן · דא פרוגט ער ליבר רבי זאגט מיר ווארום
האבן דיא אין תרמודי דש איז איין מדינה דיא הייסט אן אלזו קינלכטה
אוגן · דא זאגט הילל מיין זון דוא האשט איין גרושה קשיא גיבראגט
איך וויל דירש זאגן פון וועגן דז זיא אים זנט וואנין אונ׳ ווען איר אוגן
זעלטן צוויי עקין האבן וויא אובזרן אוגן דא מעכט דער ווינט דען זנט
איר אוגן ור וועהן אונ׳ קעננטין דען זנט ניט ווידר איין רויש ברעגגן
אונ׳ מעכטן בלינט ווערדן · דאר מיט שפראך דער מאן דוא האשט
מיר דאש אך וואל מתרץ גיוועזין · אונ׳ גינג ווידר זיין שטרויש הין וועק ·
איבר איין קלייני וויל קאם דער מאן ווידר אונ׳ מיינט ער וועלט דען

הילל דער מיט צורנין. אלן דער וויל ער אים. אזו אפֿט פֿון דעם באד
רופֿט· אונ׳ רופֿט ווידר ווא איז הילל ווא איז הילל וויא הילל דאש הוירט
דש ער ווידר רופֿט דא טעט ער ווידר זיין מנטל אום אונ׳ גינג דען
אאן ווידר אנטגיגן אונ׳ זאגט צו אים. איין ליבר זון וואש בגערשטו פֿון
מיר· דא זאגט ער ליבר רבי איך האב איין גרושין פֿרוג צו פֿראגן·
דא זאגט הילל דא פֿראג איין ליבר זון וואש דוא צו פֿרוגן האשט· דא
הוב ער אן ליבר רבי זאגט מיר ווארם האבן דיא אפֿריקים דאש אישט
אך איין בזונדר פֿאלק אזו ברייטין פֿויש דא שפראך הילל איין זון דוא
האשט איין גרושן קשיא טון פֿרעגן· איך וויל דיר זאגן איין ליבר זון
פֿון ווענן דז זיא וואבן צווישן דען נאיזן אונ׳ זואמפֿין· דער הלבן האבן
זיא ברייטן פֿויש דז זיא דש דער בעשיר קענבן גין דען ווען זיא שואלן
פֿוישן העטין וילן זיא אין דש נאיז איין אבר ווען זיא ברייטין ויש האבן
זא קענבן זי בעשיר גין· דא שפראך דער מאן ליבר רבי איך האב נאך
פֿיל קשיות צו פֿרוגן· אביר איך פֿערכֿט איך דוא מוכשט צורנן·
דא טעט ער ערישט זיין מאנטיל אויש דער גוט הילל אונ׳ זעציט זיך
בידיר בייא אים אונ׳ שפראך צו אים איין זון פֿרוג איבונדר וואש דוא
האשט צו פֿרוגן איך וויל דיר צו הערין אובט וויל דיר רעכֿט בישיידן·
דא פֿראגט ער בישטו דער הילל דז מאן דיך הייסט דער הער אובטיר
ישראל דא שפראך ער יוא· דא שפראך דער מאן ווידר אז דוא בישט
זאלין זיך ניט מערן אובטיר ישראל דא שפראך הילל איין ליבר זון
ווארום· דא שפראך דער מאן איך האב פֿון דיינם ווענגן פֿר
ווענט פֿיר הונדרט שילינג איך וויל דיך צורנין. אכן אובט דוא האשט
מיר זיא אכן פֿרלירן דיא וייל איך דיך ניט האב קענבן צורנין. אכן·
דא שפראך הילל צו אים איין זון איין אנדר מאל זיא געווארנט אובט
ווענט ניט דען דוא וויישט וואש דוא ווענטשט· דען הילל אישט וואל ווערט
דז דוא זאלשט פֿר ווענטין איביר אים פֿיר הונדרט שילינג. אונ׳ דוא פֿר
ווענטשט וואל נאך פֿיר הונדרט גילדן איבר מיר אונ׳ ווענשט דוך איך
ניט צורנין. אכן אלזו צוג ער זיין שטרויש:

יג מסכת שבת פרק במה מדליקין

מעשה גישאך אך אן איינם גוי דער קאם צו שמאי אונט
שפראך וויא פֿיל תורות הט איר יודן דא שפראך
שמאי איר האבן ניט מין אז צוויא תורות איין תורה אישט אונש
גישריבן ווארדן דיא אנדר איז אונז אינדליך גיגעבן ווארדן· דא

שפראך דער גוי דיא געשריבן תורה דיא גלאב איך דיר וואל אונ׳ וויש
דא איבן געשריבן שטיט אביר דיא מינדליך תורה גלאב איך ניט אונ׳
אך וואש דארינן שטיט טוא אייבש אונ׳ לערן מיך אונ׳ זייא מיך מגייר
אויף דש דוא מיך ווילשט דיא מינטליך תורה לערן· דא שריא אין
שמאי אן אונט היש אין צורנליך הין וועק גין· דא גינג דער גוי פון
שמאי אונט גינג צו הלל אונט פראגט אין אך וויא ער האט שמאי
גפראגט· דא וואר אין הלל מגייר אויף זיין ריד דא הוב ער אן מיט
אים צו לערנן אונ׳ לערנט דען ערשטן טאג מיט אים· דא זאגט
הלל צו דעם גוי זאג אלף בית גימול דלית דא זאגט דער גוי הלל נוך
וויא ער אים פור זאגט· דעם אנדרן טאג לערנט הלל ווידר מיט
אים אונט קערט עש אום אונט זאגט ווידר דען גוי· זאג דלית גימל בית
אלף דא שפראך דער גוי צו הלל ליבור רבי דוא האשט דוך געשטערט
מיט מיר ניט אזו געלערנט· דא שפראך הלל דוא פאר לושט דיך יוא
אויף מיין ריד וואש איך דיר פור זאג זא פר לוש דיך אך אויף דיא
מינדליך תורה אונ׳ גלאב וויש דארינן שטיט געשריבן:

יד שבת פרק במה מדליקין

מעשה געשאך אך אן אייבם גוי דער קאם צו שמאי אונט
שפראך זייא מיך מגייר אויף דש דז דוא מיך ווישט
כל התורה לערנן דיא וויל איך אויף אייבם פוס שטיא קאן: דא שטוש
אין שמאי הין וועק מיט אייבם מוש שטעקין דז דיא ציארלייט
ברויכן· דא גינג דער גוי פון שמאי אונ׳ גינג צו הלל אונ׳ פרונט אין
אך אוב ער אין וועלט כל התורה לערנן דיא וויל ער קעבט אויף אייבם
פוס שטין דא וואר· אים הלל אויף זיין ריד מגייר אונ׳ שפראך איך וויל
דיך כל התורה לערן דיא וויל דוא קאנשט אויף אייבם פוס שטין אונט
שפראך ווידר דען גוי׳ הלט דען פסיק דעלך סני לחברך לא תעבד דש
איז טייטש דוא זאלשט דיינם געזעלן ניט ארגיר טון אלש דוא דיר
גערנן זעלברט טון ווילשט דש אישט דער גרונט פון דער גאנצן
תורה דז אנדר אישט איין פירש אויף דיא תורה גיא הין אונט לערנן
עש ווייטר אלזו לערנט אין הלל כל התורה דיא וויל ער אויף אייבם
פוס שטונט·

טו מסכת שבת פרק במה מדליקין

מעשה געשאך נוך אן אייבם גוי דער גינג דנטיר דעם בית
המדרש:

המדרש הער אונ' הורט ווימ דימ קינדר לערנן דען פסיק ואלה הבגדים
אשר יעשו חושן ואפד דאש אישט טייטש אונ' דש זיין דימ קליידר דימ
דער כהן הגדל זול אן טון ווען ער אין דעם בית המקדש דינט פֿאר
הקב"ה איין פֿאר שפגן אונט איין גורט אונט זובשט אין וויש דער צו
גהערט דש איין כהן הגדול בידרפֿט דא גינג דער גוי אין דש בית
המדרש אונט פֿראגט דען רבי ליבור זאג מיר ווער זול דימ קליידר אן
האבן דימ דא הושט גלערנט מיט דען יונגן · דא שפראך דער רבי
ווידר דש מייבט דער גרעשטר פרישטר דער אונטר ישראל אישט
ווען ער פֿור גוט דעם אלמעכטיגן דינט אין אונזרם טעמפיל דא
גידאכֿט דער גוי איך וויל אך איין יוד ווערדן דר ווארטן דש איך אך אים
טעמפיל דינן זול אונ' זאלט אך אזו קוישטליכן קליידר אן טון ווימ דער
פרישטר אונטיר דען יודן אונ' גינג צו שמאי אונ' זאגט ווידר אין אז
זייא מיך מגייר אויף דש · דז איך אך איין כהן גדול מאג ווערדן אונט
טוא אך אזו קוישטליכר קליידר אן ווימ דער כהן גדול דא שטוש אין
שמאי הין וועק מיט דעם מוש שטאב דען ער אין זייגר הנט האט
ער זאלט פֿון אים איין וועק גין דא גינג דער גוי פֿון שמאי אונ' גינג
צו היללאונ' זאגט אך צו היללוימ ער צו שמאי גרעט האט דא וואר אין
היללאויף זיין ריד מגייר · אונט זאגט מיין זון דוא האשט יוא ניט גזעהן
דש מן איינן צום מלך מאכֿט · דען ער מוש פֿאר ווישן וויא ער זיך אין
דער מלוכה הלטין זול · אזו דוא אך דוא ווילשט אך איין כהן גדול ווערדן
וויא קאן איך דיך צום כהן גדול מכֿן דען דוא מושט פֿאר ווישן וויא
דוא דיך אין דער כהונה זולשט הלטין גיא הין אונ' לערנן עש וויא זיך
איין כהן הלטין זול דער נאך קום ווידר צו מיר דא וויל איך דיך צום
כהן גדול מכֿן · דא גינג ער הין אונ' לערנט דש רעכֿט פֿון כהן גדול
אונ' וויא ער נון אן דען פסיק קאם והזר הקרוב יומת דש איז טייטש אונ'
דער פֿרעמד דער דא גנעהנט צום בית המקדש ניט ער זול
ווערדן גטיט · דא שפראך ער ווידר זיין רבי אויף וועם רעט דער
פסיק · דא שפראך זיין רבי דער פסיק רעט אונט מייבט אויף אלן
דיא ניט כוהנים זיין גבארן פֿון גשלעכֿט אהרן הכהן ווען זיא גנעהן
צום בית המקדש גטיט ער זול ווערדן גטיט אונ' ווען עש שון ווער
גוועזן דוד המלך ע"ה זא העט מן אין גטיט ווען ער ווער אין בית
המקדש גנעהנט · וויא דער גר דאש הורט דא גדאכֿט ער זיך דוך
זיין ישראל איין היילג פֿאלק גהיישן אך הוט זיא הקב"ה בני בכורי
גהיישן דש איז טייטש ישראל מיין קינדר דיא ערשטן · נוך דעניך

מיינט דער פֿסוק זיא ישראל אך מיט · מכל שכן איין שלעכטיר גוי׳ דער דא העׂר קומט מיט זיינם וואט זאך אוב׳ מיט זיינם בעטיל שטאב מכל שכן דש דער זאלבינג ניט קאן איין כהן ווערדן · אובט גינג ווידר צו שמאי אוב׳ זאגט ווידר צו אים וואָרום האשטו מיר דען פֿסוק ניט פֿאר גיזאגט דש איך קיין כהן קאן ווערדן דא העט איך וואל זילברט גיווישט דש איך עש ניט בינערט זולט האבן · דער נאך גינג דער גר ווידר צו הלל אובט שפראך דוא טעמיטיגר הלל דיא ברוכת פֿון השי׳ דיא זולן רואין אויף דיינם הייבט דש דוא מיך הושט מגיר גיוועזין אובט הושט מיך מכן גינעהן אונטר פֿעטיך דער שכינה · ניט לנג דער נאך קאמן דיא דרייא גרים צו אנגדיר אובט זאגטן דער צורנן פֿון שמאי הוט אובש וועלין מכן פֿאר לירין עולם הבא אוב׳ דיא טעמיטיקיי׳ פֿון הלל הוט אובש מכן גיווינן עולם הבא :

## טז מסכת שבת פרק במה מדליקין

מעשה עש זאש רבי יודא אובט רבי יוסי אוב׳ רבי שמעון זון יואי בייא אנגדר אובט זאש איינר בייא אינן דער היש רבי יהודא זון גרים · דא הוב דער רבי יודא אן אובט זאגט וויא גאר היפש זיין דיא ווערק פֿון דיא גוים זיא מאכין פֿילמערק דאש מאן דארויף פֿייל קאן האבן · זיא מאכין בריקין איביר דאש וושר · דש מן דאריבור גן קאן · זיא מאכין באד הייזר דש מן זיך דרינן קאן באדן אובט וועשין · רבי יוסי דער שווינג שטיל צו דען רידן · דא אנטווארט רבי שמעון בן יוחי דארויף אובט זאגט אלש וואש דיא גוים מכן דש מכן זיא אלש צו אירים נוץ אובט צו אירים ליב זיא מכן מארק אוב׳ גסין דז זיא דיא הורין קענן דריין זעצין · זיא מכן בריקין איביר דש וושר דש זיא מכס דער פֿון אויף היבן · זיא מכן באד שטובן דש זיא אירן לייב קענן מיט זיצפֿטיגן · דער רבי יודא זון גרים דער גינג איין היים אובט זאגט דיא שמועת אל זיין פֿאטיר אוב׳ זייבר מוטיר דש דיא ריד זא גאר וייט קומן דש זיא פֿאר דען מלך קומן דא שפראך דער מלך איך הער ווא רבי יודא הוט אובזר ווארק גילובט דער זל אך ווערדן גילובט אוב׳ זאל ווערדן דר היכט · רבי יוסי דער הוט שטיל דר צו גשווינגן דער זל ווערדן פֿאר טריבן · רבי שמעון בין יוחי דער אובזר ווערק ואר אכט דר זאל ווערדן גיטיט · וויא דש רבי שמעון בין יוחי גיוואר וואׄרד דא נאם ער זיין זון מיט אוב׳ פֿאר בארג זיך אין דש בית המדרש אוב׳ אלי טאג קאם רבי שמעון וויב אוב׳ בראכט אים אין סוד צו עשן

ברוט

ברוט אונט וושר צו טרינקן וויא זיא הורטין דש מן הרט גוק אינן
פֿרעגיט אונ׳ העט זיא גערן גיהט· דא זאגט רבי שמעון צו זיינם זון דיא
וויבר האבן איין גריבגאן דעה דז מיינט זיא האבן גריבגאן זין דז זיא
לייכטליך זיין צו איבר רידן פֿילייכט מוכט מן אין גרושין וויא טאג אן
טון ביז זיא מושטן זאגן וואו מיר זיין פֿאר בארגן· אונ׳ גינגן הין מיט
אין אנבדיר אונ׳ פֿר בורגן זיך אויף דש פֿעלט אין איין היל דש קיין
מענש העט קענן ווישן וואו זיא זיין הין גיקומן· דא גשאך אין איין נס
דז אין הקב״ה אין דער היל איין באם וואקשין דער טרוג איידל בוקש
הארן אונ׳ בישערט אין אך איין קוועל ברונן אין דער היל דז זיא צו עשן
אונ׳ צו טרינקן הטן· דא טעטין זיא אלי טאג איר קליידר אויש אונט
זעצטין זיך בקיט ביז אן דען האלז אין דען זנט אונ׳ לערן איין גאנצן
טאג תורה· אונ׳ ווען עש דען צייט וואר דז מן אורן זאלט דא טעטין
זיא זיך ווידר אן אונ׳ אוריטן אונ׳ ווען זיא נוא גיגעשין הטן דא טעטין זיא
זיך ווידר אויש אונ׳ זעציטן זיך ווידר אין דען זאנט ביז אן דען הלז אונ׳
לערנטן ווידר תורה דאר ווארטין דז זיא ניט זעלטין פֿר ווילן אין דיא
קליידר אונט בליבן אלזו צוועלף יאר אין דער הילן זיצן· וויא נוא דיא
צוועלף יאר אויז זיין דא קאם אליהו הנביא אונט שטעלט זיך אויף דיא
טיר פֿון דער היל אונ׳ רופֿט אין דיא היל רבי שמעון זון יוחי אונט זיין
זון זייט ווישן דז דער מלך גישטארבן אישט אונ׳ דז דיא גזירה איז בוטל
גוואורדן· וויא זיא דש הערטין דא גינגן זיא הירויש פֿון דער הילן דא
זאכן זיא וויא דיא לייט אקרטין אונ׳ זעהן דא זאגט רבי שמעון צו זיינם
זון זיך דיא לייט דיא וואר לאזן דיא איבין וועלט אונ׳ פֿר לירן עולם הבא
אונ׳ געבן מיט דער פֿאר גענגליך וועלט אום· אונ׳ וואו זיא איין מענש
אן זאכן דא פֿאר ברענט ער גלייך דער זעלבן מענש דא גינג איין
בת קול אויש פֿון דען הימל אונ׳ זאגט צו אינן זייט איר פֿון דעש הלבן
אויש דער היל גיגנגן דז איר דיא לייט וועלט פֿר ברענן אונ׳ מיין וועלד
ווישט צו מכן· זא מעכט איר וואל אין אייער היל גיבליבן זיין· וויא זיא
נוא דאש הורטין דא גינגן זיא ווידר אין איר היל אונ׳ בליבן נאך צוועלף
חדשים דרינן אונט זאגטן דש גריכט פֿון דען רשעים איז צוועלף
חדשים אים גיהנום דער גלייכן וועלן מיר צוועלף חדשים אין דער
היל ווידר זיין· וויא נוא דיא צוועלף חדשים אויז ווערדן דא קאם ווידר
איין שטים פֿון הימל אונ׳ זאגט גיט ווידר ארויש אויש אייער היל· דא
זיא נוא דש הורטן דא גינגן זיא ווידר ארויש אונ׳ וואו דער רבי עליעזר
דיא לייט שעדיגט דא היילט זיא דער פֿאטיר רבי שמעון ווידר דא

שפראך דער רבי שמעון ווידר זיין זון ווען שון ניאנט מער ווער אין דער וועלט דער דא תורה לערנט אלש איר צווייא דא ווער עש דוך גיבונן· אונ׳ עש וואר עבן ערב שבת ווא זיא אויש דער היל קאמן דא זאכן זיא עבן איין אלטן מאן דער גינג אונ׳ טרוג צווייא גיבונט חדסים אין זיינר הנט דז איז איין קרייטר דאש וואל ריכט איין גישמאק אויש דען גן עדן· דא פראגט רבי שמעון דען אלטין מאן וואש ער מיט דען חדסים טון וועלט דא שפראך דער אלט מאן ווידר איך וויל זיא האבן לכבוד שבת דיא וויל זיא וואל שמעקן דא זאגט ער ווידר אין דוא האשט אך וואל מיט איינם גיבונט גיבונגן וואש זאלין דיר צווייא גיבונט· דא זאגט דער אלט מאן ווידר איך מוז זיא אלי בייד האבן איינש נעגן שמור דש אנדר נעגן זכור דא זאגט דער רבי שמעון ווידר זיין זון זיך מיין ליבר זון וויא גר ליב האבן ישראל דיא מצות פון הקב״ה דא וואר דער זון ווידר צו פרידן אין זיינר דעה דא הורט עש רבי פנחס בן יאיר דער וואר רבי שימעון בן יוחי איידים וויא זיין שייעהר איין היים קאם אונ׳ וואר איין דרייא צעהן יאר ניט דער היים גיוועזן אונ׳ אידר מן מיינט זיא ווערן הו׳ פר לארן ווארדן דא גינג ער אים אנטגעגן דא זאך ער וויא זיין שוועהרש הויט וואר פולר שרונדן ווארדן פון וועגן דז ער אזו וואר אים זנט גיזעשן· דען זיא גינגן מיט איין אנבדר אין דש באד דז ער אים בקיט זאך דא הוב רבי פנחס אן צו וויינן אונ׳ זיין אויגן דיא גאבן וואשר אונ׳ שפראך ווידר זיין שוועהר וויא צו מיר דז איך דיך זאל אזו זעהן· דא שפראך רבי שמעון ווידר צו אים וואל צו דיר אז דוא מיך אזו זיכשט דען ווען דוא מיך ניט זאלישט אזו זעהן זא ווערשטו ניט אן מיר פינדן· וואש דוא ווערשט אן מיר פינדן דש מיינט ווען ער ניט וועראין דיא היל גיזעסין זא האט ער ניט אזו פיל תורה גילערנט דען איער וואר איין וועק גיצוגן זא ווען רבי שמעון איין קשיא האט גיפרוגט זא האט אים רבי פינחס צוועלף תרוצים דרויף געבן· אביר איצונטר וואר עש גראד להפך ווען רבי פנחס איין קשיא פרוגט דא גב אין רבי שמעון צוועלף תירוצים דרויף דאש האט ער אלש גילערנט וויל ער אין דער היל וואר גיוועזן· אך פינט מן דען רבי שמעון בן יוחי אין דער גמרא וואש ער פר איין בריא אישט גיוועזן אונ׳ ער הוט דאש גישריבט ספר גינאכט דש מן הייסט דען זוהר:

יז מסכת שבת פרק במה מדליקין

מעשה עש באט דוד המלך ע״ה הקב״ה ער זאלט אים דאך

זאגן

זאגן וויא לנג ער דאך נאך לעבין זאלט דא זאגט הקב״ה ווידר צו אים איך זאג עש קיינם מענשן איך האבש פֿר שווארן דש איך עש קיינם זאג דא זאגט דוד המלך ווידר זא זאג מיר אויך וועלכן טאג איך שטערבן ווער׳ דא זאגט הקב״ה צו אים אם איינם שבת׳ דא זאגט דוד המלך ווידר ליבר לוש מיך אויך איינם זונטאג שטערבן דא זאגט הקב״ה ניין דען דיין זון מלכות דש היבט אן אן איינם זונטאג אונט עש דרף קיין מלכות אן דער אנדרן אן רירן אפילה כמלא נימא ביט דא גינג ער הין אונ׳ לערנט אלי שבת׳ דען גנצן טאג דור ווארטין דש אים דער מלאך המות׳ ביקש טון זולט׳ בוא אויך דען זעלבין שבת׳ דז ער שטערבן זאלט דא קאם דער מלאך המות אונט וואלט אים זיין נשמה נעמן דא זאש ער אביר איין ספר אונ׳ הורט ביט אויף צו לערנן דא קאנט אים דער מלאך המות נישט טון דא גידאכט זיך דער מאלך המות וויא ברענג איך דיא נשמה פֿון אים דיא וויל ער ביט אויף הערט צו לערנן זא קאן איך אים נישט טון׳ דא האט דוד המלך איין שינן לושט גארטן הינטר זיינם הויז דא גינג דער מלאך המות הין אונ׳ שיטלט אים דיא בעים דא וואלט דוד המלך זעהן ווער הינטר זיין בעם ווער דא צו בראך דיא שטעג אונטר אים איין צוויא דא הורט ער אויף צו לערנן דא וואר אין דער מלאך המות סמית דש ער שטורב דש גדען ער דר ווארב :

יח מסכת שבת פרק מפנין

מעשה דיא גמרה גיט רבי ינאי שפריכט אייגר דער דא וויל תפילין לייגן דער מוז איין רייניגליך לייב האבן אלש אלישע בעל כנפים דא פֿראגט דיא גמרה ווארום מוז ער ריין זיין דר ווארטן גיט ער קיין נפיח אין דיא תפילין זאל לאשין׳ רבא זאגט איין אנדר טעם ער זולט ביט שלאפֿין אין דיא תפֿילין׳ דא ורעגט דיא גמרה ווארום היש ער אלישע בעל כנפים דען עש וואר איין מאל דא האט דש מלכות פֿר באטן תפֿילין צו לייגן אונ׳ ווען מן וועט איין יוד זעהין דער תפֿילין וועט אויף זיינם קאפא האבן דעם זאלמן זיין מוח לעכרין׳ דען פֿר צייטן האבן זיא איין גנצין טאג תפילין אן גיטראגן׳ אונ׳ דער אלישע דער האט דוך תפילין אן גיטראגן אונט האט אויף דאש גיבוט ניקש גיגעבן׳ דא האט אין איין מאל איין שוטר דער ווישט דער דא ריבר גיזעצט אישט דא לויפֿט דער אלישע פֿר אים איין וועק דא לויף אים דער שוטר נאך וויא ער נוא אין דער ווישט דא נאם ער

דיא תפילין איין ראב אלישע אונ׳ טעט זיא אין זיינר הנט אונ׳ טעט
דיא הנט צו דא פראנגט אין דער שוטר וואש האשטו אין דיינר הנט
דא זאגט ער וואש זאל איך אין מיינר הנט האבן איך האב פליגל פון
איינר טויב אין מיינר הנט׳ דא שפראך צו אים לוש מיך זיא זעהן דא
טעט אלישע זיין הנט אויף דא האט ער פליגל פון איינר טויבן אין זיינר
הנט דרום היש מאן אין אלישע בעל כנפים דען כנפים איז אך דיא
פעטיך טייטש דא מיינט אך פליגל׳ אונ׳ וויא קאם אבר דרויף דז
ער זאגט פליגל פון איינר טויב אין אלז ער זאגט אויף אנדרי פיגל אז
איין קרא אדיר אביר איין שטורך אודר זונשט פיגל הבן אך פעטיך׳
דא אישט דיא גמרה ווידר מתרץ דיא קינדר ישראל דיא זען גגליכן צו
איינר טויבן ווארום וויא איז איין טויב דיא פליגל בשירם זיא פר אלים׳
אונ׳ זיא מוז זיך אך ווערין מיט דען פליגל מיט וועם זי שטרייט אביר
ביט מיט אירן מויל אודר זונשט איין גליד אן אירים לייב׳ זא זיין ישראל
אך דיא מצות דז ישראל טואן דיא בשערמין זיא פר אלן לייט׳ דא
אים קיין פולקיר קיין ביז טוהן׳ דער הלבן זאל מן דיא מצות הלטן דא
גשיכט אים נישט ביז וויא דען אלישע אך גשעהן וואר וויא וואל דאש
מלכות האט פר באטין צו תפילין צו לייגן בייא לייב שטראף נוך גירוכט
ער זיך וויא אים גוט ית״ש דיא מצוה גבאטן האט זא וועלט ער זיא
הלטן אונ׳ זעלט ער דרום אום דאש חיות קומן דא גשאך אים דאש
נס דש אים הקב״ה ווידר ביצאלט דז דיא תפילין פרוועקשלט אין
זיינר הנט׳ אונ׳ ווארד בישערמט פום טוט׳ דער הלבן זאל מן גוט
ית״ש ניט פר אכטן ווען מן וועלט שון זיין חיות דריבר נעמן: אדר
איין פשט איז אזו דיא פליגל פון איינר טויבן בישערמט זיא מין דען
דיא פליגל פון איין אנדר עוף דען איין אנדר עוף ווען זיא פליגן אונ׳
זיין נאר מיד דא מוזן זיא זיך אין נידר זעצן אויף איינם פעלזין
אדיר איין בוים׳ אביר איין טויב ווען זיא פליגט אונ׳ איז נאר מיד זא
הלט זיא מיט איינן פליגל שטיל אונ׳ רוט אונ׳ מיט דעם אנדר פליגל פליגט
זיא אונ׳ דער באך מיט דעם אנדרן טוט זיא אך אזו זא בישרמן זיא איר
פליגל אלזו בישרמן אך ישראל איר מצות דיא זי טובן:

## יט מסכת שבת פרק מפנין

**מעשה** גשאך אן איינם מאן דער נידרט אויש גיין דעם
איברשטן אונ׳ ער פר דינגט זיך צו איינם בעל בית
אים לנט צו דרום אונ׳ בליב דרייא יאר בייא אים דינן׳ בון עש וואר

עבן

עבן אן ערב יום כיפור דא שפראך ער ווידר זיין בעל בית ליבר גיב מיר
איין לון איך וויל אין מאל איין היים ציהן אונ' וויל מיין ווייב אונט קינט
שפייזן · דא זאגט דער בעה"ב צו אים דוא זאגשט איך זאל דיר דיין געלט
געבן איך האב קיין געלט ניט · דא שפראך דער מאן וויל דוא יוא קיין
געלט האשט זא גיב מיר תבואה פר דאש געלט דז וויל איך מיינם ווייב
אונ' קינדר מיט ברענגן דא מיט אז איך קאן זיא שפייזן · דא שפראך
דער הער איך האב אך קיין תבואה ניט דז איך דיר קאן געבן · דא
שפראך דער מאן ווידר צו אים אז גיב מיר ווייןגארטן אודר עקיר
פור מיין לון · דא שפראך דער הער איך האב אך קיין ווייןגארטן
נאך קיין עקיר ניט דז איך דיר קאן געבן · דא זאגט דער מאן אזו גיב
מיר בהמות דא זאגט ער ווידר איך האב קיין בהמות ניט · דא שפראך
ער ווידר גיב מיר קיסן אודר טעפילבן פר מיין לון · דא זאגט ער אך
איך האב קיינן ניט · ווא דער גוט מאן דאש הערט ווא זיין בעל
הבית וועלט נישט געבן · דא גינג ער הין אונ' נאם זיין קליידר אונט
באנד זיא צו איין זאן אונט באנד זיא אויף זיין רוקין אונ' גינג מיט דר
שראקינים הערצין איין וועק איין היים צו · ווא נוא יום טוב אויז
איז דא נם דער בעל הבית דען לון דען דער משרת פרדינט האט
אונ' נאם מיט אים דרייא איזל אונ' לוד אויף זיא וואש זיא קאנטן טראגן
איינן לאדט ער מיט עשן שפייז דען אנדרן לוד ער מיט גוטן טראנק
דען דריטן לוד ער מיט גוטן זיסן אופש אונ' צוג דער מיט צו זיינם
משרת אונ' אשין אונ' טראנקין זיא מיט אנבנדר ווא זיא נוא וואל געגעשין
אונ' געטרונקן האבן דא גאב ער אים זיין לון וואש ער פרדינט האט
אונ' שענקט אים וואש ער אך מיט זיך געבראכט העט · אונ' פרוגט
אין ליבר משרת וואש האשטו דיר גידאכט דא דוא האשט מיך דיין לון
אן געהיישן אונט איך האב גיזאגט איך האב קיין געלט ניט ווא האשטו
מיך חושט גיוועזן · דא זאגט דער משרת ווילייכט האב איך גידוכט עש
זייא דיר איין גוטה סחורה צו קומן דיא דוא האשט קעבן וואלביל קויפן
אונ' דוא האשט דריבר דיין געלט אלז אויז געגעבן · דא פראגט דער
בעל הבית ווידר ליבר זאג מיר וואש האשטו מיך חושט גיוועזן דא דוא
זאגשט איך זאל דיר תבואה געבן אונ' איך זאגט איך העט קיין תבואה
ניט · דא זאגט דער משרת איך האב גידאכט דוא האשט נאך קיין
מעשר דער פון געגעבן · דא פראגט דער בעל הבית ווידר דא דוא
זאגשט איך זאל דיר ווייןגארטן אדיר עקיר געבן אונ' איך זאגט איך
העט קיינן · וואש האשטו מיך צום זעלבן מול חושט גיוועזן · דא

שפראך דער משרת ווידר איך האב גידולט פיל לייכט זין דיא זוין גארטן אונ׳ עקיר ביט דיין גיוועזן אונ׳ דו האשט זיא ביט דר פין איין וועק גיבן זונדר רשות׳ דא זאגט דער בעל הבית ווידר אין דער צייט אז דוא האשט וועלן האבן קיסן אונ׳ איך זאגט איך העט קיינה וואש האששו איך צום זעלבן מאל חושט גיוועזן׳ דא זאגט דער משרת איך האב גידאכט פיל לייכט דוא האשט דיין מומן גאר הקדיש גימאכט אונ׳ עש זייא ביאר דיין גיוועשט׳ דא שוואר דער בעל הבית בייא דער עבודה עש איז אלז וואר גיוועזן וויא דוא איך האשט חושט גיוועזן אונט איך האב אל מיין מומן הקדש גימאכט איבר איינן זון הורקנס דער האט ניט וועלן תורה לערנן׳ אונ׳ דא איך בין קומן צו איינן חברים אין דרום דא האבן זיא מיר דיא שבועה ווידר מתיר גיוועזן אונט דער וייל אז דוא מיך האשט מיט אל מיין ווערקן צו גוטן חושד גיוועזן זא זאל דיר הקנ״ה אך אל דיין ווערק צו גוטן רעכנן אונט צו גוטן גדעבקן זא לונט ער אים׳

ד מסכת שבת פרק מפנין

מעשה גישאך אן איינן חסיד דער ליזט איין שיבן יונק פרויא בון גיים הענדין אונט וויא זיא אין דיא הערברק צו בלט קומן׳ דא ליגט ער דיא יונק פרויא צו פוסן אין דש בעט׳ צו מארגנש גינג ער אין דאש מרחץ אונ׳ וואר זיך טובל אונט לערנט ווידר מיט זיינן תלמידים אונ׳ וויא ער מיט אין לערנט דא פראגט ער זיין תלמידים ליבור דא איך נעלטין דיא יונק פרויא צו פוסן בייא מיר ליגט וואש האט איר מ ך חושד גיוועזן דא זאגטן זיין תלמידים ליבר וואש זאלן מיר אייך האבן חושד גיוועזן׳ מיר האבן גידאלט דוא האשט אירגאבט איין תלמיד אונט דיין תלמידים דען דוא ביט קענבשט אוב ער פרום אישט אונט ווען דוא העשט זיא אין דיא קאיר גילגט פיל לייכט וועד זיא הו׳ אירגאבט ביצוונגן גיווארדן פון איינן׳ דער הלבן האששו זיא בייא דיך גילגט׳ דא זאגט ער ווידר צו זיינן תלמידים ליבר וואש דאט איר אייך גידאכט דא איך האב מיך צו מארגנש טובל גיוועזן׳ דא זאגטן זיא ווידר ליבר רבי וואש זאלן מיר זיך האבן גידאכט מיר האבן זיך גידאכט פיל לייכט איז דעם רבי עפיש אונט עטגטש אויף דעם וועג צו הבדן איז גיקומן דז איר אייך האט מזן טובל זיין׳ דא זאגט ער ווידר בייא דער עבודה וויא איר אייך גידאכט האט אזו איז עש אלש גיוועזן׳ אונט אזו וואל אז איר מיך האבט צו גוטן גידאכט אונט

חושד

חושר גוועזן אזו זאל אייך אך הקב״ה אל אייער ווערק צו גוטן רעכנן אונט גידענקן :

כא מסכת שבת פרק מפנין

מעשה עש גשאך דעם חסיד עש בגב זיך איין מאל דז זיין זעלט דען רבנים עפיש איש ריכטן בייא איינר גי׳ בייא דער זעלבג גי׳ ווער גוואנטליך דש אל דיא קוישטליכן פון רום בייא איר איש אוב׳ איין גנגאן דען זיא ווער איין קוישטליכן גי׳ זיא ווער גאר חשוב׳ דא זאגטן דיא רבאנים ווער זאל אונטר אונש גן צו דער גי׳ דא זאגטן רבי יהושע איך וויל גן זא גינג רבי׳ יהושע מיט זיין תלמידים׳ דא זיא נון שיר קאמן פיר איין פון דיא גי׳ הויז דא צוג רבי יהושע זיין תפילין אויז אוב׳ גינג אין דש הויז אביין אוב׳ שלוס דיא טיר באך אים צו אוב׳ וואלט דיא תלמידים ניט מיט אביין לאשן׳ אוב׳ ויא ער נוא ווידר ארויש קאם דא גינג ער אין דאש מרחץ אוב׳ ווער זיך טובל אונט לערנט ווידר מיט זיין תלמידים אוב׳ ער זאגט ווידר זיין תלמידים׳ ליבן לייט זאגט מיר וואש האט איר מיך חושד גוועזן דא איך האב דיא תפילין אויש גצוגן׳ דא זאגטן דיא תלמידים ליבר רבי וואש זאלן מיר אייך האבן חושד גוועזן׳ מיר האבן גידאכט דא איר האט דיא תפילין אויש גצוגן אן דרום׳ קיין היילג דינג אן איין אורט מיט בעאן דש אומריין אישט׳ דא זאגט ער ווידר צו אין וואש האט איר אביר מיך חושד גוועזן דא איך דיא טיר האב פר אייך צו גשלאסן׳ דא זאגטן דיא תלמידים ווידר ליבר רבי מיר האבן גידאכט איר האט איין זך מיט איר צו רידן דז דן מלך אן טריפט אונט איר האבט עש מיט איר אונז אליין רידן דז מיר ניט האבן דרפין צו הערן׳ דא פראגט ער זיא ווידר דא איך האב מיך טובל גוועזן וואש האט איר אייך גידאכט דא זאגטן זיא ווידר מיר האבן גידאכט פיל לייכט איז אייך שפייכיט איש אירם מויל אויף אייערם קליידר גקומן דרום האט איר אייך טובל גוועזן׳ דא זאגט דער רבי יהושע בייא דער עבודה ויא איר מיך האט חושד גוועזן אזו איז עש אלש גוועזן׳ אוב׳ אזו וואל אז איר מיך האט אלז צו גוטן חושד גוועזן אזו זאל אך הקב״ה אל אייער ווערק צו גוטן רעכנן :

כב סליק מסכת שבת ברוכת פרק ראשון

מעשה דאש קיסרש טאכטיר פראגט רבי יהושע בן חנניה

אייא וויא איין גרושה תורה איז אין דיר אונ' דוא בישט אזו נאר העשליך
וויא איין גרושי חכמה אישט אין איין נויבזן כילי · דא שפראך רבי
יהושיע ווידר זיא ליבה זאג מיר ווא האט איר אייערן וויין ליגן וואש זיין
עש פֿר פֿעסיר · דא שפראך זיא ווידר צו אים מיר האבן דען וויין
אין אייטל אירדבן כילים ליגן דען מן האט פֿר צייטן דען וויין אין אייטל
אירדבן כילים גיהט · דא זאגט צו איר רבי יהושיע איר זייט דאך רייכא
לייט איר זאלט דען וויין אין אייטל זילבר כילים טון אידר מן האט
דען וויין אין אירדן כילים · דא גינג זיא צום אירן פֿאטיר אונט זאגט
דען פֿאטיר אזו דא גינג דער פֿאטיר הין אונ' טעט אל זיין וויין אין
אייטל זילבר כֿילים דא וואָרד דער וויין אלר עסיק מן זאגט דען קיסר
וויא זיין וויין אל עסיק גיווארדן איז · דא זאגיט דער קיסר צו זיינר
טאכֿטר ווער האט דיך דאש גיהיישן אונ' גלערנט דש דוא דען וויין אין
זילברן כֿילים טון · דא זאגט דיא טאכֿטר רבי יהושיע הוט מיך דאש
גלערנט · דא שיקט דער קיסר נאך רבי יהושיע אונ' זאגט צו אים
ווארום האשטו איינר טאכֿטיר דש גלערנט אונ' האשט גימאכֿט דז
אז אל איין וויין איז צו עסיק גיווארדן · דא זאגט רבי יהושיע וויא זיא צו
מיר הוט גיזאגט אזו האב איך אך צו איר גיזאגט · זיא האט צו מיר גיזאגט
אייא וויא איין זוא גוטי תורה אין איין נויבזן כילי אזו האב איך אך צו איר
גיזאגט וויא האשטו אזו איין גוטן וויין אין איין נויבזן כילי · אך האב איך
גיזאגט דיא תורה בלייבט ניט אין איין היפשן מענשן אזו בלייבט אך
דער וויין ניט אין איין היפשן כילי דא שפראך דער קיסר מן פֿינט
דאך אך פֿיל היפֿשן לייט דיא אך תורה קענן לערנן דא זאגט רבי
יהושיע ווידר ווען זיא אביר ניט אזו היפש ווערן זא קענן זיא פֿיל
בעשיר לערנן אלש אזו · דען איין מענש דער היפש אישט דער
אישט ניט טעמיטיקייט אונט פֿר געשט זיין תורה דריבר אז ער ניט
פֿיל לערנט:

כג מסכת ברוכת פרק ראשון

מעשה גישאך דא רבי אליעזר קראנק וואר דא גינג רבי יוחנן
צו אים אונט וואלט אין מבקר חולי זיין דא לאג רבי
אליעזר אין איין פֿינשטר קאמר · דא אנט פֿלעקט רבי יוחנן זיין ארים
דען ער וואר גאר שין דש דיא קאמיר גאר העל וואר דא הוב דער רבי
אליעזר אן צו וויינן · דא שפראך רבי יוחנן מיין ליבר רבי ווארום
וויינשטו שריישטו דער הלבן דז דוא ניט פֿיל תורה האשט גלערנט

עש

עש לייט ניכשט דא ראן ווען איינר בוזן לשם שמים לערנט · ווייגשטו דען דער הלבן וויל דוא ניט רייך בישט איין מענש איז ניט זוכה צו צווייא טיש דען דוא קאנשט ניט רייך זיין אונ׳ דער צו איין תלמיד חכם זיין · דא הוב רבי אליעזר אן איך ווין דער הלבן דש דיין היפשקייט זאל אונטר דער ערד קומן · דא הובן זיא ערשט אלי בייד אן צו וויינן · דא שפראך רבי יוחנן ליבר רבי איר האבט גיוויש דיא יסורים ליב דען אייער עבירות ווערדן אייך דער דורך פֿאר געבן דא הוב רבי אליעזר אן איך האב דיא יסורים ניט ליב אונ׳ הב איר לון פֿון יסורים אך ניט ליב:

כר מסכת ברוכת פרק ה

**מעשה** עש גישאך דא רבי יוחנן בוזא קראנק וואר דא גינגאן זיינן תלמידים צו אים אונ׳ וואלטין אין מבקר חולי זיין אונ׳ וויא ער זיא זאך דא הוב ער אן צו וויינן דא זאגטין דיא תלמידים ליבר רבי אזו איין קעשלכיר מאן אז איר זייט איין הער אין דער תורה וועשט הלבן ווייבט איר · דא זאגט רבי יוחנן ווידר איין ליבן תלמידים ווארום זאל איך ניט וויינן ווען מן מיך זעלט דאך פֿירן פֿר איין מלך דער נייארט פֿלייש אונ׳ בלוט וועך דער דוך הייט לעבידגן איז אונט מארגן טוט אישט אונט ווען דער זולב שון איבר מיך צורנט זא ווער עש דאך קיין צורנן אויף איבגליך · דען אויף יעביר וועלט קאן ער מיר נישט טאן אונ׳ ווען ער מיך שון בענד אזו קענט ער מיך אך ניט אויף איבגליך בענדן · אונ׳ ווען ער מיך שון טיטט אזו קענט ער מיך דאך ניט אויף איבג טיטן דען ער קאן מיר מיין נשמה ניט נעמן אונט איך קאן אין דאך מיט גוטן ריד ביוויליגן דז ער פֿון מיר געלד נעם אונט לוש מיך גין · אונט נאך דעבוך זא וועראיך וויינן · אונ׳ נון איצונדר דש מן מיך וויל פֿירן פֿור דען מלך מלכי מלכים הקב״ה גילובט זייא זיין הייליגר נאמן דער דא לעבט אונ׳ שוועבט איוויקליך אונ׳ ווען דער זולבין זולט איבר מיר צורנן זא ווער עש איין צורנן דער איוויקליך ווער אונ׳ ווען ער מיך טיטט זא ווער עש איין טוט אויף איוויקליך אונ׳ מן קאן אים ניט מיט גוטן ווארטן דש מן אים איבר רעט דז ער זעלט שוחד נעמן · אונ׳ ניט דש ניט אליין איך האב צווייא וועגן פֿר מיר איין וועג איז דש גיהנום אונ׳ דער אנדר וועג דש אישט דאש גן עדן אונ׳ איך וויש ניט וועלכן מן מיך פֿירן וועט דרום ווי זאל איך ניט וויינן · דא זאגטן זיינן תלמידים ליבור רבי בענש אונש · דא

זאגט ער ווידר זיא עש זאל זיין דער וויל פֿון הקב״ה דז איר אייך וולט
פֿארכֿטן פֿור הקב״ה אזו פֿיל אז איר אייך פֿערכט פֿר דיא לייטן · דא
זאגטן זיא ליבר רבי ניט מין זאלין מיר זיך פֿערכֿטן פֿר דען היילגן
באמן אלז פֿר דען לייטן · ח״ו דש מיר ניט מין זאלטן מורא הבן פֿאר
הקב״ה אלש פֿר דען לייטן · דא זאגטן רבי יוחנן ווער וועלט דז איר אייך
זולט אלזו זיך פֿערכֿטין דען עש טוט איין מענש איין עבירה אונט
שפֿריכֿט זעלט עש ניארט קיין מענש זעהן אונ׳ שייך דאך הקב״ה
ניט דארן אוב ערש זיכֿט אדר ניט דער הלבן בענשט ער זיא דא מיט
דז זיא זיך זולטן זא זער וערכֿטן פֿר הקב״ה אלש ואר דיא לייטן :

## כה מסכת ברוכת פרק ראשון

מעשה נישאך אן רב׳ חונה דער האט פֿיר הונדרט פֿאס
מיט וויין · דיא ווארדן אים אל צו עסיך ווארדן · דא
גינגן צו אים רב׳ יודא דער וואר דער שוועשטר זון פֿון רב סלה חסידה
אונ׳ אנדרן רבנים אך דא זאגטן זיא ווידר דען רב חונה ליבר רבי זיך
אובטר דיינר ווערקין אובר דוא עפיש אונ׳ רעכֿיט גיטאן האשט דא
ביצאלט דירש הקב״ה אויף דיזר וועלט דער מיט דז דיר נישט אב
גיבראכֿן ווערט אויף יענער וועלט · דא זאגט רב חונה ווידר ליבן
רבונים זייט איר דען מיך עפיש חושד דש איך וואר עפיש אונרעכֿט
גיטאן האב · דא שפראכֿין זיא ווידר ליביר רבי מיינשטו דש הקב״ה
זיינם צדיקים עפיש ביז טוט ווען זיא עש ניט ואר דינן · דא שפראך
רב חונה ווידר אישט אייבר אובטיר אייך דער עפיש פֿון מיר גיהערט
הוט דער זגש דא זאגטן דיא רבונן מיר האבן גיהערט דוא האשט
דיין גערטניר אירן לון ניט גיגעבן · דא זאגט ער דאש ווער איין גניבה
גיוועזן אביר איך האבש ניט גיטאן · אך וויל איך מקבל אויף מיך זיין
דש איך אין איר לון גיגעבן האב · איין טייל לייט זגן דער וויין וואר ווידר
צו גוידים וויין דז דער עסיך ווידר צו וויין ווארד אביר איין טייל לייט זאגן
דער עסיך ווארד אזו טייאר דז ער אין אזו הוך פֿר קויפֿט דען עסיך
אלזו הוך אז ער דען וויין העט פֿר קויפֿט :

## כו מסכת ברוכת פרק ראשון

מעשה נישאך אן איינם דער האט גיהייסן רבי יוסי דער
זאגט איך בין איין מאל גיגנגן איבר פֿעלט אונ׳ בין
גיגנגן אין איין ווישטן הויז אונט דז אישט איין ווישט הויז גיוועזן פֿון

חורבות ירושלים הער אונ׳ האב וועלן איין תפילה דינן טאן · דא
אישט קומן אליהו הנביא זכור לטוב אונ׳ האט זיך גשטעלט אויף דיא טיר
פון דעם הויז אונ׳ האט אייבר גיווארט ביז איך אויז גיאורט האב · אונ׳
וויא איך האב אויש גיאורט · דא איז ער צו מיר גנאנגן אונ׳ האט מיר
שלום גיגעבן אונ׳ האט גיזאגט שלום עליך רבי · דא האב איך ווידר
גיזאגט שלום עליך רבי ומורי · אונ׳ ער זאגט ווידר מיך מיין זון ווארום
בישטו אזו אין איין זעלך הויז גנאנגן דז דוא דיין תפילה גיטאן האשט ·
דוא האשט וואל קענן אויף דען וועג דיין תפילה טון דען עש אישט
איין גרוש סכנה אין איין וויסטן הויז צו גין · דא האב איך ווידר גיזאגט
איך האב מיך גיפארכט ווען איך העט זעלן אויף דען וועג דיא לייט דיא
הין אונ׳ הער וואנדרן דיא העטין מיך איר גימאכט אין מיינר תפילה
דא האט אליהו הנביא ווידר מיך גיזגט דוא העשט זעלין איין קורצין
תפילה גיאורט אויף דעם וועג · דא האב איך דרייא ערלייא פון אים
גילערנט · איינש דז מן ניט זאל אין איין וושטן הויז גין אונ׳ דאש אנדר
האב איך גילערנט דאט מן מאג אויף דען וועג אורן · אונ׳ דאש דריט
האב איך פון אים גילערנט ווען מן אויף דאש פעליט אורט אזו זאל מן
קורץ אורן · דא שפראך אליהו הנביא ווידר צו מיר מיין זון וואש פר
איין שטים האשטו אין דער חורבה גיהערט · דא האב איך ווידר
אליהו הנבי גיזאגט איך האב גיהערט איין שטים וויא איין טויב דש
האט גיזאגט וויא דש איך מיין הויז פאר וישט האב אונ׳ וויא דש איך
מיין פאליש פאר ברענט הב · אונ׳ וויא דו איך מיין קינדור אלזו אים
גלות אום גין לוש צווישן דען אנדיר פעלקיר · דא זאגט אליהו ווידר
מיך מיין זון אזו וואר אז דוא לעבישט אונ׳ דיין קאפא אך לעבשט · ניט
אז דוא מיינשט דש דש קול איצונד אלזו שרייט בייארט אל מאל ווען
ישראל אין דער שול גין אונ׳ זאגן אמן יהא שמיה רבה זא פר וואגלט הקב״ה
זיין קאפא אונ׳ שפריכט וואל דעם מלך דעם מן אזו לובט אים זיינם
הויז אונ׳ וויא אישט דעם פאטיר דען זיין קינדר לאט גין אין גלות צווישן
דען אנדרן פעלקיר אונ׳ זיין צווישן זיא פר טריבן · אונ׳ וויא צו דיא
קינדר דיא זיין פר טריבן פון דעם פאטרש טיש אונ׳ גינג פון מיר
איין וועק:

כז מסכת ברוכת פרק ראשון

מעשה עש גישאך עש זאגט אבא בניאין ווען דש איינר
זעלט זעהן אל דיא שידים דיא אום דען מענש שטין

זא קענטע דער מענש ניט לעבן בלייבן · דען זיא שטין אום דען מענשין אלש צייון ווייש אזי לנג וויא איין בורכט דער דורך איין ווין גארטון גיט · דער בוא דיא שידים וויל זעהן דער ברעננ איין שווארץ קאץ דש איר מיטר אך איין שווארץ קאץ אישט געוועזן אונ׳ דש דיא זעלבינ איין בכורה אישט צו אירר מוטר ליב אונט דז דיא מוטר אך איין בכורה אישט געוועזן · אונ׳ נעם דיא שליה פון איר אונ׳ פאר ברענן זיא צו עש אונט טוא איין טייל פון איר אין אויגן אונ׳ דש אנדר זאל ער אין איין אייזן טאן׳ טון אונ׳ זאל עש מיט איין חותם צו מאכין דש אים ניקש דער פון גנומן ווערט זא קאן ער זיא זעהן אויש דעם אויגן · אביר ווען אים זאליט עפיש געגנפט ווערדן זא קענט אין דיא שידים ח״ו מזיק זיין · רב ביבי זון אבייה דער האטש איין מאל געטאן אונ׳ האט עש ניט רעכט געטאן דא ווארדן אים דיא שידים מזיק השי׳ דא מושטן דיא חכמי׳ ווידר תפילה טון אויף אין דש ער איז ווידר לעבדיג אונ׳ געזונט וואר:

## כח מסכת שבת פרק הרואה

מעשה אישט געשעהן אן איינם דער האט געהייסן בר חדיא דער קונט דיא טרוים גאר וואל אויש לייגן ווען איינם איין טרוים געטרוימט האט אונ׳ ווען מן אים געלט צו לון גאב דא לייגט ער דיא טרוים צו גוטן אויז · זא אבר איינר קיין געלט צו לון גאב אזו לייגט ער זיא איבל אויז · בוא עש טרויאט אביי ורבא איטליכים איין טרוים אביי דער גאב אים געלט צו לון דז ער אים זאל זיין טרוים אויש לייגן · אבר רבא דער גאב אים קיין געלט צו לון · אייבש מאל דא וואר אים געטרוימט דער פסיק שורך שבות לעיניך דש אישט טייטש איין אוקשין דער ווערט ווערדן געשעכט פר דיין אויגן · צו רבא זאגט דער בר חדיא דוא ווערשט דיין עסקים פר לירן אונ׳ ווערשט ניט קענן דער פון עסן פון וועגן טרויארקייט דיינש הערצן · אביר צו אביי זאגט ער פון וועגן דז דוא ווערשט פיל עסקים האבן אזו ווערשטו איין אקשין שעכטין אביר דוא ווערשט דור פון ניט קענן עשין פון וועגן פיל דיין עסקים אביר דוא ווערשט טרונקן פון וועגן פרייד דיינם הערצין · דער נאך זאגטן זיא ווידר עש האט אונש הייט געטרויאט וויא אונזר הויז טיר זיין איין געפלין · צו אביי לייגט הש אבר וואל אויש · אבר צו רבא זא זאגט ער דיין וויב ווערט דיר שטערבן · דיא טרוים טרויאטן אין גאר פיל דז אים גלייך געטרויאט העט רבא לייגט ער זי איבל אויש אונ׳ צו

אבייא ליגט ער זיא וואל אויש ווייל ער אים האט אודרום פֿיל געלט
גיגעבן אויף איין צייט דא פֿיר רבא אונ׳ בר חדיא מיט אנבדר איבר
איין וואשר אונ׳ וויא דער בר חדיא אויש דעם וושר שטיג דא פֿיל אים
איין ספֿיר אויז זיין בוזים דא נאם עש רבא אונ׳ לייאבט דרויש דא
שטונט אין דש בוך אל דיא חלומות דיא גיאן נאך דעם מויל נאך וויא
מן זיא אויש ליגט דעם מענשין דא שפראך רבא ווידר בר חדיא דוא
רשע וועשט הלבן האשטו דען איין טרוים אל צו בויזן אויז גילגט· אונ׳
אביי האשטו זיא אל צו גוטים אויש גילגט איך קאן וואל מסיק זיין העט
איך דיר אל מאל אך געלט צו לון גיגעבן וויא דיר אביי גיגעבן האט אזו
העטשטו מיר זיא אך צו גוטים אויש גילגט· נאך וועלט איך דיר אלש
מוחל זיין· זונדר דש וויל איך דיר ניט מוחל זיין אז דוא מיר האשט גיזאגט
איין וייב זאל מיר שטערבן הקב״ה זאל זיין ווילן דער צו געבן דז דוא זאלשט
ווערדן גיבנטפֿכט אין איין מלך הנט דער קיין רחמנות איבר דיך
זאל האבן· וויא דש בר חדיא הורט דא זאגט ער וואש זאל איך טון מיר
האבן גילערנט דיא קללה פֿון איינם תלמיד חכם דא קומט אויף
איינם ווען ער שון ביקש גיטאן האט מכל שכן דער רבא דער האט
איך צו רעכֿטים גיפֿלוכֿט מכל שכן דש זיין קללה ווערט אויף מיך קומן
איך וויל גין אונט וויל אין גלות אום ציהן דען מיר האבן גילערנט גלות
מכפר עון דש אישט טייטש ווען איינר אום ציכֿט זא פֿרגיבט אים
הקב״ה זיין זינד· אונ׳ אלזו צוג ער הין וועק אונ׳ צוג ביז גען רוים דא
ער בוא צו רוים וואר דא זעצֿיט ער זיך איין נידר פֿר איין מלך דינר
הויז דען מאן הייסט דען טורזינה דעש ווארגלייך איינר דש דען מלך
זיין אוצר מושט פֿרווארן· דא טרוימט דען זעלבן מן איין טרוים וויא
אים איינר איין נאדיל אין זיין פֿינגער גישטאכן· דא גינג ער ארויש
אונ׳ זאגט ווידר דען מאן בר חדיא וויא אים זולכֿיש גיטרוימט האט דא
פֿראגט בר חדיא אים האשטו מיר געלט צו לון צו געבן דא וויל איך דיר
אין בישיידן דא וואלט דער מאן אים קיין געלט צו לון געבן· דא וואלט
אים דער בר חדיא אך נישט זאגן דיא אנדר נכֿט טרוימט אין ווידר
וויא אים איין ווארים אין צווייא פֿינגר ווער גיקומן· דא זאגט ער עש
דען בר חדיא ווידר וויש עש ביטייט· דא זאגט ער ווידר גיב מיר
געלט צו לון דא וויל איך דירש זאגן דא וועלט ער אים אביר קיין געלט
צו לון געבן דא וועלט ער אים ווידר ניקש זאגן· דיא דריט נכֿט דא
טרוימט אים ווידר וויא אים ווער איין ווארים אין דיא גנץ הנט
גיקומן· דא זאגט ער עש ווידר דען בר חדיא וויא אים גיטרוימט העט

אזו האט ער ווידר געלט צו לון האבן׃ לסוף אז האט אים געליט געבן צו
לון אזו האט ער אים בישיידן׃ אונ׳ האט צו דען מאן געזאגט ווא אין
ווארים איז גיקומן אין דען אלך קליידר דיא ער פֿר ווארית האט. אובט
האט זיא גאר פֿר דערבט׃ אובט וויא עש צוא דער אלך דאש גיווער
ווארדא שיקט ער נאך דען טור זינה אונ׳ גבוט אן זאל אים טיטן וויל
ער זיין קליידר אזו האט לאשן פֿר דערבן׃ דא זאגט דער טורזינה
וועשט הלבן וויל מאן מיך טיטן לוט דען טיטן דער דאש גיווישט האט
אונ׳ האשט ביט גיזאגט איך האב עש יוא ביט גיווישט׃ דא ליש אן דען
בר חדיא הולן דא הילט אן אים עש פֿיר וועשט הלבן האט ערש ביט
גיזאגט ביז אן דען דריטן טאג דא אן העט אים אוזן געלט צו לון געבן
אונ׳ דיא קליידר ווערן אל צו שנדן גיגנגאן דער הלבן בישטו וואל ווערט
דש אן דיך טיטן זאל׃ דא גינג אן הין אונ׳ בוקט צווין טאנן בוים בידיר
אונ׳ בינדיט אן איטלכן בוים איין ביין אונ׳ ליש דיא בעם דער נאך
ווידר איבר זיך שנאפין דש איין איטלכים בוים איין שטיק הענגאן
בליב׃ דא ווארד דש רבא זיין פֿלוכן אן אים בישטעדיקט׃ דער
הלבן זאל איין איטליכר ביט איט פֿלשין הערצין אום גין דען עש בלייבט
דאך אם לעצטין ביט בישטין אונ׳ דער נאך האט ער דאך בישטדר
אין וויא דען בר חדיא אך אישט גישעהן׃ דיא איט פֿאלשין הערצין
וועלין אום גין׃

ד מסכת ברוכת פרק הרואה

**מעשה** גישאך דז איין מאל האט דאש מלכות גיוער גיוועזן אויף
ישראלן דז זיא ביט זאלטין תורה לערנן וואש טעט
רבי עקיבה ער זאמלט איין פֿיל פֿאלק פֿון ישראל אונ׳ זעציט זיך בידר
אונ׳ דרשת דא גיפֿאנט אין זיצן איינר דער היש פפוס בן יהודא דש
ער לערנט דא זאגט דער פפוס איין ליבור רבי פֿערכֿשטו דיך ביט
פֿר דעם מלכות דש פֿר באטין האט אן זאל ביט לערנן אונ׳ דוא זעציט
דיך אין נידר פֿר. אידר מאן אונ׳ לערשט תורה דא זאגט רבי עקיבה
ווידר פפוס בישטו דער פפוס דער איין גרושר חכם זאל זיין דז
אידר מאן זאגט פֿון דיינר חכמה דוא בישט ווערליך איין גרושר נר
דש היר איך אן דיינן רידן דען איך וויל דיר איין מושל זאגן וויא
דוא איך עבן גיאייכשט דוא טושט עבן אלש וויא איין פֿוקש דער גינג
איין מאל שפאצירן בייא איינם וואשיר אן דעם בורטין הין אונ׳ הער
דא זאך ער דיא פֿיש אין וואשיר הין אונ׳ הער לאפֿין דען אן וועלט זיא

איין דען וואשר פֿבנאן דש זיא זיך אים וואשר ניט קענט ביהאלטן ·
דא פֿראגט דער פֿוקש דיא פֿיש ווארם לֿפֿט איר אזו הין אונ׳ הער
אים וואשיר דא זאגטין דיא פֿיש ווידר עש זיין פֿישר אויף דאש וואשיר
דיא וועלין אונש פֿאנגאן דער הלבן לפֿין איר הין אונט הער דען איר
ווישן זיך אין וואשיר ניט צו האלטן · דא זאגט דער פוקש ווידר פאלגט
איר מיר אונט קוומט ארויש אויף דיא טריקנם זא וועלין מיר בייא
אננדר וואנן דש אונש ניאן נישט טון קאנט · דען ער מיינט דער
פֿוקש ער וועלט דיא פֿיש אזו ארויש שנעלין דער נאך העט ער זיא
גנעשן · דא זאגטן דיא פֿיש ווידר דען פֿוקש זאלשטו דער קלינגשט
אונטר דען חיות זיין דוא בישט ווארליך איין נרושר נר דען ווען מיר
אין וואשר זיין אזו קאנן מיר זיך ניט ביהאלטן פֿר דיא לייטן · מכל שכן
ווען מיר ווערן אויף דיא טריקניש זיין אז מיר ווערן זיא זיך ניט קענין
ביהאלטין פֿר דיא לייטן · אזו שפראך דער רבי עקיבה ווידר דען
פפוס אך דוא ווילשט איין גרושר חכם זיין אונ׳ דוא בישט איין גרושר
נר דען ווען איך שון תורה לערנן דא שטיט דאך דער בייא גשריבן
כי היא חייך ואורך ימיך דש אישט טייטש דיא תורה אישט דיין לעבן
אונט דער לענגט דיר דיין לעבן נאך דעם טוט · ווערלט איך מיך ואר
דעם סלכות מכל שכן ווען איך ניט זעלט תורה לערנן · נון ניט לנג
דער נאך דא ווארט רבי עקיבה תופס אונ׳ ניט לנג אך דער נאך וואר
פפוס אך תופס אונ׳ ווארט אך צו רבי עקיבה אין זיינר תפיסה ארייין
גיתפסט דא זאגט פפוס וואל דיר רבי עקיבה אז דוא בישט ווארדין
גיפֿנגן פֿון דיינר תורה לערנן הלבן אונ׳ וויא דיא פפוס אז דוא בישט
ווארדן גיפֿנגן פֿון ווענין שלעכטן זכין · דא מאן נון רבי עקיבה אויש
צוג דש מן אין זולט ואר ברענין דא וואר עש עבין צייט קריע שמע צו
אורן אונ׳ מן שטרעליט רבי עקיבה מיט איינם אייזרם שטרעל זיין גנץ
הויט אונט ער אורט דוך אוומדהן פֿארט דאר ווארטן דש ער וואלט
דיא מיתה אויף זיך אנטפֿנגאן פֿון הקב״ה פֿון ווענין זיינר גרושה
ליבשפֿט הלבן דא זאגטן זיינן תלמידים ליבר רבי איר האט בון גנוג
גיאורט דא זאגט רבי עקיבה איך האב מיך אל מיין טאג מצער גיוועזן
אויף דען פסוק בכל לבבך ובכל נפשך דש אישט טייטש דוא זאלישט
גוט ליב האבן מיט דיינם הערצן דש מיינט ווען מן שון דיר דיין לייב
אונ׳ דיין הערץ וויל נעמן אזו זאלשט אין דאך ליב האבן · דא האב איך
בון גידאכט ליבר גוט ווען וועט אש בוא דער צו קומן דז איך ווער קענן
דיזן פסוק בישטעדיגן אונ׳ איצונט דז איך קאן אין בישטנדיגן זאל

איך דען אויף הערן צו אורן אובט זאל קריע שמע ניט פֿולינט אויש אורן דא דינט ער אזו לנג איבר דען אחד ביז איס זיין נשמה אויש גינג אין אחד דא קאם איין שטים פֿון היאול אונ׳ זאגט וואל דיר רבי עקיבה דז דיין נשמה אישט אויש גנאנגן מיט אחד · דא זאגטן דיא מלאכים פֿור הקב״ה הער אל דער וועלט אישט דש דיא תורה אונ׳ איר לון · דש דער רבי עקיבה אזו גאר יעמרליך אום קומט ער זאלט פֿון דיינר הנט זעלבש גשטארבן זיין הער אל דער וועלט ער זאלט בֿון עלטיר ווענן גשטארבן זיין אונ׳ ניט בֿון איינר זעלכֿין מיתה משונה אונ׳ אין הענט דער גוים · דא קאם ווידר איין שטים בֿום היאל אונט זאגט וואל דיר רבי עקיבה דז דיין נשמה אישט אין אחד אויש גנגן אונ׳ דא דוא בישט בריית צו לחיי עולם הבא אונט דוא קומשט אין דאש ליכט גן עדן אמן סלה:

## ל מסכת תרומה בתלמוד ירושלמי

מעשה גשאך אן איינם קצוף דער וואנט אין ציפורי דער גאב דן יהודים איידיל טריפה פֿלייש פֿאר בושר פֿלייש צו קויפֿן · דען דער קצוף דער ווער איין יוד גון בינב עש זיך איין מאל דז ער זיך פֿול טראנק אן איינם ערב שבת אונ׳ ער גינג אויף דאש טך אונט פֿיל איין הראב אונ׳ פֿיל דען הלז אב דש ער גלייך טוט וואר · דא קאמן דיא כלבים אונ׳ לעקין דאש דם פֿון דען קצוף אויף: דא קאמין דיא לייט אונט פֿראגן רבי חנינה וויא זיא זיך זאלטין מיט דען הורן הלטין · אוב זיא אין זאלטין צו קבורה טון אודר ניט דען דיא כלבים דיא עשן זיין בלוט · דא זאגט רבי חנינא עש שטיט גשריבן אין אונזר היילגן תורה ובשר טריפה לא תוכילו לכלב תשליכן אותו · דאש אישט אזו טייטש אונ׳ פֿלייש דש דא טריפה אישט ניט איר זאלט עשן בייארט צו דען כלבים זאל איר עש ווארפֿין · אונ׳ דער דאזיג קצוף דער האט דען הונדן דש איר גנומן דען דאש טריפה פֿלייש האט ער יודן פֿר קויפֿט וואש דען הונדן האט געהערט נון קומן דיא הונט אונ׳ עשן דאש איר ווידר פֿום דען קצוף דער הלבן לוט זיא עשן דען זיא עשן וואש איר אישט דער הלבן לאט דען רשע ליגן אונ׳ בינראבט אין ניט לוט דיא הונט זיין פֿלייש עשן וואש איר אישט גוועזן:

## לא ניטין פרק השילח

מעשה גשאך אן איינם מענשין דער גאב איינר אלמנה

איין גאלד גילדן צו ביהלטין אין איינם טייארן יאר אונט דער מאן דער
האט דען גאלד גילדן אין איין קרוג גילגט דער וואר פול מיט מעל אונט
דיא גוטה פרויא דיא האט דאש מעל גיבאקין אונ האט איין קוכן דרויש
גימאכט אונ' דיא פרויא האט דען קוכן איינם עני גיגעבן אונט דיא
פרויא האט ניט גיוויסט דז דער גילדן אישט דרינן גיוועזן · ניט לנג
דער נאך דא קאם דער מאן אונ' וואלט דען גילדן פון דער פרויא
האבן דז ער האט איר אויף צו היבן גיגעבן · דא זאגט דיא פרויא ווידר
דען מאן האב איך איין הנאה פון דען גאלד גילדן גיהט אזו זאל איין קינט
איין סם המות עסן דש עש שטערבן זאלט דא האבן דיא לייט גיזאגט
עש שטובט ניט לנג דער נאך אן דש דער פרויא איין קינט שטורב
אונ' דא נון דיא חכמים דאש הורטין דא זאגטן זיא זיך דוך דיא פרויא
דיא האט דאך רעכט גישווארן דען זיא האט דאך ניט גיוואשט דז דער
גאלד גילדן אין דען קוכן איז גישטעקט נוך דענוך האט זיא הקב״ה
גישטראפט דש איר איין קינט גישטורבן אישט מכל שכן דז איינר
ניט זאל שקר שווערן אונ' וויל יוא דיא פרויא האט שקר גישווארן דען
זיא האט יוא גישווארן זיא האט קיין הנאה פון דען גילדן גיהט אונ' זיא
האט יוא איין הנאה פון דען גולדן גיהט דען זיא האט דען טייג גישפרט
דא דער גאלד גילדן דרינן לוג דער הלבן האט זיא הקב״ה גישראפט
דער הלבן איר ליבן לייט · זעלט וואש דאש מעשה בידייט טוא איין
איטליכיר רעכט שווערן : זא טוט אים הש׳ ניקש ביז צו קערן : אונ'
טוט אים זיין קינדר מערן :

לב סליק מסכת סנהדרין פרק דיני מומנות

מעשה עש זאגט שמעון בן שטח אזו וואר זאל איך זעהן דז ציון
ווידר זאל גיבויט ווערדן · אזו ווער דז איך האב גיזעהן
דז איינר דז איז זיינר חבר נאך גילופין אישט אין איין וויסט הויז אויף
איינם פעלד אונ' איך בין אך נאך גילאפין דא האב איך גיזעהן דז בלוש
שווערט אין זיינר הנט אונט דאז בלוט אישט נאך אם דאש שווערט
גיוועשט דאש בלוט האט נאך פון דאש שווערט גיטראפט אונ' דער
דען איז נאך גילאפן דער אישט טוט גיוועזן אונ' האט נאך איין וויגק
גיצאפילט דא האב איך ווידר דען רוצח גיזאגט דוא רשע ווער האט
דען הורג גיוועזן דש מוז איך אביר דוא האבן גיטאן אביר וואש זאל איך
טון דיין בלוט אישט ניט אין מיין הנט גיליפרט דז מיינט איך דרוף דיך
ניט מיתת זין דיא וויל איך עש האב אליין גיזעהן דען דיא תורה האט
טון זאגן ווען איינר צוויא עידים הוט דאש מן איינם האט מיתת

גוועזן אזו זאל ער ווערדן גיטיט אביר וויל איך האב עש אליין גזעהן זא
בידרף אין איינם ביט מיט אינם עד מיות. זיין אביר השי' דער אל
גדנקין וויש דער זאל פֿון דעם ביצאלט ווערדן דער דען מיתית האט
גוועזן. דא האבן דיא חכמים גזאגט דער שמעון בן שטח דער וואר
ביט פֿון דער שטאט גנגאן דא וואר איין שלנג גקומן אונ' האט דען
רוצח טוט גבישין דש ער טוט אויף דער שטאט לאג דער הלבן ליבן
לייט זעלכט וויש דאש מעשה ביטייט. דען השי' דער לוט ביקש אין
רעכֿיט אין ביצאלט:

## לג מסכת עבודה זרה פרק ראשון לפני אידיהן

**מעשה** רבי דער האט איין היל אונטר דער ערדן דיא גינג
פֿון זיינם הויז אן ביז צום הויז דעז קיסרש אנטונינוס
דזאן קאן אונטר דען ערדן. גן פֿון דען קיסרש הויז ביז אין רבי הויז
דען דער קיסר גינג אלי טאג צום רבי לערנן אים סוד אונ' ווען ער
בון וואלט צום רבי גן לערן דא גינג ער אונטר דער ערדן דער מיט דז
ביאן גיוואר וואר אונ' אלי מאל ווען ער דורך דיא היל גינג אזו נאם ער
צוויא קנעכט מיט דען ער מאכט ביט אליין גן דורך דיא היל. אונט
אל מאל וואר ער איינם פֿון דיא צוויא קנעכטן מיתית ווען ער פֿור
דיא טיר פֿון רבי קאם אונט. דעם אנדרין וואר ער מיתית ווען ער
ווידר פֿון רבי אין היים. קאם דז ער ווידר פֿר זיין טיר קאם דז ער
גבן ווידר דורך דיא היל וואר גנגאן דאר מיט דז עש ביאן גיוואר וואר
דז ער תורה. לערנט אויף דער צייט שפראך דער קיסר ווידר צום
רבי ליביר איך ביט דיך אין דער צייט אז איך קום צו דיר לערנן אזו
לאז גאר קיין מענש ביא. דיר זיין. איין מאל קאם דער קיסר צום
רבי לערנן דא פֿאנט ער רבי חנינא בן חמה בייא רבי לערנן דא דער
שראך דער קיסר גאר זער אונט שפראך ווידר רבי איך האב דיר
דאך גזאגט אין דער צייט אז איך צו דיר קום אזו זאלשטו גאר קיין
מענש ביא דיר האבן אונ' ווארום האשטו עש ביט גהלטן אונ' האשט
איינם בייא דיר אונ' דוא ווישט וואל אז איצונט איז איין צייט אז איך צו
דיר קום לערנן. דא שפראך רבי ווידר צום קיסר דאש איז קיין
מענש ביט בייארט איין מלאך. דא שפראך דער קיסר ווידר איז ער
דען איין מלאך אזו לאז ער ארויש גן אונ' לאז מיר הייש דען אריין גן
דער דושין ליגט אונ' שלאפֿיט דא מיינט ער דען ער האט דושין גיטיט
אזו זאל ער ווידר לעבינדג מכן דז ער ווידר צו אים קעם: דא גינג
רבי

רבי חנינא איין נויש דא פאנט ער וויא דער מאן דא טוט וואר דא
גפראגט רבי חנינא וואש זאל איך טון זאל איך דען מלך זאגן וויא דער
מאן טוט ווער איז זאגט קיין ביזן שאוע גערבן · זאל איך דען ווידר
איין וועק גן אונ׳ זאל דען טוטין ליגן לאשן אונ׳ זאל דעם מלך ביקש ווידר
זאגן איז פר שוועך איך אין זיין מלכות · דא טעט רבי חנינא תפילה דש
דער מאן ווידר לעבנדיג ווידר וואר אונ׳ דער מאן גינג ווידר ארײן צום
מלך · דא דער שראך דער מלך גאר זער אונט זאגט איך וויש וואל
דז איר מיט אייער תפילה קענט איינם ווידר לעבנדיג מכן וויא דיזר
רבי חנינה אך גיטאן האט מיט דיזם מאן · נוך דענוך ביט איך דיך
ווען איך צו דיר קום לאש ניאנט ביא דיר זיין אונ׳ אלי טאג דינט דער
קיסר רבי צו טיש מיט עשין אונט מיט טרינקין · אונ׳ ווען דער רבי
וואלט אין זיין בעט וואלט שטייגן איז בוגט זיך דער קיסר דז דער רבי
קונט אויף אים שטייגן דז ער אין זיין בעט קענט קומן אונ׳ שפראך
דער קיסר שטייג אויף מיך אז דוא אין דיין בעט קאנשט קומן דא זאגט
רבי ווידר דען קיסר דאש זאל ניט זיין דען דש איז ניט דער סידר אז
מן איין מלך פר שמעהן זאל · דא שפראך דער קיסר ווידר ליביר רבי
איך וואלט גוט איך זאלט זיין דיין קנעכט אונט איין שעמיל צו דיינם
פישן אויף יענער וועלט · אונ׳ ער שפראך דער קיסר ליבור רבי ווער
איך אך חלק לעולם הבא האבן דא זאגט דער רבי ווידר דען קיסר יא
דא זאגט דער קיסר ווידר עש שטיט דאך גשריבן עש ווערט ניט זיין
איין איביר בלייבונג צו דעם גזינט עשיו · דא שפראך דער רבי עש
מיינט איז דער דא טוט דיא ווערק פון עשיו דא זאגט דער קיסר ווידר
עש שטיט גשריבן דוך אל איר מלכים אונ׳ אל איר נשיאים אונ׳ איר
שרים אונטר אדום זיא ווערדן פר ווישט ווערן · דא שפראך רבי
ווידר עש מיינט איר מלכים איין טייל פון איר מלכים אויש גנומן
אנטונינוס זון אסוירוס · אונט איר נשיאים אויש גנומן קטיאה זון
שלום דער האט זיך אך מגייר גוועזן איר האבן גלערנט דש זיך דער
קיסר אנטונינוס זון אסורוס אך האט מגייר גוועזן פאר זיינם טוט:

לר מסכת עבודה זרה פרק ראשון

מעשה קטיאה זון שלום אין זיינר צייט דא וואר איין קיסר
דער וואר יהודים זער פיינט דער קיסר שפראך
צו זיינן יועצים אונ׳ דער קטיאה דער וואר אך איינר פון זיינן יועצים
ועלכיר איין אלטין שאדן האט אונ׳ האט פויל פלייש דינן וואקשין וויא

זאל ער אים טון זאל ער דאש פֿלייש ארויש שניידן דא איט דז ער גיזונט ווערט· אודר זאל ערש בלייבן לאשין אונ׳ זאל דען וויא טאן פֿון דעם אלטן שאדין ליידן· דאש אושל רעט דער קיסר אויף דיא יודן דען ער האט זיא גערנן אונגרש גיוועזן· דא שפראך דער קטיאה ווידר דען קיסר דוא קאנש דיא יודן ניט פֿר דרבן אודר פֿר טרייבן· דען עש שטיט גישריבן אלש פֿיר דיא ווינט דער וועלט האב איך זיא פֿר שפרייט דאש מיינט אזו ווינק דיא וועלט קאן בישטין זונדר ווינט· אזו ווינק קאן דיא וועלט בישטין זונדר יודן דער הלבן קנשטו זיא ניט פֿר טרייבן· אונט נאך אין ווען דוא דיא יודן זעלשט פֿר דערבן· אזו וועד אין דיך היישן דער פֿר שניטן קינג· דא שפראך דער אלך דוא האשט מיר גאר רעכֿיט גיענטפֿרט אביר ווער דען אלך מיט זיינר אנטוואורט איבֿיר ווינט· וויא דוא מיך הושט איביר זינט דען ווארפֿט אין איין אובן פֿאליר זאנט דש ער דארינן מוש דר שטיקן· אונ׳ נאך אין דוא האשט מיך פֿאר שמעלֿט דוא האשט מיך גיהיישן איין פֿר שניטן קינגרייך· אונט אזו נאם אין אים אונט וואלט אים איין וועק טון· פֿירן דש אין אין איין הויז פֿול זאנט ווארפֿין זאליט דא זאך אין איין שרשה פֿון רוים דיא זאגין צו אים וויא דען שיף דש און מכס גיט· דז מיינט אזו דער קטיאה דער וויל זיך לאשן טיטין פֿון וועגן דען יודן הלבן אונט דוא מיינשט אך דער דורך חלק לעולם הבא קומן אונ׳ דוא בישט ביט גיודשט· איין טייל זאגן וויא ער דאש הוירט דא שניד ער זיך זיין מילה זעלברט אב אונ׳ איין טייל זאגן ער פֿיל אויף זיין מילה אונ׳ בים מיט זיין מויל זעלבש אב אונט זאגט איך האב מכס גיגעבן· אונט וויא אן אים וועלט אין דש הויז פֿולר זאנט ווארפֿין· דא שריא ער אל מיין מומן זאל זיין צו רבי עקיבה אונט צו זיינם חברים דא קאם איין שטים פֿון היאל אונט זאגט קטיאה בר שלום אישט ברייט לחיי עולם הבא דא רבי דאש הוירט דא הוב ער אן צו שרייאן אונ׳ זאגט מענכֿיר טוט פֿיל גוץ אל זיין לעבן טאג אונט האט דאך שיקן דש ער חלק עולם הבא הוט אונט מענכֿיר קויפֿט זיין חלק עולם הבא אין איינר שעה אלש דיזר קטיאה זון שלום דער האט אין איינר שעה חלק עולם הבא גיקומן וויל ער זיין געלט האט פֿר מאכֿיט רבי עקיבה אונ׳ זיינן חברים :

לה

## מסכת תענית פרק שלישה

**מעשה** רבי חנינה דער האט איין וויב דיא זעלבין פֿרויא

דיא

דיא האט איין סידר אן איר דש זיא אלין ערב שבת דען בך אובן היציט
מיט איידיל וואלר ריבין דינן קרייטר דש עש איין רויך גאב· דער
ווארטן דש דיא לייט זעלטן מיינן זיא בעך אלי פֿרייטג ברוט אונ׳ קוכן·
דען זיא שעמט זיך דש זיא אזו גאר ארים ווער· אונ׳ זיא האט אין בינן
בוך פֿויארן דיא גדולה אין אירן זין איך וייש וואל אז דיא לייט ביקש
איר איינן האבן וויש קענן זיא דען אלי פֿרייטאג בכן אונ׳ גינג אן
איינם פֿרי טאג וויא זיא דען אובן היציט אונ׳ קלאפט אן דיא טיר אונ׳
שפראך לאז מיך אביין· דיא גוט פֿרויא דיא טעט איר אויף אונ׳ ליז זיא
אביין· אונ׳ זיא לוף אזו בלד פֿר איר היבטר אין דיא שויאר· דא גשאך
איר איין צייכן דז דער אובן פֿולר ברוט וואר אונ׳ דיא מולט פֿולר טייג
וואר· דא רופֿט דיא פֿרויא דיא צדקת אונ׳ זאגט קום בלד אונ׳ טוא
דאש ברוט אויז דען אובן אביר עש וועדר דיר זינשט פֿר ברענן· זא
זאגט זיא איצונדר קום איך· איין טייל זאגן זיא ווער גוואנט דש איר
ניסים גשאכן אונ׳ זיא שפראך איך בין דרום איין היבטיר גגנגאן
איך האב וועלין דיא שויבֿיל הולן· איין מאל זאגט זיא ווידראירן מאן
רבי חנינה וויא לנג זאל מיר נאך אזו ארמט ליידן טוא תפֿילה אז מן
דיר פֿון דען הימול איין טייל איין ראב גיבט בון וועגן דיינן גוטן מעשים
דיא דוא אן דיר האשט דא מיט אז מיר ניט אזו גאר ארים אויף דען
עולם זיין· דא טעט ער תפֿילה דא גינג אויש איין הנט אויש דען
הימול אונ׳ גאב אים איין גולדן פוש פֿון איין גולדנן טיש דז ער רייך
וואר· אין דער נכט דא קאם דיא גוטי פֿרויא פֿער וויא דיא צדיקים
אויף יענם עולם ווערדן עשן אויף איין גולדן טיש מיט פֿיר פֿושן אונ׳
זיא בייד ווערדן עשן אויף איינם טיש מיט דרייא פֿושן אויף איינם
ברעך הפֿטיגן טיש דש זאגט זיא אירם מאן· דא זאגט דער גוט רבי
חנינה וויא זאל איך דען טאן דא שפראך זיא טוא תפֿילה ווידר אז מן
דיר דען פֿוש וויטר בעמיט אזי טעט ער תפֿילה דז מן האט דען פֿוש
ווידר גנומן· מיר האבן אזו גלערנט דש מן דען פֿוש ווידר פֿון אים
נאם דאש וואר איין גרעשר נס אלש מן אים דען פֿויש גאב דען
דער סידראישט מן גיבט פֿון דען הימול אביר מן נעמט ניקש ווידר
אויף דען הימול:

לו

מעשה

איין מאל אן איינם פֿרייא טאג דא זאך דער רבי
חנינה דש זיין טאכטיר גאר טרויארין וואר· דא
פֿראגט

פראגט ער זיא ליבה טאכטיר ווארום זיכשטו אזו גאר טרוירין וואש איז דיר גישעהן דא זאגט זיא דא איך האב וועלן צינדן ליכט אויף שבת אזו האב איך גימיינט איך האב האש איל קריגל דער ווישט זא האב איך דאש עסיך קריגלין דער ווישט אונ׳ האב דיא לאמפא מיט עסיך גיפילט דא הוב דער רבי חנינה אן מיין טאכטיר דער הלבן דרעשטו ניט טרויארין זיין · דער דאש איל האט הייסן ברענן דער קאן דען עסיך אך הייסן ברענן איר האבן גילערנט דיא זעלבין ליכט דיא האבן גיברענט ביז דש מן דיא הבדלה קארץ האט פון דיא לאמפא אן גיצינט דיא מיט עסיך גיפילט גיוועזן ·

## לז מסכת תענית

**מעשה** דער רבי חנינה דער האט צינגן דיא לייט דיא זאגן ווידר אין אייער צינגן דיא טובן אובש שאדן אים פעלד דא זאגט ער ווידר טובן זיא אייך שאדן זאגעבגוט דז זיא דיא בערן עשין · טוט איר אין אביר אין רעכיט זא געבגוט דש איין איטליכן צינג צו אובנט איין בער מיט ברענגט אן איר הערניר צו טראגן · צום אבנט דא בראכט איין איטלכי צינג איין בער מיט צו טראגן אן זיינן הערניר · דא זעכטן מן וואל דש מן זיין צינגן אונרעכט גיטאן האט דז זיא דיא לייטן קיין שאדן גיטאן האט · דא פראגט דיא גמרא ווא הער קאמן רבי חנינה דיא צינגן דען ער ווער דאך אזו ארים אזו ער נישט האט וויא איר הא אובן גילייאט האט ער שפראך רבי פינחס איך וויל אייכש זאגן עש גישאך אויף איין צייט איין מעשה אן איינם הינר טרעגיר דער טרוג איין גבצין קארפא מיט הינר פר רבי חנינה הויז אונ׳ דער זעלביג מאן דער ליש צוויא היניר שטין בייא דער טיר פון רבי חנינה דיא האט ער פרגעשין אובט רבי חנינה ווייב דיא האט דיא היניר אויף גיהובן אונ׳ דיא הינור הובן אן אונ׳ ליגן אייער דא הוב אן ר׳ חנינה צום זיינן ווייב זיא גיווארנט אונ׳ היב דיא אייער אויף דיא דא היניר ליגן אובט פר טוא קיינש דער פון דען דער מאן מעכט ווידר קומן דעם דיא הינור זיין גיוועזן אונ׳ מעכט זיא ווידר בינערן זא קענן מיר דיא אייער מיט דיא הינור ווידר געבן · אזו זאלט דיא גוטי פרויא פיל אייער אובט דיא הינור בעיטון דיא הינור אויש אונ׳ קריגן פיל יונגאן הינור אונ׳ דיא זעלבינגן אייער אונ׳ דיא זעלבינגן יונגאן הינור דיא ער פון דיא הינור קרוג דיא דער הינור טרעגיר פר געשן האט דא פר קויפט ער אום געלט אונ׳ אום דאש זעלבג געליט קויפט ער צינגן דרום ·

דרום · אויף איין צייט גינג דער נאך דא גינג דער היניר טרעגר פֿר רבי חנינה הויז פֿיר דא זאגט ער ווידר זיין גיזעלן דעם ער בייא זיך האט איך בין איין מאל גיגאנגן מיט היניר פֿר דיא טיר אונ׳ האב לאשן שטין צווייא היניר פֿר דיא טיר דיא האב איך פֿר געשין מיט צו נעמן · אונ׳ וויא דאש רבי היניר טרעגר דאש זאגט דא האט דאש רבי חנינה גיהורט אונ׳ רופֿט דען היניר טרעגר אין זיין שטוב אונ׳ שפראך צו אים קאנשטו איין סימן אן דיא היניר זאגן דיא דוא האשט פֿר געשין · דא שפראך ער יוא אונ׳ גאב סמנים אן דיא היניר דא גאב אין רבי חנינה דיא ציגן דיא קאמן פֿון דיא היניר הער אונ׳ דאש ווארן דיא ציגן דיא דא בערין מיט היים פֿום פֿעלד ברוכֿטן :

## לח    מסכת עֹו פרק לפני איריהן

**מעשה** אנקלוס בר קלוניקוס דער וואלט זיך מגייר זיין דא ווארד עש דער קיסר גיוואר אונ׳ שיקט עטליכֿן לייט נאך אים ער זולט מיט אינן צו אים קומן אלש בלד זיא צו אים קומן דא רידט ער זא פֿיל מיט אינן אויש דער תורה אז זיא זיך אך מגייר גיוועזן האבן וויא דאש דער קיסר נון אך גיוואר ווארד · דא שיקט דער קיסר נוך מיר לייט נוך אין אונ׳ פֿר בוט דיא זעלבגן לייט זיא זאלטן קיין ווארט מיט דען אונקלוס רידן אונ׳ זיא זאלטן אים צו אין ברענגן אונ׳ וויא זיא צו אים קומן אונ׳ וואלטן ניקש מיט אים רידן אונ׳ פֿורטן אין איין וועק דא זאגט ער איך מוז עפיש מיט אייך רידן דאש וועטליך איז אונ׳ גינג פֿר איין מזוזה הער דא גריף ער דארן אונ׳ הוב אן צו לכן · דא פֿרוגט זיא אים ווארום ער לכֿט דא זאגט ער אזו דער סדר פֿון עולם אישט אזו איין קרדינאל דער טראגט דיא שטאל קארץ פֿאר דעם הערן אובט היט דעם הערן אוישן פֿר זיינן גימאך דא מיט אז אין קיין שאדן ווידר פֿורט אונ׳ דער מלך בלייבט אינן ווינק אויף זיבן שטול זיצן אביר הקב״ה גילובט זייא זיין הייליגר נאמן דער אישט ביט אלזו דען ער זיצט אוישן בור דער טיר אובט בהיט זיין ליב פֿאלק ישראל דיא אינן ווינק זיצן דרום שטיט דיא מזוזה אוישן ווינק אלש מיר זאגן גיט בהיט מיין איש גן אונ׳ מיין היים קומן פֿון איצונטר אן ביז איבגליך וויא זיא דאש הורטן אזו ווארן זיא זיך אויך מגייר וויא דש נוא דער קיסר דאש גיוואר ווארד דא שיקט ער נוא קיינן מיר נוך אים דען ער פֿורכֿט זיך זיין פֿאלק ווער זיך גאר מגייר זיין אונ׳ ער ווערט קיין פֿאלק מיר בהאלטן :

מעשה איינר דער היש אבא אומנה דעם קאם אלן טאג
איין שטים פֿון הימל אונ׳ צו אביי קאם אך איין שטים
פֿון דעם הימל פֿון איינם ערב שבת צו איינם ערב שבת אונט צו
רבא קאם אלי ערב יום כיפור איין שטים פֿון דעם הימל הראב·
דא גהוב זיך דער אביי גאר איביל אונ׳ טעט אים וויא דש דיא שטים
פֿון הימל מין קאמן צו אבא אומנה אלש צו אביי דא זאגטן דיא לייט צו
דעם אביי דוא קאנשט ניט אזו פֿיל גוטש טון אלש דער אבא אומנה·
וואש ווארדן נון דיא ווערק פֿון דעם אבא ער וואר איין אודר לאזיר אונ׳
האט צו דיא מאנן איין בזונדר חדר ווען ער אין וואלט צו דער אדר
לאשין· אונ׳ האט צו דיא ווייבר אך איין בזונדר חדר ווען ער זיא
וואלט צו דער אדר לאזין· אונ׳ ער האט אך איין בזונדר קלייד צו דיא
ווייברן דז ער זיא אן טוט ווען ער זיא צו דער אדר לושט דער וואָרטין
דז ער דיא ווייברן איר בלוש לייב ניט זעכֿט· אונ׳ אך האט ער איין
ביקש אן דער וואנט הענגן דא ווארפֿט איין איטליכר זיין לון זעלברט
דריין· ווען ער גלאזין האט דאש טעט ער אך דרום דז ער קיינן
וואלט בחרפה מכן דען עש קאם אפֿט דז איינר האט צו דער אדיר
אונ׳ האט קיין געלט ניט אונ׳ ווען ער האט אים זעלין געלט אן היישן זא
ווער ער בחרפה גווארדן אלזו שפראך ער צו איינם ווען ער גלאזין
האט ווארף דיין לון דארטן אין יענן ביקש דא מיט דז ערש ניט זעהן
וואלט אוב איינר געלט דריין ווארף אבר ניט האט דען איינר קיין געלט
אזו טעט ער אז ער מעכט געלט דריין ווארפֿין דא מיט דז ער ניט
בחרפה ווארד אונ׳ ווען איין תלמיד חכם קאם דער דא צו דער אדר
וואלט לאזין דא נאם ער קיין געלט פֿון אים אונ׳ ווען ער וואלט ווידר
איין וועק גין דא גאב ער אים געלט דער צו אין בייטל אונ׳ זאגט צו אים
גיא הין אונ׳ קויף דיר דארום עפיז גוץ צו עשן דא מיט אז דוא דיך ווידר
שטערקשט דיך אונ׳ איין פֿריש געבליט ווידר קריגשט· אויף דער צייט
דא שיקט דער אביי צווייא רבונים צו דעם אבא אומנה אונ׳ וואלט
אים פֿאר זוכן אוב ער אזו פֿרום ווער מיט אנדר דינגן· דא זיא
נון צו אינן קאמין דא גאב ער אים צו עשן אונ׳ צו טרינקין אונ׳ טעט
אים פֿיל כיבודים אן אלז זיא וואל ווערט זיין געוועזן אונט לגט זיא אין
איין גוט בעט אונט דעקט אין פֿיל גוטן קליידר איביר דא עש נוא
ווידר טאג ווארד דא שטובן דיא צווייא רבונים פֿריא אויף אונט

נאמן

נאון פֿיל גֿוטן קלֿיידר מיט איבן הין וועק· אוכֿ דא זיא אויף דען מארק גֿיגֿאן זא זאכֿן זיא דען אבא אומנה אויף דען מארק גֿן דא גֿיגֿאן זיא צו אים אונט זאגֿטן צו אים לֿיבֿיר שעץ דוא אונש דיא קלֿיידר וויש זיא ווערט זיין· ער שעצט זיא אום איין גֿעלֿט אז זיא וואלֿ ווערט זיין. דא שפֿראכֿן זיא צו אים פֿיל לֿייכֿט זיין זיא מין ווערט אז דוא זיא האשט זיא גֿישעצט דא זאגֿט ער צו איבן אום דאש גֿעלֿט אז איך זיא גֿישעצט האב אזו וואלֿט איך זיא דרום קויפֿן· דא שפראכֿן דיא רבנים ווידר צו דעם אבא אומנה נעם הין דיין קלֿיידר זיא זיין פֿאר הין דיין אונט זיא זאגֿטן דיא צוויא רבנים צו אים לֿיבֿיר זאגֿ דוא אונש וואש האשטו אונש חושד גֿיוועזן דא מיר דיא קלֿיידר האבן מיט אונש איין וועק גֿינומן· דא שפראך ער איך האב גֿידאכֿט איר האט גֿיפֿאנגֿן לֿייט דא וועלֿט איר דער מיט אויש לֿיזן אונט האבט אייך גֿישעמט אז איר מיר עפיז אן היישן דא שפראכֿין זיא נעם דיא קלֿיידר ווידר דא זאגֿט ער איך האב זיא גֿלֿייך הקדש גֿימאכֿט אונט וואלֿט זיא ניט ווידר נעמן· דעם רבא טעט וויא דש צו אביי אין דיא שטים קאם אלֿש צו אים· דען צו אביי קאם אלֿין ערב שבת דיא שטים פֿום דעם היאולֿ אונט צו רבא אלֿין ערב יום כיפור דא ווארט דעם רבא אים חלֿם גֿיוויזן אונט ווארד אים גֿיזאגֿט דוא דרפֿשט דיך דער הלֿבן ניט מצער זיין דען עש איז גֿינוגֿן דש דוא מיט דיינם זכות אויף איין גֿאנצֿין שטאט בישערמשט· אוכֿ דרפשט דיך ניט מצער צו זיין·

## מ מסכת תענית פרק שלושה

**מעשה** גֿישאך דש רבי יוסי זון אבין דער ווער גֿיוואבֿלֿיך דש ער לֿערנט בייא דעם רב רבי יוסי דמן יוקרית אוכֿ ער פֿר לֿיש דען רב רבי יוסי דמן יוקרות אוכֿ ער גֿיבגֿ לֿערנן אויף דיא ישיבה פֿון רב אשי דא זאגֿט דער רב אשי ווידר דען רבי יוסי זון אבין וויא קומשטו אויף איין ישיבה לֿערנן דוא פֿפֿלֿעגֿשט דאך צו לֿערנן אויף דיא ישיבה בֿון רבי יוסי דמן יוקרות ווארום קומשטו דען פֿון אים אונט קומשט אויף איין ישיבה דא שפראך דער רבי יוסי זון אבין ווידר אייבר דער ניט רחמנות האט איבר זיין זון אוכֿ איבר זיין איינֿגֿן טאכֿטיר· וויא זאלֿ איך דען רחמונית איבר איין פֿרעמדן האבן· וואש ווער דען גֿישעהן עש ווער איין טאגֿ דא האט דער רבי יוסי דמן יוקרית פֿיל ארבט לֿייט אין פֿעלֿד דיא אים ארביטן אוכֿ עש ווער זיין סדר דז ער אים אלֿי טאגֿ צו עשן בראכֿט אויף דאש פֿעלֿט אלֿין מאלֿ אום דאש מיטאגֿ אוכֿ

ער ברוכט אין אל מאל זילברט צו עשן · איינש טאג דא פר צוג עש
זיך יוא גאר לנג דש ער זיין ארבט לייט ניט קאנט אום מיטאג צייט צו
עשן ברענגן ·· אוב דיא ארביט לייט דיא העטן גערן געגעשן אונט
זאגטן ווידר זיין זון מיר וועלטן גערן עשן אוב מיר האבן נאך ניט צו
מיטאג געגעשן דען דיין עט האט אונז ניט גיבראכט צו עשן צו מיטאג
אונט זיא זאשן בייא איין נגדיר אונטר איינם פייגן בוים · אביר
דער בוים דער וואר נאך ניט פרוכטבר אוב האט נאך קיין פייגן ·
דא שפראך דער זון ווידר דען בוים · פייגן בוים פייגן בוים ציך
אויש דיינא פייגן אוב לאש דיין פייגן וואקשין דש איינש פאטירש
ארביט לייט צו עשן האבן · דא גיוואן דער בוים זיין פייגן דש זיך
דיא ארביט לייט וואל זאט אשין פון דען פייגן דיא דער בוים ליש
וואקשין · ביט לנג דער נאך דא קאם דער פאטיר אוב בראכט זיין
ארביט לייט צו עשן וויא זיין סדר וואר אוב שפראך ווידר זיין לייט איר
זאלט ניט איבר מיך צורנן דש איך בין אזו לנג אויזן גבליבן · דען עש
איז מיר איין גרושן מצוה צו הנדן קומן · דא איך מיך אזו לנג גיזוימט
האב דא שפראכן דיא ארביט לייט ווידר אין הקב״ה זאל דיך אך אזו זאט
מכן אז מיר צו דיזם מאל זיין · דא שפראך דער רבי יוסי ווידר צו זיא
ווא הער זייט איר דען זאט גיווארדן איר האט דאך נישט צו עשן גיהט ·
דא הובן דיא ארביט לייט אן אוב זאגטן אים דיא גאנצי שמועה וויא זיא
דיא פייגן העטן געגעשן · דא דער שראך רבי יוסי גאר זיר אוב זאגט
ווידר זיין זון אה מיין ליביר זון דו האשט דען איברשטן הערן גימיט אז
ער האט מכן אויש ציהן פייגן פון דען פייגן בוים · אי זיין צייט איז
גיקומן · דוא זאלשט אך שטערבן אי דיין צייט אישט צו שטערבן · אוב
פר פלוכט דען זון אז ער מושט שטערבן פר זייבר צייט : וואש וואר
דאש מעשה מיט זייבר טאכטיר דאש וויל איך אך אייך שרייבן · דער
רבי יוסי דער האט איין שינן טאכטר אלש מן מעכליט אזו שין מענטש
גיפינדן · איינש טאג זאך דער רבי יוסי איין בחר דער מכט איין לוך
אים צוים אין דער וואורטין דז ער זיין טאכטיר קעניט וואל אן זעהן
אוב דער רבי יוסי דער קאם עבין דער צו אוב שפראך צו דעם בחר
וואש האשטו דא אין זין דז דו דא דאש לוך מאכשט · דא שפראך דער
בחר ליבר רבי בין איך שון ניט זוכה דש איך אייער טאכטיר זאל צו
איינם וייב נעמן · דא לאשט מיך זיא דאך גינונג אן זעהן פון
וועגן איר שונקייט וועגן · דא שפראך ער ליבה טאכטיר דוא
מאכישט דז דיא לייט דייבר היפשקייט הלבן מצאר זיין דוא
זאלשט

זאלשט ווידר קערן צו דער ערדן דער ווארטין דש זיך דיא לייט ניט
פֿאר זינדן אן דיר· אונ׳ פֿאר פֿלוכֿט דיא טאכֿטיר דז זיא וירר שטורב
אונ׳ האט קיין רחאובת איבר זין איינגן טאכֿטיר ווארום זאל איך דען
רחאובת איבר אין האבן דער הלבן האב איך ניט לעבגר
בייא אים לערנן:

## מא מסכת תענית פרק שלושה

**מעשה** דער רבי יוסי דער האט איין איזל דען פֿר דינקט ער
דיא לייט אום דאש לון· ווער אין בינגערט צו רייטן
אביר זינשט עפּיש דרויף צו פֿירן דא מיט דז ער גיליט דער מיט
פֿאר דינן קאנט. אונ׳ וועז דער איזל אם אבנט ווידר אין היים קאם
אזו בראכֿט ער דען לון מיט איין היים. דען דיא לייט וואשטן זיין
סדר אן דעם איזל דש זיא אים דען לון אן העבגאן אן הלז וועז ער זיין
ארביט גיטאן האט· אביר וועז מן אים צו פֿיל לון אביר צו ווינג לון אן
העבקט דא וואלט ער ניט איין היים גין דען ער וואר אזו גאר פֿרום אז
ער בישט צו פֿיל וועלט האבן· איין מאל האט אים איינר גידינקט אונ׳
העבקיט אים זיין לון אן ויא זיין סדר וואר אונ׳ האט פֿר געשין איין סאר
שוך אויף דען איזל העבגאן אזו האט ער ניט וועלן איין היים גין דען
דער איזל העט עש גימרקט דז ער נאך עפּיש אויף זיין רוקין העבגן
דש ניט זיין וואר אונ׳ וואלט ניט איין היים גין ביז דער מאן זיין שוך
ווידר אין ראבנום דא גינג ער ווידר אין היים אזו גאר פֿרום וואר
דער איזל גיוועזן פֿון דעם רבי יוסי רסן יוקריש:

## מב מסכת תענית פרק שלושי

**מעשה** אלעזר איש ברתותה דער גאב גערן צדקה וועז אין
דיא גבאים זאכֿן דיא דא צדקה אויף היבן דא פֿאר
בארגן זיא זיך דען ער האט איין סדר אן אים. אלזו וועז ער דיא גבאי
צדקה זאך צדקה אויף היבן זא גאב ער אים. אלז וואש ער בייא זיך
האט· איין טאג גינג דער אלעזר אויף דען מרק אונ׳ וואלט זיינר
טאכֿטיר נאך עטליכֿיר לייא קויפֿן דש זיא נאך בידרפֿט צו איר חתנא
דען זיא וואר איין כלה באט אונ׳ ויא ער אזו גינג דא זאך ער דיא גבאים
צדקה אום גין ויא זיא אין זאכֿן אזו פֿר בארגן זיא זיך פֿון אים איין
וועק דא ערש זאך אזו לויף ער אין נאך אונ׳ זאגט ווידר זיא דא בישווער

איך אייך בייא דער שבועה דש איר מיר וואלט זאגן וועם איר אום ניט דא זאגטן זיא מיר גין איין יתומה אום אונ׳ אייבר יתומה דיא וויל מן צו איין זאמן געבן דא שוואר ער בייא דער עבודה דיא צוויא דיא גין פֿר מייגה טאכטיר אונ׳ באם אלש וואש ער בייא זיך העט אונ׳ גאב עש דיא גבאים אונ׳ בהילט ביט אין אלז איין שילבג איבירין דא קויפֿט ער ווייץ אום דען שילבג אונ׳ טרוג אין איין היים אונ׳ שיט דען ווייץ אין זיין קארן קאשטן׳ וויא זיין וייב קאם זא פֿראגט זיא איר טאכטיר וואש האט דיר דיין פֿאטיר מיט איין היים גיבראכט דא שפראך דיא טאכטיר אלז וואש מין עט האט איין היים האט גיבראכט דאש האט ער אין דען קערבן קאשטן גישיט דא גינג זיא אבויף אונ׳ וואלט דאך זעהן וואש ער גיבראכט האט אונ׳ וואלט דיא טיר אויף טון דא קאנט זיא דיא טיר ניט אויף טון אלש פֿולר ווייץ לאג דיא קמיר דא זאך זיא אין דיא קאמר ארייןדא לאג דיא קמיר פֿול ווייץ ביזאן דען באדים דאליף זיין טאכטיר פֿלוקש צו אירם פֿאטיר אין דאש בית המדרש אונ׳ זאגט ליביר פֿאטיר גיא איין היים זיך וואש דיר דיין פֿריינט הקב״ה גיטאן האט אובט זאגט אים דיא שמועה פֿון דעם ווייץ דא שוואר ער בייא דער עבודה עש זאל אלש הקדש זיין אונ׳ דוא זאלשט ניט מין הנאה דער פֿון האבן אלש אנדרן עביים אך אונטר ישראל׳ דא פֿרעגט רבי שלמה אין דער גמרה ווארום מאכט ערש אלז הקדש דא אישט מן עש אזו מתרץ דש וואר איין נס מיט דעם ווייץ אונ׳ ווען אייבם איין נס גישכט אזו שלאגט מן אים עש אב אויף יענר וועלט דער הלבן וואלט ער קיין הנאה הבן דער פֿון אובט מכט עש אלז הקדש׃



מעשה רבי ברוקה חוזאי דער וואר גיוואנליך אויף דעם מרק רבי לפֿט דאש וואר איין שטאט דיא היש לפֿט אונ׳ אליהו ז״ל דער וואר אך שטעטש בייא אים׳ איין מאל שפראך אליהו ווידר רבי ברוקה פֿרוג מיך עפיש וויש דוא ווילשט דא פֿראגט ער אליהו הנביא ווידר ליביר זאג מיר אישט קיינר אויף דעם מרק דען דוא קענשט דער איין בן עולם הבא אישט דא זאך ער דורט איין מאן דער האט שווארצין שוך אן ניט אלש דיא יודן סדר אישט אונ׳ ער האט אך קיין ציצית אן זיינן קליידר׳ דא זאגט אליהו הנביא ווידר דען רבי ברוקה חוזאי דער אישט איין בן עולם הבא דער דארטין איין יעניר שווארצין שוך גיט דא לוף איין רבי ברוקה נאך אונ׳ פֿראגט דען מאן

ליבר

ליבר זאגן מיר וואש זיין דיין ווערק · דא שפראך דער מאן ווידר איך
קאן דירש ניט זאגן צו דיזם מאל · קאם מארגן ווידר אזו וויל איך דירש
זאגן · דען אנדר טאג אזו קאמן זיא ווידר צו איין אן דא פֿראגט דער
רבי ברוקה דען מאן ווידר ליבר זאג מיר וואש זיין דיין געשעפֿט · דא
שפראך דער מאן איך בין איין היטיר איביר דיא געפֿנגאן לייט · אונ׳
זא איין מאן תופס ווערט זא לגן איך אין ביזונדר אונ׳ ווען איין פֿרויא
תופס ווערט אזו לגן איך זיא אך ביזונדר אונ׳ איך מך איין בעט צווישן
דיא ביידן אין דער ווארטן דש זיא ניט זעלטן ח״ו זינדן מיט איין אנגדר
אונ׳ ווען איך איין וייבש בילט פֿון איין יודן געפֿנגאן האב דש איך זיך
דש דיא שומרים איר איגן אויף איר געבן דש זיא ח״ו ווענלטן בייא איר
ליגן · דא וואג איך מיין לייב דארן דש איך זיא דור פֿיר פֿר שיראן ·
אויף איין טאג דא וואר געפֿנגאן ווארדן איין היפשין יונג פֿרויא פֿון
איינן יודן דיא וואר שון אנט שפויט אביר זיא האט נאך ניט ברוכה
געטאן אונ׳ דיא שומרים וואלטן זיא ביצווינגאן מיט געוואלט דא נאם איך
היבן פֿון דעם ווין פֿס אונ׳ שטרייך זיא אונטין אן איר קליידר דש
זיכֿט שיר וויא דש בלוט דש פֿון נידות גיט אונ׳ איך זאג ווידר דיא
שומרים בייא לייב ניט ליגט בייא איר דען זיא האט איר צייט · אונ׳
דאש זעלביג ברעגגט אויש העציקייט · דא פֿאלגטן זיא מיר אונ׳ לישן
דיא פֿרויא גין · דא פֿראגט דער ברוקה דען מאן ווארום האשטו
שווארצין שוך אן דש ניט דער סדר פֿון דען יודן אישט · אונ׳ ווארום
האשטו קיין ציצית ניט אן · דא זאגט ער ווידר איך ווילעש דירש זאגן
איך גיא גאר זיר אויש אונ׳ איין אין דאש מלך פאלשט אונ׳ איך מך אז
אן מיך ניט קענט פֿר איין יודן · אונ׳ ווען איך איין ביז גיבאט הער בייא
דען מלך דש ח״ו ניט גוט אישט פֿר יודן אזו לויף איך געשווינט צו דיא
רבנים אונטר יודן אונ׳ זאג איך אינן דש זיא בלד שפלה דארויף טון ·
אוב זיא דאש ביז גיבאט מיכֿטן מבטל זיין · אונט דש איך דיר ניט
גלייך דען ערשטן אובנט זאגט וואש מיין געשעפֿט ווארדן · דאש
וויל איך דיר אך זאגן עש וואר עבן דאש זעלביג מאל איין ביז גיבאט ואר
יודן דא גידוכֿט איך · איך וויל בלד גין אונ׳ ווילש דיא רבונים אן ציינגן
דש זיא עש מיט אירר שפילה מבטל זיין · אובט איך וועלט דיר וואל
זאגן וואש מיין געשעפֿט ווערן · אין דען דא קאמן נאך צוגן צוויא
ברידר דא שפראך אליהו הנביא צו אין דיא צוויא זיינן אך דיא חלק
עולם הבא האבן דא גינג רבי ברוקה אך צו אינן · אונ׳ פֿראגט זיא וואש
איר געשעפֿט זיין דא זאגטין זיא ווידר מיר זיין פֿריליך מעכיר דאש

מיינט איר מכן דיא טרויארינן לייט ווידר פריליך דש זיא אירש לייט ווידר פורגעשן · אונט ווען מיר זעהן דז זיך צווייא לייט מיט אנבדיר צענקין דש זיא מיט איין בנדיר און איינש ווערדן זא מיאן מיר זיך זא לבן אין דער זכן דש מיר זיא ווידר איינש מכן:

## מד מסכת תענית פרק שלישה

**מעשה** אולפא אונ׳ רבי יוחנן דיא לערנטן בייד זער תורה אונט זיא לידן גרוש דוחק דש זיא ניט ברוט צו עשן האטן · דא זאגטן זיא צו איין נבדור מיר וועלין מיט אנבדור אויש ציהן אונ׳ וועלן סחורה טרייבן דור ווארטן דש מיר ברוט מעכן צו עשן ביקומן אונ׳ וועלן דען פסוק מקיים נייארט ניט עש זול זיין איין אביון אונטר ישראל אלזו גינגאן זיא הין וועק נוך סחורה אונ׳ ווי זיא איין וויל וואררדן גנאנגן זעצטן זיא זיך אין נידר בייא איינן שטיינן וואנט דיא וואר גאר אלט אונ׳ וואלט שיר איין פלין דיא שטונט מיטן אויף דעם פעלד אונ׳ זיא וואלטן ברוט עשן · דא קאמן צווייא מלאכים פום הימל אונ׳ שטעלטין זיך הינטור דיא מויאר דא הורט רבי יוחנן וויא דיא מלאכים מיט אנבדר ריטן מיר וועלן דיא אלט מויאר אויף דיא צווייא רבונים ווערפין דש זיא בייד דא אוזן שטערבן דען זיא פר לאזין דיא איבינג וועלט אונ׳ וועלן זיך בהעפטין אן דיא פאר גענגליך וועלט · דא שפראך דער אנדר מלאך ביין מיר וועלן עש ניט טון דען עש איז נאך אײנר אונטר איבן דער זעלבינג דער ווערט נאך איין קעשליכר אונטר ישראל זיין אין דער תורה דער זאל נאך ניט שטערבן דיא דאזיג ריד הורט רבי יוחנן אונ׳ אילפא דער הורט עש ניט · דא שפראך רבי יוחנן ווידר אילפא ליבור האשטו נישט גיהערט רידן הינטיר דער מויאיר דא שפראך אילפא ניין איך האב ניקש גיהערט רידן דא גידאכט רבי יוחנן וויל איך דאש גיהערט האב אונ׳ אילפא ניט דא קאן איך וואל גידענקין דש דער מלאך האט מיך גימיינט דער מיט · אונ׳ שפראך ווידר צו אילפא איך וויל ווידר אים קערן אונ׳ וויל ווידר תורה לערנן אונ׳ ווען איך שון גרוש דוחק מיש לייידן · אונ׳ וויל דען פסוק מקיים זיין נייארט ניט עש זול ואר מיידן איין אביון פון צווישן דעם לאנט · אזו צוג רבי יוחנן ווידר היים אונ׳ לערנט תורה אונ׳ וואר איין קויש טליכר מאן אויש אים אין דער תורה אונ׳ דיא לייט זעצטין אין צו איינם רוש ישיבה · אונ׳ דער נאך קאם אילפא אך ווידר היים אונ׳ האט דוך קיין געלט אונ׳ האט דאך נישט גלערנט אך דא זאגטן

דיא

דיא לייט ווידר אילפא ווערשטו דא הייאן גיבליבן דא ווארשטו ראש ישיבה גיווארדן דען דער אילפא דער לערנט בעשיר אז רבי יוחנן דא זאגט אילפא אוב איך בין שון אויש גיוועזן דא לערנן איך דיך · נוך בעשיר אלש רבי יוחנן קוס בייארט איינר אונ׳ פרעגט מיך עפיש אויש אושביית דא קאמן דיא לייט אונ׳ פרוגטן אין דא וואר ער אלש אתרן וויש זיא אין פראגטין דיא לייט :

## מה תענית פרק שלושה

**מעשה** עש פראגטן דיא תלמידים אירן רבי אדא זון אהבה ליבור זאג דוא אונש ווא ער מיט האשטו אזו לנג גילעבט זיא מייבטן עש אלזו וואש פר איין גוץ האשטו דיין טאג גיטון דש דיר השי׳ דיין טאג זא דער לענגט האט דען ער וואר גאר אלט גיווארדן · דא שפראך ער ווידר איך האב אל מיין טאג ביא גיצוירנט אין מיינם הויז · אונ׳ בין נין גיגנגאן פר איין קעשליכר אז איך בין · אונ׳ האב אך ניט גידאכט תורה אן איין ארט דאש אונריין אישט גיוועזן אונ׳ בין נין אן תורה אונ׳ אן תפילין פיר אילן גיגנגאן אונ׳ האב ביא גישלאפין אים בית המדרש עש זייא גיוועזן איין רעכטיר שלאף אדר איין אין גיבערליכר שלוף · אונ׳ איך האב מיך ביא גפרייאט ווען עש מיין חבר אישט איבל גיגנגאן · אונ׳ האב אל מיין טאג קיינם מיט קיינם אן נאמן גירופין דש זיין דיא גוטין וורק :

## מו מסכת תענית פרק שלושה

**מעשה** עש פראגט אך רבא צו רפרום זון פפא ליבור זאג מיר וואש האט רב חונה פאר גוטין ווערק אן אים דא זאגט ער ווידר זיין יוגנט גידענקט מיך ניט אביר זיין עלטיר גידענקט מיך וואל ווען דא וואר אין דער שטאט איין גרושר ווינט זא ליש ער זיך דורך אלונגסין טראגן אויף איין גילדבן שטול אונ׳ בזאך וואו איין בוזא מויאר וואר אין דער שטאט דיא ליש ער גלייך אב ברעכין · דען ער האט זארג דיא מויאר ווערין איין פאלן פון דעם גרושן ווינט אונ׳ מעכטין דיא לייט גרושין שאדן טון אונ׳ ווען דיא מויאר וואר זא ער רייך וואר דש ער פר אינגליך וואר דש ער דיא מויאר קענט ווידר מכן אויף זיין קושטן זא מישט ער זיא ווידר מכן · וואר ער דען אריס דש ערש ניט קאנט מכן זא ליש אים דער רב חונה ווידר מכן אויף זיין קאשטן אונ׳ ווידר בויאן אז פור · אונ׳ אלן ערב שבת

שיקט ער זיינן קנעכֿטן אויף דעם מרק אונ׳ אל דש קרויט דש קרויט
דש דיא גוירטנר ניט קונטין פֿר קויפֿן דאש קויפֿט ער אלש פֿון אינן
אונ׳ ליש אלש אין דאש וושר ווארפֿין · אונ׳ דא פֿרעגט דיא גמרא ווארום
גאב ערש ניט עניים אונטיר ישראל דש טעט ערש דרום ווען ערש
דען עניים העט געגעבן זא העטן זיך דיא עניים דרויף פֿר לאשין אונ׳
העטין גיגאן שבת קיין קרויט גיקויפט אונ׳ צו צייטן ווער קומן דש דיא
גוירטנר איר קרויט אלש פֿאר קויפֿט העטין אונ׳ דיא עניים העטן
קיינש ביקומן זא העטין דיא עניים ניקש צו עשן גיהט דא ווער דער
שבת ניט גיאירט גיוועזן · אונ׳ ווארום ליש ער ניט דיא בהמות געבן
דש קרויט דש ער קויפֿט דש ווער דאך בעשיר גיוועזן אז אין וושר
גיווארפֿין · ער הילט אזו דער פֿיר אין עשן שפייז אז איין מענש קאן
עשן אזו זאל מן קיין בהמה געבן · עש אישט גיזעהן אלש ווען ער
לייקניט אן דער טובה דיא אים הקב״ה גיטון הוט אונט דער הלבן ליש
ערש אין דאש וואשר ווערפֿין דש דיא לייט דיא דא עש זאכן פֿלישן
דש וואשר אב דיא זאלטן עש אויף פֿנגאן אונט זאלטן עש עשן · אונ׳
ווארום ליש ערש ען איאש גאר קויפֿן · דער הלבן דש דיא גוירטנר אן
איינם פֿרייטאג איר קרויט אויף דעם מארק זעלטין ברענגאן דעש
דר ליביר · אונ׳ ווען זיא נון ניט אלש פֿר קויפֿט העטן · זא מעכֿטן זיא
איין אנדיר מאל ניט מיט קיינם קרויט אם פֿרייטאג קומן אויף דעם
מרק אזו העטן נישט צו עשן דא ווער דער שבת ניט אזו וואל גיאירט
אונ׳ ער העט איין עבירה דראן גיטאן · אונ׳ אלי טאג הנג דער רב חונה
איין קרוג מיט וואשר פֿור זיינן טיר דאר ווארטן דש דיא לייט צו
מארגנש דיא העבט זאלטין וואשן דען עש איז אויף דיא העבדן איין
ביזר לופֿט אונ׳ איז איין גרושי סכנה וואמן אן רירט אין גיוועשן העבט
אך ווען איינר עשט אין גיוועשינן העבט איז אך איין גרושה סכנה ·
אונ׳ אך ווען ער אש אזו טעט ער דיא הויז טיר גבן אויף אונ׳ זאגט אזו
ווער מיט מיר עשן וויל דער מאג אריין קומן · דא דש רבא הורט דא
זאגט ער דיא גוטן שטיק וועלט איך אך וואל הלטן אויש גינומן ווען איך
עשן זאלט זא קעבט איך ניט זאגן ווער דא וויל עשן דער מאג אריין
קומן עשן דען פֿון דאש ווענג אין מיינר שטאט דא איך וואנט דא זיין
פֿיל עניים אונ׳ זיא ווערן קומן אונ׳ העטן מיט גיגעשן זא העטן
זיא מיר דש מין בלד אויף געשין דער הלבן קעבט
איך דאש ניט טון :

## מח מסכת עבודה זרה פרק ראשין

**מעשה** איין פרויא דיא היש ברוריא דש וואר רבי מאירש
וויב אונ׳ דיא ברוריא דיא וואר רבי תנינה בן תרדיון
טוכטיר דער אים חורבן שטיט דיא זעלבין פרויא דיא האט איין
שוועשטר דיא וואר גפנגן ווארדן פון גוים אונ׳ זיא וואדר גטאן אין
איין זונה הויז צו אנדרן נפקות מיר פינדן אנדרש ווא׳ דש דיא
זעלבין פרויא אזו גאר שטאלץ וואר גווען מיט אירן טריטין דש עש
הקב״ה אויך זיא גנערת האט דער הלבן זאל איין מענש ניט הופרטיג
זיין דא שפראך דיא ברוריא צו אירם מאן רבי מאיר ליביר מן עש איז
מיר איין גרושה שאנד אז איך זאל איין שוועשטר אים זונה הויז האבן
ליבר זיך אז דוא זיא קענשט זיא אויש ברענגן דער רבי מאיר דער
נאם הין אונ׳ נאם איין הלבן מוש גלדן בייא זיך אונ׳ צוג נאך איר אונ׳
וואלט זיא אוישלזן אונ׳ זאגט אישט זיא נאך ריין אונ׳ דז נאך קיין איסור
מיט איר גשעהן איז זא ווערט מיר גווישליך איין נס מיט איר גשעהן
אונ׳ ווער זיא ווידר אויש ברענגן אשט דען ח״ו איין איסור מיט איר
גשעהן זא פערלט מיך איך ווער זיא ניט קענין ארויש
ברענגן׳ ער צוג אזו לנג ביז ער אן דיא זונה הויז קעם דא דיא פרויא
אינן וואר אונ׳ טעט זיך אן וויא איין פריש אונ׳ גינג אין דאש זונה הויז
אונ׳ קאם צו דער פרויאן אונ׳ שפראך צו איר לינג בייא מיר איך וויל
דיר פיל געלט צו לון געבן׳ דא שפראך זיא צו אים איך האב דאש
מאל מיין וויבליך צייט׳ דא זאגט ער איך וויל דיר ווארטן ביז דוא
ווידר ריין ווערשט׳ דא זאגט זיא וייש בדרפטו פיל אויך מיר צו
ווערטן עש זיין דאך פיל וויבר הינן דיא דא היפשר זיין אז איך׳
דא גדאכט זיך רבי מאיר גוויש איז דיא פרויא נאך ניט פר
אונרייניקט גווארדן אונ׳ גינג רבי מאיר צו דען שומר דער איבר
דיא זונה גזעצט וואר אונ׳ שפראך צו אים גיב מיר דיא פרויא איך
וויל זיא מיט מיר איין וועק פירן׳ דא שפראך דער שומר איך דרף
איך ניט זעלכיש אונטר שטין פר דעם מלך׳ דא שפראך רבי מאיר
זע הין אונ׳ נעם דיר דיא צוויא מוש געלט אונ׳ ווען דיר דער מלך
ווערט הייטן געלט דער פיר אזו גיב אין איין מאש מיט געליט אונ׳ דיא
אנדרי מוש הלט דיר פר דיך דא שפראך ער דער מלך ווערט
מיר איין עלילה צו ווער פין אונ׳ ווערט מיך אום איין חיות ברענגן דא
שפראך רבי מאיר ווען מן דיר עפיש טון וויל זא שפריך דער גאט

פון רבי מאיר זאל העלפֿין מיר זו וועשטו בישערמט ווערדן׃ דא
שפראך דער שומר ווער זאגט מירש אז דער אן שפריך ווער איז׳ דא
זאגט רבי מאיר עש זיין דאך פֿיל ביזא הונט היא אזו נעם איין שטיין
אונ׳ ווארף זיא זא ווערדן זיא קומן אונ׳ וועלן דיך בייסן זא זאג וויא איך
דיך גילערנט האב זא ווערדן זיא דיר נישט טון קענן׃ דא טעט ער
דאש דא קאמן דיא הונט אונ׳ וועלן אין בייסן׃ דא זאגט ער דער גוט
פֿון רבי מאיר דער זאל העלפֿין מיר דא לאפֿין דיא הונט אל איין וועק׃
ניט לנג דער נאך דא וואר דער קיסר גיוואר וויא ער דיא פֿרויא האט
איין וועק גיגעבן דא ליש ער דען שומר תפסן אונ׳ ווארט אויש גיפֿירט
דז מן אים זאלט דען קאפא אב שלאגן דא שפראך ער דער גוט פֿון
רבי מאיר דער זאל ענטווארטן מיר דא קאנט מן אים ניקש טון אונ׳
מושט אים ווידר גין לאזן׃ דא פֿרעגט מן אין וואש ער גיזאגט האט דז
ער בישערמט וואר דא זאגט ער אין דאש גאנץ ווערק וויא עש אים
גיגאנגן וואר מיט דער פֿרויאן׃ דא ליש דער מלך דען רבי מאיר אב
מאלן אין אליר גישטאלט וויא ער וואר אונ׳ ליש אויך איטליכש טור איין
זעלכי טאפֿיל אן שלאגן אין גאנץ רוים אונ׳ ליש אויש רופֿן אין אלן גסין
ווער דא אזו איין מאן זיכט דער דא גליכט וויא דער מאן דער אויף דיא
טאפֿיל שטיט דער זאל אין גלייך פֿאנגן אונ׳ זאל אים צום מלך
ברענגן׃ איינש טאג אזו גינג דער רבי מאיר דורך דיא שטאט
רומי. דא זאכן אין דיא לייט פֿון רוים אונ׳ לופֿן אים נאך אונ׳ וואלטן אין
פֿאנגן דא גינג רבי מאיר אין איין זונה הויז דא שפרעכן דיא לייט
דאש איז רבי מאיר ניט דען רבי מאיר דער טעט זעלכש ניט דש ער
אין איין זונה הויז זעלט גין׃ איין טייל זאגן ער גינג אין איין גאר קוך דא
וויל עשן אים הערט שטונד אונ׳ שטוש איין פֿינגר אין איין הייזן
טאפין מיט עשן אונ׳ לעקט דען אנדרן פֿינגר אב דא מיט דש דיא
לייט זעלטין מיינן ער העט פֿון דען עשן געסן אונ׳ ווערן וואל גידענקין
דש איז ניט רבי מאיר׃ איין טייל זאגן אליהו הנביא דער גינג אים
אנט גגן אונ׳ האט זיך גימאכט צו איינר זונה אונ׳ זיא הלזט אונ׳ קוסט אין
דא זאגטן דיא לייט ווען דאש רבי מאיר ווער אזו טעט ערש זעלכיש
ניט אונ׳ וויא ער נון זאך דש אים דער מלך זא הארט נאך שטיט אזו
צוג ער אויז דעם לנט אונ׳ צוג קעגן בבל׃ אביר עש איז איין אנדרר
פשט ווארום ער גען בבל צוג איך מאג אביר ניט דער פֿון שרייבן
ווער אין וויל ווישן דער זיך איין אים פירוש פֿון דער גמרא זא ווערט
ער עש פֿינדן וועשט הלבן ער קען בבל צוג׃

מט מסכת סנהדרין פרק אחר דיני מומנות

מעשה ער זאגט דער קיסר ווידר רבן גמליאל אויער גוט אישט אײן גנוב דען עש שטיט גשריבן אין דער תורה אונט ת
גוט דער הער דער מאכט פאלן אײן שלוף אויף דען אדם. אונ׳ ער שלוף
אונ׳ גוט דער הער דער נם אים אײן ריפא אויש זײנם לײב אונ׳ ער
מאכט אים אײן ווייב דארויש · דא שפראך דער קיסרש טוכטיר
ווידר רבן גמליאל שווײג דוא שטיל איך וויל מײנם פאטיר תשובה אויף
דיא פרוג געבין · אונ׳ שפראך ווידר איר פאטיר ליבר פאטיר געבט
מיר אײן גראב׳ אדיר אײן פערשטן דער מיר בײא שטנט טוט אונט
דער מיר נקמה טוט אן מײנן פײנדן · דא שפראך דער קיסר ליבה
טאכטיר ווער האט דיר דען געטאן · דא שפראך זיא ליבר פאטיר
עש זײן דיא נכט גנבים אין מײן גמך געוועשט אונ׳ האבן מיר גנומן
אײן זילברן כלי אונ׳ האבן מיר אײן גולדן כלי דער פיר געשטעלט · דא
לכט דער קיסר אונ׳ שפראך מײן ליבה טאכטיר איך וועלט אז זעלכי
גנבים אלי טאג צום מיר קעמן · זא שפראך זיא ווידר אײ ליבר
פאטיר וואר דען עש אדום הראשון אך אײן דינשט דש ער אים
אײן ריפא אויש זײן לײב נאם אונ׳ מאכט אים אײן ווייב דרויש דיא אים
זײן שיפחה וואר אונט קוכט אים אונ׳ דינט אים מיט אלין זכן · דא
שפראך דער קיסר ווידר איך האב עש ניט אזו גמײנט איך האב אזו
געבראכט ווארום נאם ער אים דיא ריפא ניט דא ער וואכיט ווארום
נאם ער זיא אים דא ער שלאפט · דא שפראך דיא טאכטיר ווידר
צום פאטיר לוש מיר אײן שטיק פלײש ברענגאן דאש. באך רויך איז
דא בראכט מן איר אײן שטיק פלײש דא נאם זיא דאש פלײש אונט
שטיש עש אין דיא הײש עש דז עש ברוטן זאלט וויא עש נוא געבראטין
וואר אזו טעט זיא עש ווידר ארויש אונ׳ גאבש אירן פאטר ער זאלשט
אש עשן אי זיא עש וועשיט פון דער עש דא שפראך דער פאטיר
עיך מאג עש ניט עשן דען עש איז מיר מיאס צו עשן וויל עש נאך
ניט ברײט אישט אונ׳ איך האב עש געזעהן דש מן עש האט טון אין עש ב
בראטן · דא שפראך דיא טאכטיר ווידר דען קיסר מײן ליבר פאטיר
אלזו וואר דען אדם הראשון אך געוועזן ווען ער העט זעלין זעהן דש
אים הקב״ה העט דיא ריפא גנומן דש ער אים דאש ווייב העט דרויש
געמאכט אונ׳ וואר אים פער זײן ווייב מיאס געוועזן דער הלבן הוט ערש
ניט וועלן דעם אדם הראשון דש ווייב וועלין נעמן דא ער
געוואכט הוט :

מעשה ער פראגט דער קיסר צו רבי תנחום קום איר וועלן אך זיין צו איינם פאלק · דא שפראך רבי תנחום יא עש איז איר ליב אביר איר יודן זיין בישניטן דיא קענן ניט גלייך אייערם פאלק ווערדן · אביר איר קרישטן זייט ניט בישניטן איר קענט וואל גלייך אונזרים פאלק ווערדן · דא שפראך דער קיסר דוא האשט איר יוא וואל געענטפרט אויט דיינם רידן אבר ווער דען קיסר איבר ווינט אויט זיינם ריד דען ווארפט מן אין איין גרוב דא פיל בייזא חיות דינן זיין דז אין דיא חיות עשן אז נוא דיא מלאכים דיא פפלעגן זעלכי גרובן צו האבן אז זיא דיא לייט דריין ווערפן דיא דאש חיות פר שולט האבן · אונ׳ מן נאם אין אונ׳ וארף אין גלייך אין דיא גרוב אריין אונט וויא ער בון אראב צו דיא חיות קאם אזו טעטן אים דיא חיות ביקש דא וואר עבן איין אין דא דש אישט טייטש איין און גלאבידיגר דער האט גאר קיין גלאבן ער אישט קיין יוד נאך קיין קרישט דער שפראך עש איז קיין וואבדר דש אים דיא חיות בישט טון דען דיא חיות זיין ניט הונגארין · דא טעט מן אים ארויש אונט ווארף אים אין איין אנדרי גרוב דז דיא חיות גאר הונגארין ווארן דא אשן אין דיא חיות דש ער ניט איבר בליב:



מעשה ער זאגט דער קיסר צו רבן גמליאל איר יודן זאגט ווען אויער צייהן בייא זאן זיין אזו זייא גוט אל וול בייא אייך וויא פיל גוט אוזין דען אין דיא וועלט זיין ווען דען אזו אפיט בייא צעהן מוז איין גוט זיין · דא שפראך רבן גמליאל יוא דאש אישט וואר ווא צעהן בייא איין נבדר זיין אזו אישט גוט בייא אים · אונ׳ אישט דאך ניט אין דן איין גוט אין דער וועלט אונ׳ דאש וויל איך דיר ווייזן דש דוא איר אושט מודה זיין אונט גינג הין אונט רופט דאש קיסרש קנעכט דא קאם דער קנעכט וויא ער קאם דא שלוג אין רבן גמליאל אן זיין הלז דש ער אום פיל · דא שפראך דער קנעכט ווארום שלאגשטו איך · דא שפראך רבן גמליאל דרום דז דוא דיא זון לאשט אין דאש קיסרש גמאך שיינן · דא שפראך דער קיסר דיא זון שיינט דאך אין דיא גאנצן וועלט דא שפראך אך רבן גמליאל זוא גדענק אך אדוני קיסר זיא דיא זון דש אישט בוזן איין קנעכט צו הקב״ה אונ׳ אישט דאך אין

דיא

דיא גבצין וועלט מכל שכן הקב״ה דער איש דער הער אין דיא גאנצין וועלט דער היאול אובט ערד בישאפן האט מכל שכן דש ער אין דיא גאנצין וועלט אישט אונ׳ בייא אידראן אישט דא שווייג דער קיסר שטיל אונ׳ שפראך דוא האשט מיך גאר רעכט גיענטפרט דוא האשט דש מאל וואר:

## נב מסכת סנהדרין פרק חלק

**מעשה** ער זאגט דער קיסר ווידר רבי גמליאל איר יודן זאגט דיא טוטן ווערדן ווידר לעבנדיג זיא זיין דאך איידל ערד וויא קענן זיא דען ווידר לעבנדיג ווערדן׳ דא זאגט דש קיסרש טאכטיר צו רבן גמליאל שוויג דוא שטיל לאש מיך איין פאטיר ענטפרטן. דא שפראך דיא טאכטיר ווידר דען קיסר ליביר פאטיר איך מוז דיך עפיש פראגן מיר האבן היא אין דיזר שטאט צוויא העפינר איין העפיניר דער מכט זיין העפין אויש וואשר דער אנדר מכט זיין העפין אויש לוימן זאג דוא מיר וועלכר אישט איין גרעשיר מייבשטיר אונטר דיא צוויא העפיניר׳ דא זאגט דער קיסר ליבה טאכטיר וואש פרעגשטו פשיטי איז דער איין גרעשיר מייבשטר דער זיין העפין אויש וואשר קאן מאכין דא זאגט דיא טאכטיר ליביר פאטיר מייבשטו אביר ניט דער העפניר דער זיין העפין אויש וואשר מכט דש ער זיא פיל בעשיר אויש לוימן קאן מאכן׳ דא שפראך דער קיסר דאש קאן איך וואל גידענקין׳ איז ער זיא בעשיר אויש לוימן מאכט וועדר איז וואשר דא זאגט דיא טאכטיר אך מיין ליבר פאטיר זא גידענק אך הקב״ה דער האט דען מענשין צום ערשטן אויש איינם ערד בישפין דש איז גלייך וויא וואשר ווען מן עש אין וואשר טוט איזו צו גיט עש דאך אין וואשר מכל שכן דש הקב״ה דען מענשין ווידר קאן בישפין היבטן כאך אויש ערד ווען ער שון ערד אישט ווארדן דא וואר דער קיסר מודה:

## נג מסכת תענית פרק שלושה

**מעשה** עש גישאך איין מאל איין דינג דש דא אויש גינג דער גאנץ חודש אדר אונ׳ עש וואלט ניט רעגינן דא גינגאן דיא חכמים צו חונה המעגל דער זאלט הקב״ה ביטן דש עש רעגינין זאלט דען דער זעלבינג חונה המעגל דער וואר איין קעשליכר מאן אונ׳ ער וואר עבן גיוואנט פר הקב״ה אלש וויא איין הויז קנעכט בייא איינם

אלך אזו גאר גוואנטליך וואר ער דש ער פֿאר הקב״ה ביטיט דש עש
רעגנן זאלט אודר זינשט ווען עפיש צו פיטין וואר צו הקב״ה דא גינג
ער הין אונ׳ מאכט איין קולן אונ׳ שטעלט זיך דריין דש וואר עבן
גמאכט אלש וועד ער אין איין תפיסה אונט פיינגט זיין לייב דא מיט
אלש ווי מיר אך געפינדן בייא דעם נביא חבקוק ווען ער וואל עפיש
צו הקב״ה ביטן אזו מאכט ער אזו איין קולין אונ׳ שטעלט זיך דריין אונט
טעט תפילה דא מיט דז ער זיין לייב אך פיינגט דרום טעט דער
חונה אך אזו אין אזו איין קולן אונ׳ הוב אן אונ׳ טעט תפילה אונ׳ זאגט
הער אל דער וועלט דיין פֿאלק ישראל דיא טובן איר אויגן אויף מיך
דען ווען זיא עפיש בייא דיר אויש צו ריכטן האבן זא שיקן זיא צו מיר
אונ׳ איך מוז תפילה פֿר זיא טון גנאן דיין הייליגן נאמן דען זיא הלטן
מיך עבן אלז ווען איך דיין זון ווער אונ׳ דוא פֿר זאגשט מיר קיין פיט
ביט דא בישווער איך דיך איצונדר בייא דיינם הייליגן גמאכטפירטן
נאמן דש דוא מיך ווילשט דער הערן אונ׳ וועלישט ישראלן לאזן רעגנן
אונ׳ וועלט דיך איבר זיא דער בראמן דא מיט אז זיא ניט מעכטן הונגר
שטערבן׳ דא הובן דיא היאול אן לאנגזים צו טראפין דא זאגטן דיא
תלמידים דיא צו אים געשיקט ווארדן ליבר רבי מיר זעהן דש וואל דש
עש איין וויניק טרעפילט אביר מיר מוזן דאך שטערבן דען דער
רעגן בט אונש נישט דען עש דונקט אונש דער רעגן אישט נישט
מין אז עש דיין שבועה מקיים ווערט וויל דוא הקב״ה בישוואָרן האשט
דש ער האט מוזן לאזן רעגנן׳ דא שפראך חונה המעגל איך האב
ניט אנדרש פֿון הקב״ה געבעטן דען ער זול אונש איין רעגן געבן דער
אל דיא גרובן אונ׳ אלי ברונן פֿילט דא הוב עש אן אונט רעגנט גאר
געשווינט אונ׳ גרושן טראפין דש איין איטליכר טראפין זא גרוש וואר
אלש דיא שפונט לוך פֿון איינם פס אונט דיא רבונים דיא האבן דיא
טראפין משער געוועזן דש איין איטליכיר טראפין איין מאס הילט׳
דא זאגטן דיא תלמידים ווידר ליביר רבי מיר זעהן עש וואל אביר מיר
פֿערכטין זיך דאך מיר ווערדן שטערבן דען מיר דונקין עש אונש
דש דער רעגן ניט אנדריש נידרט דען אז הקב״ה דען עולם וויל
מאכן פֿר לירן וויל עש אזו גוואלטיג רעגנט דא זאגט ער ווידר ליבן
תלמידים איך האב ניט אנדריש תפילה גטאן פר הקב״ה דען אויף
איין רעגן דער איידיל ברכה אונט איידיל רצון זול זיין׳ דא הובן דיא
רעגן אן וויא דער סדר פֿון דעם רעגן אישט ביז אידר מאן מושט אויש
ירושלים אויש גן אונ׳ מושט אויף גן אין הר הבית פֿור דעם רעגן׳

דא זאגטן זיא ווידר ליביר רבי אזו וואל אז דוא האשט אובש תפילה
גיטאן אז עש רעגינאן זאלט אזו טוא אך תפילה ווידר אז עש זאל אויך
הערן צו רעגינן · דא זאגט ער ווידר איין ליבה תלמידים אזו האב איך
מקבל גיוועזן פון איינן רבונים דש מן ניט זאל תפילה טון דש איינש
טובה אישט ווארום דער רעגן איז גוט פר דאש איינשט פאלק · נאך
דעמוך שפראך דער חונה המעגל ברענגט מיר הער. איין שטיר דש
איך פור הקב״ה ברענגן אונ׳ ביקען פור אין איינה עבירות זא. וויל
איך ווידר תפילה טון אלזו בראכט זין אין איין שטיר פון הודאה דא
גינג ער הין אונט שטעלט עש פר הקב״ה אונט לגט זיין צוויא הענט
דרויף אונ׳ הוב אן הער אל דער וועלט דיין פאלק ישראל דש דוא האשט
אויש גיצוגן פון מצרים דיא קענן ניט ליידן ווען דוא אין צו פיל גוטש
טושט אונ׳ קענן אך ניט ליידן ווען דוא אין צו פיל ביז טושט צורנשטו
איבר זיא אזו קאנן זיא ניט בלייבן בישטין טושטו אים איין טובה אזו
קענן זיא אך ניט בלייבן בישטין · עש זאל זיין דער ווילן פאר דיר
דש דיא רעגן זאלן דיזן מאל אויך הערן דש ווידר מנוחה אין דער
וועלט זאל זיין · אזו באלד אזו הוב דער ווינט אן צו וועהן אונט פר
שפרייטיט דיא וואלקין פון דעם הימל אונ׳ הוב אן אונט שיינט ווידר
דיא ליבה זון דא גינג דאש פאלק ווידר אויף דאש פעלד אונ׳ בראכטן
מיט זיך איין היים שוועמן אונ׳ פיפירלינג דיא דא ווארדן גיוואקשין
פון דעם רעגן דא זאגן ישראל וואל אז דער רעגן וואר איידל רעגן
פון ברוכה וואר גיוועזן וויא זיא עש הטן פון דעם חונה המעגל גיפודרט
גיהט דא זאגט ווידר דען חונה המעגל ווען דוא ניט איין קוישליכר מאן
ווערשט זא וועלטן מיר דיך אין חרם טון אביר וויש זאלן מיר טאן דוא
האשט פאר הקב״ה גיזינט אונ׳ האשט זיין היילינר נאמן זער גישוועכט
דש דוא אין אזו אופט גימיט האשט אביר הקב״ה הוט דיר דוך דיין ווילן
גיטון · דוא בישט עבן גיוועזן אלש וויא איין זון דער דא זינד פור זיינם
פאטיר אונט דער פאטיר טוט אים דאך זיין ווילן · אונט דער זון
שפריכט ווידר דען פאטיר ליביר פאטיר פיר מיך אין דש באד אונ׳
באד מיך אין ווארום וואשיר אונ׳ דער. נאך שפריכט ער ווידר. ליבר
פאטיר שוועבק מיך אב אין קאלט וואשיר ליביר פאטיר גיב מיר. נים
גיב מיר מאנדלין גיב מיר. אויפש גיב מיר מילגרים אונ׳ דער פאטיר
גיבט איאש אלש ווען ער שון פור אים גיזינט הוט · אונ׳ אזו בישטו אך
פאר הקב״ה דוא האשט אין גאר אפיט גימיט אונט האשט פאר אים
גיזינט אונ׳ הקב״ה דער האט דיר דאך דיין ווילן גיטאן אונ׳ אויך דיך האט

דער פסוק גזאגט ישמח אביך ואמך ותגל יולדתך דאש אישט טייטש עש
זאל זיך פֿרייאן דיין פֿאטיר אונ׳ דיין מוטיר אונט עש זאל זיך פֿריליכן
דיא דיך האט גוואבן:

נר מסכת תענית פרק שלושה

מעשה עש זאגט רבי יוחנן אל דיא טאג פֿון דעם צדיק חונה
המעגל דא האט זיך מצער גוועזן אוי׳ דעם פסוק דער
דא שטיט אין תהלים בסימן קכו שיר המעלות בשוב יי את שבת ציון היינו
כחולמים דש אישט טייטש איין גזאגנ דער שטאפלין ווען דא ווערט
ווידר קערן הקב״ה דיא גפֿענקניש פֿון ציון דא זיין מיר עבן גוועזן
אלש דיא טרייאיר דש מיינט ער מיט דש גלות פֿון בבל דש האט
גוועהרט זיבנציג יאר אונ׳ הקב״ה רעכֿניט עש עבן אלש ווען מיר אין
טריים וערן גוועזן אונ׳ העטן דיא ציט לנג גשלאפֿן דיא זיבנציג
יאר לנג · דא זאגט דער צדיק פֿינט מן דען איינן דער דא זיבנציג יאר
קאן אן איינם שטיק שלאפֿן אונ׳ ער מיינט עש ווער ניט מיגליך איין
מאל אן איינם טאג דא רייט ער אוי׳ איינם איזל אוי׳ דעם וועג דא
זאך ער דארטין איין מאן דער פֿלאנציט איין בוקש הארן בוים דא
פֿראגט ער דען זעלביגן מאן דער דען בוים פֿלאנצט ליביר זאג מיר
ווי לנג האט דער בוים צו וואקשן דען דוא דאש מאל איצונט
גזעצט האשט דא זאגט ער ווידר ער וואקשט נוך ניט אין זיבנציג
יאר דא זאגט דער צדיק ווידר מיין ליביר זון אישט דיר דען גוויש דש
דוא עבין וועשט זיבנציג יאר לעבן דש דוא פֿון דעם בוים ווערשט
עשן דא זאגט ער ווידר מיין ליביר רבי איך האב דיא וועלט מיט איינם
בוקש הארן בוים גפֿונדן דען מיר מיין פֿאטיר האט גפֿלאנצט זא
וויל איך מיין זון איין בוקש הארין בוים אך פֿלאנצן · דא זעציט זיך
דער חונה המעגל איין נידיר אונ׳ עשט איין שטיק ברוט דא קאם אין
אן איין שלאף אונ׳ שלוף דער צדיק דא וואקשט אום אין איין פֿעלזין דש
קיין מענש וואשט ניט ווא ער איז הין גקומן אונט ער שלוף זיבנציג
יאר · ווי ער נון ווידר אבט וואכֿט דא זאך ער דא איין מאן דער דא
דען בוקש הארן בוים אב שיטלט אונ׳ לזט דיא פירות ווידר אוי׳ אונ׳
אס זיא דער פֿון דא זאגט דער חונה המעגל בישטו דער מאן דער
דען בוים האשט גפֿלאנצט דא זאגט דער מאן ווידר ניין איך בין ניט
דער זעלביג מאן אביר דען זעלביג מאנש ענֿיקלין בין איך דא זאגט
דער חונה המעגל נון הער איך וואל דש איך האב זיבנציג יאר
גשלאפֿן

גישלאפין האב דא זאך ער נאך זיין איזל דא זאך ער דורט זיין איזל
דער האט אים גיוואכן דיא וויל ער גישלאפין האט פיל יונגאן איזל אונ
דיא יונגאן איזלן האבן ווידר איזל גיוואכן וואל דרייא אביר פיר מאל דש
דיא איזל וויטר גיוואכן הטין אין דיא זיבנציק יארן דא גינג דער חונה
המעגל היים אין זיין הויז אונט זאגט ווידר זיין גיזינט ליבה לייט לעבט
נאך חונה המעגל זון נאך דא זאגטן דיא לייט ניין זיין זון לעבט ניט נאך
אביר זיין עניקלין לעבט נאך. דא זאגט ער ווידר איך בין חונה המעגל
דא וואלטן דיא לייט אים ניט גלייבן דען זיא מיינטן ער ווער לנג טוט
דא גינג דער חונה המעגל אין דאש בית המדרש אונט דרשת אין
דעם בית המדרש דא הורט ער וויא דיא רבונים ווידר אנגדיר זאגן
דיא דאזיגן הלכה אישט עבן אלש ווען זיא וועד אין דען יארן פון חונה
המעגל גילערנט ווארדן דען דער חונה המעגל דער האט אונש גאר
וואל גילערנט דען דא ער וואר אין דאש בית המדרש גנגאן אלי דיא
קשיות דיא מן אין גיפראגט האט דיא וואר ער דיא רבונים מתרץ·
דא ער דאש הורט דא שפראך ער איך בין דער חונה המעגל דא
וואלטן אין דיא רבונים ניט גלאבן אך דען זיא מיינטן ער ווער פר
לעבנגשט גישטארבן זיא וואשטין ניט ווי זיין שלופין אונ׳ זיא ווארדן אין
ניט מכבד אלש ער ווער וואל ביליך ווערט גיוועזן דא וואר ער שויאך
דא טעט ער תפילה דש ער שטערבן זאלט אונ׳ ער שטורב· דא רויף
זאגט רבא דש אישט דש שפריך ווארט פון דעם לייטן דש מייבט ווען
איינן דיא חברים ניט מכבד זיין וויא מיט ערשטן זא אישט בעשיר
ער זייא טוט דש שפריך ווארט או חברותה או מיתתו:

נה מסכת הולין פרק ראשון

**מעשה** רבי פנחס בן יאיר דער גינג אונ׳ וואלט גיפנגאן לייט
אויש לייזן דא קאם ער אן איין גרוש וואשיר דש היש
גנאי דא שפראך רבי פינחס גנאי טייל דיין וואשר פון אנגדיר אונ׳ לוש
מיך דיר דורך גין דא שפראך דאש וואשיר ווידר דען רבי פנחס דוא
גישט אונ׳ ווילשט טון דאש ווילן פון גוט ית״ש זיין גיבוט אונט איך גיא אך
אונ׳ טוא גוט ית״ש גיבוט בייא דיר אישט ניט גיוויש אז מן דיר דיא
גיפאנגאן לייט אויש לייזן גיבן אביר בייא מיר איז גיוויש דז איך מיין
גיבוט אויש ריכט אונ׳ אישט גיוויש דז איך אין דאש ים גיא איך וויל מיך
ניט שפלטן· דא שפראך רבי פנחס ווידר ווילשטו דיך ניט שפלטין
אזו וויל איך גיזר אויף דיר זיין דז ניאר מיר קיין וואשיר זאל אין דיך

לויפֿן: דא דאש וואשיר דאש הורט דא שפלט עש זיך פֿון אנבדיר
דא: דער רבי פנחס קאן טרוקין איין ריבר גאן וויא ער נון דיברן וואר:
דא קאם אך איינר דער טרוג ווייץ צום פסח דען וואלט ער מאלן צום
פסח דא שפראך רבי פנחס ווידר צום וושיר שפליט דיך אך פֿון
דש יודן וועגן דען ער גיט אך פֿון איין מצוה וועגן פֿון פסח דא שפלט
עש זיך ווידר דש דער מאן קעמיט אך דער דורך גין: דא גינג מיט אים
איין סוחר דאש וואר איין ערבי דער וואר צו רבי פנחס אויף דעם.
וועג גידואן אונט ווארן צוויא חבירים מיט אנבדר דא שפראך רבי
פנחס שפלט דיך אך פֿון דאש ערבי וועגן דער ווארטן אז מן ניט זאל
זאגן איין חביר איז מיט דען אנדרין גיגאנגן אונט האט אים היבטין
גילאזן דא שפלטיט עש זיך ווידר איין מאל דרויף שפריכט רב יוסף וויא
נאר קעשטליך איש דער פנחס בן יאיר מין אלש משה רבינו ווארום בייא
משה רבינו דא אונזר הער גוט האט דש ים גישפלטן דא האט ערש
גישפלטן פֿון כל ישראל וועגן אונט האט זיך בישט מין אז איין מאל
גישפלטן: אוב דא בייא פנחס בן יאיר דא זען בישט מין אז דרייא לייט
גיוועשן אוב האט זיך דרייא מאל גישפאלטן: וויא ער נוא וויטר גינג
דא קאם ער אין איין הרברג דא גאב דער ווירט דעם איזל גערשטן
אין דיא קריפא צו עשן דער איזל וואלט דיא גערשטן ניט עשן דא
שוואנג דער ווירט דיא גערשטן ווידר דורך אנבדיר ער מיינט דער
איזל וועלט דרום ניט עשין וויל באך פֿיל שפֿרייאר דרינן וואר אונט
שיטיט עש דען איזל ווידר פֿיר אזו וואלט דער איזל באך ניט עשן דער
ווירט זאגט עש ווידר רבי פנחס וויא דער איזל ניט וואלט עשן
אוב דיא גערשטן ווארן גאר ריין גיוועזן דא שפראך רבי פנחס ווידר
דען ווירט פֿיליכט אישט באך קיין מעשר פֿון דעם גערשטן גיגעבן
ווארדן דא גאב דער ווירט מעשר פֿון דעם גערשטן דא אס דער
באך דער איזל דיא גערשטן: דא שפראך דער רבי פנחס דיא ארים
בהמה דיא גיט אוב זאל טון איר שעפירש גיבוט אונט איר וועלט איר
גערשטן צו עסין געבן דיא ניט פֿר מעשרט איז: דא וואר רבי גיוואר
וויא רבי פנחס קאם דא גינג אין רבי אנטגיגן אוב שפראך אישט
דיין וויל זא זאלשטו מיט מיר עשן דא שפראך רבי פנחס ווידר רבי יוא
איך וויל מיט דיר עשן דא ווארט דעם רבי זיין פנים רוט פֿור גרושיר
שימחה וויל ער מיט אים עשן וואלט דא זאגט רבי פנחס ווידר רבי
רבי איך הלט דוא מיינשט איך האב איין נדר גיטאן דאש איך וויל קיין
הנאה האבן פֿון איינם בר ישראל איך וויל דיר זאגן ווארום איך ניט
גערן

גערן מיט איין יודן עש ישראל אישט איין הייליג פֿאלק אונט עסליכן
דיא האבן גערן דש מן מיט אין עשט אונט זיא האבן עש ניט צו געבן
אונט עטליכן האבן עש גאר וואל צו געבן אונט זיא האבן עש ניט
גערן דש מן מיט זיא עשט דען עש שטיט געשריבן דוא זאלשט
ניט ברוט עשן מיט איינן דער ניט גערן זיכט דש ברוט עשן דען ער
הייש איינן מיט עשן אביר זיין הערץ איז ניט דער בייא · וויא וואל דוא
עש גערן גיבשט אונ׳ דוא האשט עש וואל · נאך דעמוך קאן איך
איצונט ניט מיט דיר עשן דען איך מוש אייבט איין וועק רייטן פֿון
איינר מצוה הלבן אונ׳ איך מאג איך ניט זומן אביר ווען איך ווידר איין
רום קום זא וויל איך מיט דיר עשן · דא ער נון ווידר איין רום קאם
דא קאם ער אין דאש הויז פֿון רבי דא · וואלט ער זיין אייזל אין זיין שטל
שטעלן דא זאך ער וויא רבי ווייש · מויל אייזל אין זיין שטל שטין דיא זיין
גאר בסכנה אין איינם הויז אונ׳ גידאכט זאל איך מיט רבי עשן אונ׳ ער
האט דען מלאך המות אין שטל שטין · רבי הורט נון וויא ער קומן וואר
אונ׳ גינג אים אנויש אנטגיגן אין דאש הויז אונ׳ שפראך צו אים איך
האב דיין ריד וואל גיהערט אביר לאז דיא נישט הינדראן איך וויל דיא
מויל אייזלן פֿר קויפֿן · דא שפראך רבי פנחס דער פסיק גיט מן זאל
פֿר קיינם מענשן איין שטרויכלינג געבן דא שפראך רבי איך וויל
זיא ווידר אין וואלד לאשן לויפֿן דא זאגט רבי פנחס ווידר זא ווערדן דיא
אייזלן מיר שאדן טון אלש פֿאר וויל זיא ניט גיהיט ווערדן · דא זאגט
רבי איך וויל זיא לעמין אז זיא ווערן ניט קענן שלאגן · דא שפראך
רבי פנחס ווידר דאש ווער איין צער בעלי חיים אונ׳ דאש זעלבג איז
אך איין עבירה · דא שפראך רבי ווידר איך וויל זיא דיא קלאין אב
שניידן דש טוט אין ניט וויא · דא שפראך רבי פנחס ווידר עש
שטיט אך געשריבן דוא זאלשט נישט פֿר דרבן אונט טעשט אך איין
עבירה דער מיט דא מיט באט אים רבי דען רבי פנחס דש ער דאך
זאלט מיט אים צו מיטאג עשן וויא ער אים פֿר הייסן העט דא ער
וואר פֿאר בייא אים גיוועזן · דא גשאך זיך איין נס דש הקנה ליש איין
בערג וואקשן צווישן דען רבי אונ׳ צווישן רבי פנחס דש קיינר פֿון
איר ביידן מין צו אנגדר קאן קומן · רבי חנינה זאגט עש אישט קיין
רפואה דער צו ווען איין מויל אייזל בייסט דער דא וויש אז מן האט
גיזאגט אויף דען רבי פנחס פֿון דעם טאג אן דש ער זיין שכל ביקומן
דא האט ער נון ברכת גימאכט איבר ברויט דש ניט זיין אישט גיוועזן
דען ער וואלט ניט הנאה הבן פֿון אנדר לייט גוט אפילו פֿון זיינש איגן
פֿאטירש שפייז:

נו בירושלמי במסכת שקלים בעין יעקב

מעשה דער איזל פֿון רבי פנחס בן יאיר דער וואר איין מאל גיבוזן פֿון גזלנים דיא העטן אין גיבוזן אונט פֿירטין אין מיט אין איין היל אונ׳ זיא האטן דען איזל דרייא טאג איב׳ דער איזל דער וואלט ניט עשן דען ער וואשט וואל דש מן האט קיין מעשר פֿון דער תבואה גיגעבן דא זאגטן דיא גזלנים צו אנאנדר וויש זאלן מיר מיט דען איזל טון דער איזל ווערט דאך הונגאר שטערבן וויל ער ניט עשן וויל זאלן מיר דען איזל דער נאך אויך דעם פֿעלט ווארפֿין זא ווערדן עש דיא לייט דער נאך גיוואר ווא מיר זיין אונ׳ ווערן אונש זוכן אונ׳ מיר ווערדן אום אונזר חיות קומן זאלן מיר דען דיא נבלה אין דיא היל ביהלטן אזו ווערט דיא נבלה שטינקין ווערדן אין דער היל אונ׳ דער גישמאק דער אישטנאר אונ׳ גיזובט׳ זיא טעטן איינש זיא לישן דען איזל לייפֿן אזו לויף ער ווידר איין היים צו זיינם הערן רבי פנחס אונט דער איזל דער קאם ווידר פֿאר דיא טיר אונט שרייא הוך אלש דיא איזלן פֿלעגן צו שרייאן דא הורט עש רבי פנחס דש דער איזל שרייא אונ׳ שפראך טוט דער עבייה אויף אונ׳ גיבט איר צו עשן דען זיא האט אין דרייא טאגן בישט גיגעשן רבי שלומה מאכט ער וואשט וואל רבי פנחס דש דער איזל אן קיינם פֿרעמדן אורט ניט אש דען אין זיינם הויזמכל שכן דש ער האט בישט בייא דיא גזלנים גיגעשן זא שיטין זיא אים גערשטן פֿאר זיא וואלט אביר ביקש עשן דא שפראך רבי פנחס האט איר אביר מעשר דער פֿון גיגעבן זא זאגטין זיא ביין אזו נאבמן מעשר דער פֿון דער נאך אש ער דען גערשטין גנץ אויף אונ׳ אשזיך וואלזאט:

נז מסכת חולין פרק אילו טריפות

מעשה ער זאגט דער קיסר ווידר רבי יהושיע בן חנניה אויער גוט אישט גיגליכן צו איינם ליבן אלש דא שטיט גישריבן אין ליב שרייט ווער זאל ניט וויש זאגן דא הער איך וואל דש גוט דער הער צו איינם ליבן גיגליכן אישט וויש אישט דש פֿאר איין גרושן שטערק איין שטערקר מאן דער קאן וואל איין ליבן אום ברענגאן דא זאגט רבי יהושיע ווידר צום קיסר עש מיינט ניט איין שלעכטיר ליב עש מיינט דען ליבן דבי עלא דאש איש אויז דעם וואלד עלא דען זעלבין ליב מיינט עש׳ דא שפראך דער קיסר איך וואלט דען זעלבין

ליבן

ליבן גערן זעהן דא שפראך רבי יהושיע דוא קאנשט אין ניט זעהן
דא שפראך דער קיסר פֿר ווער דוא מושט מיר אײן ליבן ווײזן איביר
דײן דנק דא טעט דער רבי יהושיע תפילה דא גינג דער זעלביג ליב
אויש זײנר װאנונג · אונט ווא דער זעלביג ליב נאך פֿיר הונדרט
מײל נאך צום קיסר האט דא הוב ער אונ׳ ברומט זײנר שטים ווא נון
דער סדר פֿון דיא ליבן זײן · דא פֿר ווארפֿין אלי טראגן דינר ווײבר
איר קינדיר פֿון דען גרושן גשרײא אונ׳ דיא מויאר פֿון רוים דיא פֿיל
אום אונ׳ דא ער נון נאך דרײא הונדרט מײל צום קסיר העט דא הוב
ער ווידר אן צו ברומן · דא פֿילן דיא לײט דיא צין אויש איר מױלר ·
אונ׳ דער קיסר פֿיל פֿון זײנן שטול פֿאר גרושן שרעקין · אונ׳ דער
קיסר שפראך ווידר רבי יהושיע איך האב דיך פֿאר גבעטן דוא
זאלשט תפילה טון דש איך דען ליבן מאג זעהן · נון ביט איך דיך ווידר
אז דוא זאלשט תפילה טון אז דער ליב זעלט ווידר גן אין זײן וואנינג ווא
ער הער גקומן איז דען ווען ער נוך נעהנטר קומן ווער העט ער דיא
גנץ װעלט אום גבראכֿט אלזו טעט דער רבי יהושיע ווידר תפילה דא
גינג ער הינטיר זיך אין זײן רוא :

נח מסכת חולין פרק אלו טריפות

מעשׂה גשאך דער קיסר פֿראגט רבי יהושיע איך װעלט
גערן אויער גוט זעהן · דא שפראך רבי יהושיעה
ווידר דען קיסר דוא קאנשט אין ניט זעהן · דא שפראך דער קיסר
פֿיר ווער דוא מושט מיך אין ווײזן · דא גינג רבי יהושיע הין אונט
פֿירט דען קיסר מיט זיך אבויש אויף דאש פֿעלט אונ׳ דאש ווער עבן
אין דען חודש תמוז דש דיא זון גאר הײש שײנט דא שפראך דער
קיסר צו רבי יהושיעה נון ווײז מיר דײן גוט · דא שפראך רבי יהושיע
ווידר דען קיסר נון זיך קען היאול אבויף אזו ווערשטו גוט זעהן אונט
ווי אין ער זאלט אין דיא זון זעהן · דא שפראך דער קיסר ווידר רבי
יהושיע איך קאן ניט איבר מיך זעהן אין דיא זון · דא שפראך דער
רבי יהושיע ווידר דען קיסר נון זיך דען זעלבין טאג דש הקבֿ״ה זײן
דינר אײנש פֿאר אים דינט אזו קאנשטו זײן דינר ניט אן זעהן אלש
גיא זון דיא אישט אײן משרת צו תקבֿה מכל שכן דז דוא הקבֿה זעלברט
ניט קאנשט זעהן אונ׳ לש זיך דער מיט אב ווײזן :

## מסכת חולין פרק אלו טריפות

מעשה גשאך דער קיסר זאגט ווידר רבי יהושע איך וועלט גערן דיין גאט איין סעודה מאכן דש ער מיט מיר זעלט עשן דא שפראך רבי יהושע ווידר דעם קיסר דוא פֿאר מאגשט עש ביט דען הקב״ה האט פֿיל דינר · דא שפראך דער קיסר ווידר פֿר וואר איך פֿר מאג עש וואל דא שפראך רבי יהושע דא גיא הין אבויש אויף דאש וויט פֿעלט בייא דעם בך רביתא אונ׳ לאש דיא סעודה דער בייא צו ריכֿטן · דא מאט זיך דער קיסר זעקש חדשים לנג אים זומר צייט אונט ליש טיש צו ברייטן מיט פֿיל ארלייא גוטן עשן שפייז אונט מיינט ער העט עש גאר וואל צו גריכֿט · דא קאם איין גרושר ווינט אונ׳ וויאט דיא טיש אל אין דען בך אביין · דא גינג דער קיסר הין אונ׳ מאט זיך ווידר זעקש חדשים לנג אים ווינטר צייט אונ׳ ליש ווידר פֿיל טיש צו ברייטן מיט גוטן עשן שפייז דא קאם איין גרושר רעגן אונ׳ שוועמיט דיא טיש אל הין וועק אין בך אביין דא זיא הין איין וועק שוואמן דא שפראך דער קיסר ווידר רבי יהושע וויש אישט דאש ווען איך לנג צו רישט דא קומט דאך נימט אונ׳ עש קומט דאך אין וועק · דא ענטוורט רבי יהושע ווידר דש זיין גיוועזן הקב״ה משורתים דיא האבן דש דאזיג אלש אויף גיגעשן דא שפראך דער קיסר ווען עש וויל אזו צו גין דא זיך איך וואל דש אין צו רישטן אלש אום זונשט אישט אונ׳ ליש בוא בלייבן אונ׳ ריכֿט נישט מין צו:



## מסכת חולין פרק אילו טריפות

מעשה עש זאגט דעס קיסרש טאכֿטיר ווידר רבי יהושע אויער גאט אישט איין צימר מאן אז מיר פֿינדן אין אייער ביכֿר המקרה כמים עליותיו דאש אישט טייטש דער דא האט גיבעלקט אים וואשר זיין באדים · דא הייש מיר אין אך איין פֿין שין לושט הויז בויאן · וויא עש אזו אייבר טאכֿטיר צו גיהערט · דא שפראך רבי יהושע ווידר צו איר דאש וועלין מיר גאר וואל צו וועגן ברענגן · דא הוב רבי יהושע אן אונ׳ טעט גאר גרושה תפילה אויף זיא דא וואר זיא מצורע דא גאב מן איר איין הויז איין צו רום אויף דעם מרק דען עש וואר דער סדר אין רוים דז מן דיא מצורעים איטליכֿים איין הויז איין גאב אויף דען מרק אונ׳ אזו בליב דען קיסרש טאכֿטיר אין דעם הויז זיצן אם דעם פֿענשטר אונ׳ שפאן פֿלאקש אם פֿענשטר אונט

זיא זאש דעש הלבן אם פֿענשטיר דש זיא דיא לייט זאלטן זעהן אונ׳ זאלטן פֿר זיא ביטן דז זיא דאך זעלט ווידר הייל ווערדן׳ אייבש טאגש גינג דער רבי יהושע איבר דען מרק פֿר אירן הייזלין אן דא זאש זיא אונ׳ שפאן פֿלאקש דא זאגט ער צו איר האט דיר אונזר ליבר הער גוט אין לושט הייזלין גבויט׳ דא זאגט זיא ווידר רבי יהושע ליביר זאג ווידר אייער גוט דז ער איר ווידר געמט וויש ער איר גגעבן האט׳ דא שפראך רבי יהושע ווידר צו איר אונזר ליבר הער גוט דער גיבט אביר ער נעמיט נישט ווידר:

## סא מסכת חולין פרק כל הבשר

מעשה איין איטליגיר מענש דער זאל גיווארבט זיין דז ער קיין ברוט אויף דער ערדן ווארפֿט אדר אויף דער ערדן ליגן לושט דען מן מעכיט זינשט אויף דאש ברוט טרעטין׳ דארויף זאגט דער אביה פֿון ערשטן האב איך גמיינט מן קערט דרום דיא שטוב אויש ווען מן גגעשן האט דער ווארטן דז עש זאל גאר רייבטליך זיין ביז דז איך גהערט האב מן מעכיט אויף דאש ברוט טרעטן ווען מן ניט זעלט אויש קערן אונ׳ ווען מן אויף דאש ברוט טרעט דא קומט גרוש ארמיט דער פֿון׳ דען עש וואר איין מאל איין מאן דעם גינג דער שר דער איבר דען ברוט אישט גזעצט דער דא היישט נביל נאר הרט נאך אונ׳ דען גוטן מאן גערין צו ארמיט גבראכט אונ׳ מייבט ער זאלט ברוט לאשן ליגן דש מן זעלט דרויף טרעטן׳ איין מאל אש דער זעלבינג מאן אויף איין גרינן גראז דא גדאכט זיך דער שר דער איז איבר דען ארמיט גזעצט איצונדר וויל איך אן בייא קומן דען ער קאן ניט דיא קליינן ברעקלין ברויט ניט אויש דעם גראז קלויבן אונ׳ ווערט דער נאך דרויף טרעטן דא נון דער מאן גגעשן האט דא נאם ער איין שויבל אונ׳ שטאך דאש גראז מיט דיא קליינה ברעקלין ארויש אונ׳ ווארף עש מיט דעם גראז אין דאש וואשיר אכיין׳ דא הערט דער זעלבינג מאן איין שטים דש זאגט וויא צו מיר דש מיך דיזר מאן הוט אויש גצוגן אויש זיינם הויז דא איך מיין וואניך דא איגן האב גהט ער מייבט ער קעניט אין ניאן בייא קומן ער מושט נין פֿון אים אב לאשן׳ דער הלבן זאל מן גיווארבט זיין קיין ברויט אויף דיא ערד צו ווערפֿין אדר ליגן צו לאשין וויא וואל דז מירש איצונדר גאר וויניק אכטין׳ דאריבר מענכיר גוטר מאן פֿר שמעכט:

## סב חולין פרק כל הבשר

**מעשה** ער זאגט אביי פֿון ערשטן האב איך גימיינט וועלכיר
מענש דער דא עסיש עשט איש איינס גיבונט דש
דיא גערטנר צו איין זאין בינדן עש ווער גיזעהן אז ער ווער איין רב
רעבתן׳ דען ער קענט ניט ווארטן ביז ער דאש גיבונט אויף שניידן
דען דיא גערטניר פֿלעגן קנאפליך אונ׳ צוויבל אונ׳ רעטיך צו איין זאן
בינדן ביז איך גיהערט האב מן קאן איינס כישוף דער מיט טון וועלכיר
ניט גיווארביט דראן אישט דער הלבן זאל איין איטליכר גיווארביט דראן
זיין דז ער דאש גיבונט צוויבל אביר קנאבליך אביר רעטיך פֿאר אויף
בינדן אי ער עש עשן וויל דא גישיכט אים ניקש דער פֿון :

## סג חולין פרק כל הבשר

**מעשה** גישאך רב חיסדא ורבה בר רב הונה דיא וואלטין איבר
איין וואשר פֿארן אין איינס שיף דא וואר עבן אך
איין שרתה פֿון רוים דיא וואלט אך מיט איבן פֿארן׳ דא וואלטן זיא
דיא שרתה ניט מיט נעמן בייא זיך אין דאש שיף דא מכט זיא מיט
כישוף דש דאש שיף ניט קעניט פֿון לנט קומן׳ דא זאגטין דיא צווייא
רבונים שיאות דש דאש שיף פֿון לנט גינג דא שפראך דיא שרתה
ווידר דיא צווייא רבונים וויש זאל איך מיט אייך טון איך קאן אייך קיין
כישוף טון׳ דען אייער קיינר האט זיך זיין טאג ביא גיווישט מיט איין
אירדן שערבן אונ׳ אייער קיינר האט זיין טאג קיין לויז אויף זיינר
קליידר גיטיט אונ׳ אייער קיינר האט אך נישט גיגעשן איש איינס
גיבינט אי ערש אויף גישניטן האט פֿור׳ דער הלבן ליבן לייט זייט
גיווארנט אן דיא דרייא ערלייא דא קאן מן אייך קיין כישוף דער
מיט גיטאן :

## סד מסכת חולין פרק כל הבשר

**מעשה** גישאך אביי זאגט איך האב מיט ערשטן גימיינט מן
זאל זיך דער הלבן אובטר קיין ווסיר רין ניט זעצן
דען דאט וואשיר מעכיט אויף אין איין ראב רינן ביז איך גיהערט האב
דש עש איין גרושה סכונה דרונטיר צו זיצן אישט פֿון וועגן דיא
שידים דיא האבן איר וואכין דרונטיר דיא רין׳ דען עש וואר איין
מאל צווייא ארמן מאכן דיא פֿפֿלעגן אל דינג אום דאש לון צו טראגן

אן איינר שטגגאן · איינש מאל דא טרוגן זיא איין פֿס מיט ווין אן דער
שטאנגאן אונ׳ וואלטן דער מיט רואן אונ׳ שטעלן דאש פֿס איין נידיר
אויף דאש ערד אונטיר איין רין דא צו בראך דאש פֿס מיט ווין אן דער
שטנגאן אונ׳ דער ווין דער לוף אלש אויף דיא ערד זיא גינגאן הין צו
רב אשי דער וואר עבן ראש ישיבה דא גידאכט רב אשי גאר וואל אז
דיא שידים העטן עש גיטאן אונ׳ ליש איין חרם אויש גין ווער ליר עש
גיטאן האט דער זאל קומן אונ׳ זאלש זאגן אלזו קאם דער שד דער עש
גיטאן האט דא שפראך רב אשי צום שד זאג הער וועשט הלבן
האשטו דען צווין ארמי לייט דאש פֿס מיט ווין צו בראכן · דא שפראך
דער שד ווידר דער הלבן דש זיא מיר דאש פֿס מיט ווין אויף מיין אור
גיזעצט האבן דען איך הט עבין דא גישלאפֿן דא שפראך רב אשי ווידר
צו אים ווארום האשטו דיך גלינט עבין אן איין אזו ארט ווא דיא לייט
פֿלעגן הין צו גין · דא גידבט אונ׳ בצאל אירן פֿס מיט ווין דש זיא ניט
איביר דיך קלאגן דא שפראך דער שד ליביר רבי גיב מיר איין צייט צו
דער בצאלנג דא זעצט אים דער רב איין צייט · נון דיא צייט קאם
אונ׳ דער שד קומט ניט אז ער זאליט דיא צוויא לייט בצאלן אונ׳ נאך
דעם זאן קאם ער דאך · דא פֿראגט רב אשי ווארום בישטו ניט
גיקומן אויף דיין צייט אז איך דיר גיזעצט האב דא שפראך דער שד
ווא איין ריבר בין איך גיקומן דאש אישט אלש גיצילט גמעשט אונ׳
פֿר זיגלט גיוועזן אונ׳ צו גיקנויפט גיוועזן דא האט קיין שד קיין
גיוואלט דריבר צו נעמן ביז איינר גיפֿענט דש ניט גיצילט אדר פֿר
זיגלט אדר צו גיקנופט אישט דער הלבן האב איך מיט דער
בצאלונג גיהט גיזומט :

סה    מסכת יומה פרק שלושה

**מעשה** דיא רבונים האבן גילערנט איין ארמיר אונ׳ איין
רייכר דיא ווערן אלי בייד קומן אויף יענה וועלט פֿור
הקב״ה ליום הדין דא ווערט מן טון זאגן צו דעם ארמן זאג אן ווארום
האשטו ניט תורה גילערנט אויף דער וועלט ווא דוא בישט גיוועזן דא
ווערט דער אר מיר זאגן ליביר הער גאט איך בין גאר זיר גימיט גיוועזן
מיט מיינר ארמיט אין מיינר נארונג דש איך דער פֿיר ניט האבן
קענין תורה לערנן · דא ענטפֿרט מן אים ווידר בישטו דען ארמיר
גיוועזן אלש הילל דען מן האט גיזאגט אויף דען אלטן הילל אלי טאג האט
ער איין שילונג גיהט פֿר דינט דא גאב ער דיא העלפֿיט דען שומר

דער איבר דען בית המדרש געזעצט אישט געוועזן אונ׳ דער אנדר
העלפֿט האט ער זיך מיט זיין וייב אונ׳ קינדיר געשפייזט דער מיט
אונ׳ האט דאך תורה דער בייא געלערנט · איינש טאגש איין מאל אזו
האט ער נישט קענן פֿר דינן אזו האט אין דער שאש ניט
וועלן אים בית המדרש אניין לאשן ווארום ער האט אין נישט געהט
צו געבן צו לון אן האט דען שאש אלי טאג עפיש געבן ווער אין דעם
בית המדרש האט וועלן אניין גין · דא גינג ער אויף דאש טך אונ׳ לינט
זיך אויף איינם פֿענשטער אין דער ווארטן דש ער קונט הערן דיא
תורה דיא דא אויש גינג אויש דעם מויל פֿון שמעיה ואב[illegible]לין דען
זעלבין טאג דא וואר עש עבן ערב שבת אונ׳ וואר עבן תקופת שבת
אונ׳ עש פֿיל איין גרושר שני אויף אין אונ׳ דער שני דעקיט אין גאנץ
צו דא עש נון ווידר טאג ווארט דא זאגט שמעיה צו אבטליון מיין ליבור
ברודר אלי טאג אישט דאש הויז גאר העל געוועזן אונ׳ הייט דיזר טאג
אישט עש גאר פֿינשטר פֿילייכט אישט הייט איין געוועלקליכיר טאג
דא זאכן זיא איבר זיך דא זאכן זיא איין געשטלט איינש מענשן אובן
אין פֿענשטיר ליגן אזו גינגן זיא הנויף אויף דאש טך דא פֿאנדן זיא
דא דען אלטן הילל דש דרייא איל הוך דער שניא אויף אין לאג אזו
טעטין זיא דען שניא פֿון אין איין וועק אונ׳ זעצטן אין אין איין ווארום
באד אונ׳ שמירטן אין אונ׳ זעצטן אים בייא דאש פֿייאר · דא שפראכן
דיא לייט אז דער דאזיג איין מאן אישט דאש איז בילך אז מן איבר אין
זאל מחלל שבת זיין · דא מיט האט דער עני קיין פֿאר ענטווארונג דז
ער דיא תורה ניט האט קענן לערנן דען ווען איינר שון ארום אישט
דא קאן ער דאך וואל תורה לערנן · דער נאך שפריכט מן צום דעם
עשיר ליום הדין זאג הער ווערשט הלבן האשטו ניט תורה געלערנט ·
זא טוט דער עשיר זאגן איך בין רייך געוועזן אונ׳ בין געמיט געוועזן מיט
מיינה גרושה עסקים אונ׳ האב ניט דער וייל געהט צו לערנן · דא
זאגט מן ווידר צו אים בישט יא ניט רייכר געוועזן אז אלעזר בן חרסום מן
זאגט אויף אין דש זיין פֿאטיר האט נאך זיין טוט געלאשן טויזנט שטיט
אויף דיא טריקנים אונ׳ דעש גלייכן טויזנט שיף אויף דאש ים אונ׳ איז
דאך הין גינגאן אלי טאג אונ׳ האט זיך איין גרושי משאוי אויף געלאדן אונ׳
אישט גנגאן פֿון איינם לנט צום אנדרן אונ׳ האט תורה געלערנט ·
איינש טאגש בגעגנט אים זיינש קנעכט איינר אונ׳ קונט אים אביר
ניט אונ׳ שפראך צו דעם רבי עלעזר דוא מישט הייט איין טאג ערבטן
דיינם הערן רבי עלעזר דא שפראך ער צו אין ביט דיך לוש מיך גין דען

איך

איך אוז תורה לערנן אזו זאגט דער קנעכט ווידר צו אים אזו וואר אזו
לעבט רבי אלעזר בן חרסום איך לאש דיך ניט גין. דא גאב ער אין אלז
דאז געלט אז ער בייא אים האט דז ער אים גין ליז אונ' וואלט זיך ניט צו
דער קענן געבן דז ער דער רבי אלעזר וואר דער ווארטן דז ער קענט
תורה לערנן · אונ' אל זיין טאג האט ער זיין פאטרש גוט נאך שטיט
נאך שיף ניט געזעהן נייארט ער איז געזעשן אונ' האט תורה גלערנט ·
צום דעם רשע שפרכט מן אויך ליום הדין זאג דוא העיר ווארום
האשטו ניט תורה גלערנט ווען ער וועט שפרעכן איך בין הויפש
געוועזן אונט דער יצר הרע האט מיך שורד גמאכט דש איך ניט האב
קענין לערנן · דא שפריכט מן צו אים האשטו דען מיר יצר הרע
בייא דיר געהט אז יוסף הצדיק דש אלי טאג איז פוטיפרש וייב הין
גנגנאן אונ' האט אים געשיקט שינה קליידר דז ער האט זעלן אן קליידן
דיא קליידר אז ער האט צו מארגנש אן גיטאן דיא האט ער ניט צו
אובנט אן געהט אונ' דיא קליידר דיא ער האט צו אובנט אן געהט דיא
האט ער ניט צו מארגנש אן געהט דען הויפשי קליידר דיא ברעגנאן
איינן צום יצר הרע דא האט זיא צו אים גזאגט הער צו מיר אונ' ליג
בייא מיר דא האט ער ווידר גזאגט ניין איך וויל ניט דא האט זיא גזאגט
צו אים ליג בייא מיר אביר איך וויל דיך לאשן תפסן דא האט יוסף
ווידר צו איר גזאגט ה' מתיר אסורים דאש איז טייטש גוט דער לידיגט דיא
דא געפנגאן זיין · דא האט זיא ווידר אין גזאגט איך וויל דיר דיין היך
לאשן בידיר מאכן דא האט ער ווידר גזאגט ה' זוקף כפופים דש אישט
טייטש גוט דער ריכט אויף דיא געבוקטין · דא שפראך זיא ווידר איך
וויל דיר דיין אויגן לאשן אויש שטעכן דא זאגט יוסף ווידר ה' פוקח עורים
דאש אישט טייטש הקב"ה דער עפנט דעם מענשן זיין אויגן ·
דער הלבן ליג איך ניט בייא דיר הקב"ה קאן מיר וואל בייא שטין דא
גאב זיא אים טויזנט צענטניר זילביר ער זאלט בייא איר ליגן דא
וואלט ער דאך ניט בייא איר ליגן דא אישט אז דער פסיק שפריכט
ולא שמע אליה לשכב אצלה דש איז טייטש אונ' ניט ער וואלט הערן צו
איר דז ער וואלט בייא איר ליגן דא מיט האט דער רשע אך קיין פאר
ענטווארונג דא ווערט געפונדן דש דער אלט הילול דער מכט חייב
דיא ארמן · רבי אליעזר דער מכט חייב דיא רייכן · יוסף הצדיק דער
מכט חייב דיא רשעים · דער הלבן זול איין איטלכיר אן דער תורה
גווארנט זיין · דא קומט ער ניט אין דאש גיהנום הביין ׃

**מעשה** ריש לקיש דער פֿאר קויפֿט זיך זעלבר צו דען לודאי דאש זיין דיא פֿולקיר דיא דא דען מענשין זעלברט לעבנדיג עשן אובט ער האט זיך פֿר קויפֿט צו איבן אי ער האט תורה גלערנט דיא וויל ער נאך איין יונג וואר· דא האט ער בייא זיך גנומן איין זק אוב׳ אים דעם זק האט ער איין בלייאן קוגיל גטאן אובט ער גידוכֿט זיך אזו דיא לודאים דיא האבן איין זולכֿן סדר אן אין אן דעם זעלבגן טאג דש זיא איינן וועלין טיטן דא לאשין זיא אין פֿאר איין ביט ביטן זונדר אום דאש לעבן אובט דיא זעלביג ביט דיא גוועהרן זיא אין דער ווארטן אז ער אין זעלט עשטר אי אוחל זיין אויך דאש בלוט· אוב׳ ויא עש נון קאם אן דעם טאג דש מן אין זולט טיטן דא זאגטן דיא לודים צו אים ביט דוא אונש איין ביט פֿאר דיינם טוט דא וועלן מיר זיא דיר גוועהרן זונדר פֿאר דאש לעבן דערפֿשטו ביט צו ביטן· דא שפראך ער צו איבן זאל איך יוא ביטן דא וויל איך אייך עפיש ביטן זא בינגער איך דש איך אייך וויל בינדן אוב׳ וויל אייך אל זעצין בייא אנבדיר נאך איין צייל אובט לאש מיך פֿון אייך איין איטליכֿר אנדר הלבן שלעגן מיט דיזים זק געבן· דער נאך וויל איך גערן אוחל זיין ווען איר מיך שון דער נאך מיאת זייט דא גוועהרטן זיא אין זיין ביט אוב׳ לישן זיך אל בינדן אוב׳ לישן זיך נעבן אנבדיר זעצין· דא נאב ער איטליכֿים איין שלאך אז ער אום פֿיל אובט דש אים זיין נשמה אויש גינג אוב׳ זיא פלעבטין זיך מיט אירן צינן דא שפראך ריש לקיש צו איבן איך זיך וואל איר שפאט מיינר נאך איר הבט נאך איין הלבן שלאך בייא מיר אוב׳ גאב אין נאך איין הלבן שלאך אובט וואר זיא אל מיאת אוב׳ ער גינג פֿון איבן איין וועך· אובט אל זיין טאג פֿון דען ריש לקיש וואש ער האט פֿר דינט דא פר טעט ערש גלייך ווידר אין עשן אוב׳ אין טרינקין· דא זאגט זיין טאכֿטיר איין מאל צו אים ליבר פֿאטיר קויף דיר איין בעט אביר איין קושן אום דיין געלט אז דוא דרויף ליגש· דא שפראך ער ווידר ליבה טאכֿטיר איך האב איין גרושן בויך דאש אישט מיין בעט אוב׳ קישן· דא ער שטורב אזו ליש ער איין מעסלין מיט זפֿרין איביר זיין ענט אובט ער זאגט איך בין מקיים דען פסיק ועזבו לאחרים חילם דש איז טייטש אובט זיא פֿאר לאשין איר צו איינם פֿרעמדן דש אין אנדר לייט העבט קומט:

סז מסכת בבא מציאה פרק הפועלים

מעשה רבי יוחנן דער וואר דער אליר שינשטן מאן דען מן
אין דיא גנצין וועלט מוכֿט פֿינדן איין מאל דא וואר
אים גאר ווארים דש ער זיך באדיד אים וואשיר אים ירדן דא קאם
עבן אך איין גזלון דער זאך דען מאן אים ירדן אונ׳ דער גזלן דער פֿאר
וואנדרט זיך אן זיינר הובשקייט דיא דער מאן אן אים האט אונ׳ ער
מיינט ער וואר איין ווייבש בילד אונ׳ שפראנג אין דאש וואשר היניין
אונ׳ דער גזלן וואר גיוועשט ריש לקיש · דא שפראך רבי יוחנן צו אים
איי וויא איין גרושי כוח האשטו צו דער תורה לערנן דא שפראך דער
גזלן ווידר אייא וויא ווערשטו אזו שין צו איינם ווייבש בילד · דא שפראך
רבי יוחנן צו אים ווילשטו פֿון דיינן בזן שטיק אב לאשן אונט ווילשט
תורה לערנן אזו וויל איך דיר איין שוועשטיר געבין צו איינם ווייב
דיא איז פֿיל היפשיר דז איך בין דא שפראך דער גזלן יוא איך וויל
תורה לערנן ווען דוא ווילט מיר דיין שוועשטר געבן · זא שפראך רבי
יוחנן זא שפרינג ווידר ארויש אונ׳ הול מיר דיא קליידר וויא דוא בישט
פֿור אריין גשפרונגן · דא קונט ער ניט הלב אזו וויט שפרינגן
אז ער פֿור גשפרונגן איז דא זאך רבי יוחנן וואל דז ער מיט גנצין
הערצין גמיינט האט אז ער וויל תורה לערנן אלזו וואר ער אים מגייר
אונ׳ לערנט אין תורה אונ׳ ער גאב אין זיין שוועשטיר · דען ווען איינר
דאש יאך פֿון דער תורה אויף זיך האט אזו קאן ער ניט הלב אזו לייכֿט
פֿערטיג זיין אלש פֿאר אונט אלזו לערנט ער גאר זער דש ער איין
גרושר לערניר וואר אונ׳ וואר גהיישן רבי שמעון בן לקיש דער דא
האט גמערט פֿיל תורה אונטר ישראל · עש בגאב זיך איין מאל אויף
איין צייט דז איין פיפול אין דעם בית המדרש וואר צווישן רבי יוחנן
אונ׳ ריש לקיש דאז טראף אן איין שווערט אונט איין מעשיר אונ׳ איין
שפיז אונ׳ איין זיכל ווען זיא מקבל טומאה זאלן זיין · ווען זיא גנץ אויש
גמאכֿט זיין · דא קריגט רבי יוחנן אונ׳ ריש לקיש דארן רבי יוחנן זאגט
ווען זיא אויש דעם היישן פֿויאר קומן זא זיין זיא גנץ אויש גמאכֿט ·
אונ׳ ריש לקיש שפראך ניין ווען מן עש האט ווידר אויש דעם וואשר
גטאן · דא שפראך רבי יוחנן אייא דוא גזלן דוא ווייסט דאז וואל דען
דאש אישט פֿון דיינר אומנות דש איין גזלן ברויכֿן מוש · דא שפראך
ריש לקיש וויש איז מיר נוא ביהאלפֿין מיט מיינר תורה לערנן
איצונדר היישט מן מיך רבי פֿור האט מן מיך אך רבי גהיישן · דען

איך

איך בין פֿור דער איברשטן אובטר דיא געלבים געוועזן · דא שפראך רבי יוחנן איין זופיל העלפֿיט עש דיך דז דוא מיט דייבר תורה קאנשט חלק עולם הבא האבן · דא ווארד רבי יוחנן זער צארניג אוב׳ גאב זיין אויגן אוי׳ אין דז ריש לקיש גאר קראנק ווארד · וויא דאש ריש לקיש וויב זאך דז איר מאן שטערבן זאלט דא גינג זיא צו אירם ברודר רבי יוחנן אוב׳ באט אים דש ער איר מן דאך זאלט לעבן לאשן דא מיט אז זיא ניט זעלט איין אלמנה זיין אוב׳ איר קינדיר ארמן יתומים ווערדן · דא זאגט רבי יוחנן צו איר דוא אוב׳ דיינן קינדר בידרפֿין ניט צו זארגן איך וויל אייך וואל דער נערין ווען אייער מאן שון טוט אישט אלזו שטורב ער דער נאך ריש לקיש · דא ווארזיך רבי יוחנן זער אום אין מצער · דא זאגטן דיא רבונים ווער וויל גין אוב׳ וויל רבי יוחנן מרחם זיין איר וועלן אין רבי אלעזר בן פרת שיקין דער זאל אים זיין קשיות אלמתרץ זיין פֿון ריש לקיש ווענין וויא נון רבי אלעזר בייא אים לערנט אוב׳ דש רבי יוחנן דיא הלכה זאגט אלש וואש רבי יוחנן זאגט דא זאגט רבי אלעזר איך האב עש אך אלזו געלערנט וויא דוא עש געלערנט האשט · דא הוב רבי יוחנן אן וואש זאלשטו זיין וויא ריש לקיש געוועזן אישט ווען איך דיא הלכה גיזאגט האב אזו האט ער מיך פֿיר אוב׳ צוואנציג קשיות גיפֿרעגט אוב׳ האט מיר ווידר פֿיר אוב׳ צוואנציג תירוצים דרוי׳ געגעבן אוב׳ האט מיך גאר שרוי׳ גימאכט אין מיינם לערנן אוב׳ דוא שפריכשט ווען איך עפיש זאג דוא האשט פֿור אך אלזו געלערנט וויש איך דאש איך דען פשט רעכט זאג · דא גינג רבי יוחנן הין אוב׳ צו ריש זיינן קליידר אוב׳ וויינט אוב׳ שפראך וואו בישטו בן לקיש וואו בישטו בן לקיש אוב׳ אלזו וואר ער זיך גאר זיר מצער אום אין ביז ער משוגע ווארד אום דעם רבי יוחנן וויא דאש נון דיא רבנים זאגן דש ער וואר משוגע געווארדן אזו טעטין זיא תפילה אוי׳ אין דש ער אך שטורב אוב׳ אין דער נאך אך בגראבן :

## סח מסכת כתובת פרק מציאת אשה

מעשה אישט גישעהן אן רבי יוחנן בן זכאי דער וואש רייטן אויש ירושלים אוי׳ איינם אייזל אוב׳ זיינן תלמידים דיא גינגן אים נאך דא זאך ער איין פֿרויא דיא קלויבט דיא גערשטנר קערנייר אוי׳ אויש דעם קויט פֿון דיא בהמות פֿון דיא ערביים דא נון דיא פֿרויא דען רב זאך דא באנד זיא דען שלייאר רעכט אוי׳ אוב׳ גינג צו אים אוב׳ זאגט צו אים ליבר רבי שפייז מיך · דא שפראך ער צו

איר

איר איין ליבה טאכֿטיר ווער בישטו · דא שפראך דיא איך בין דיא
טאכֿטיר פֿון נקדימון בן גוריון דא שפראך ער ליבה טאכֿטיר ווא אישט
דיין פֿאטרש גוט הין געקומן ער איז דאך גאר רייך געוועזן · דא שפראך
זיא ליביר רבי דאש שפריך ווארט גיט צו ירושלים ווער זיין גוט וויל איין
זלצין דש ער עש ביהלטן וויל דער זאל צדקה דער פֿון געבן · איין טייל
לייט זאגן אזו · ווער זיין גוט אין זלציט אוב גיבט קיין צדקה דער פֿון
דעם געבריכֿט צו לעבט זיין מומן · דא זאגט רבי יוחנן ווידר ווא אישט
דיין שוועהרש גוט הין געקומן · דא שפראך זיא עש אישט געקומן אז
אייניש דאש אנדרש האט טון פֿלירן · דא שפראך זיא ליביר רבי
גדענקט איר דאש נאך דא איר האט אייך געחתמנת אויף איינה
כתובה דא זאגט ער ווידר זיינן תלמידים איך גדענגט דא איך מיך
האב געחתמנת אויף איר כתובה דא האב איך דינן געלייאנט דש דיא
נדוניא אישט געוועזן טויזנט מאל טויזנט גאלד גילדן דש זיא אים האט
צו געבראכֿט זונדיר וואש זיא האט פֿון אירם שווער האט ביקומן · דא
הוב רבי יוחנן אן צו ווייבן אוב זאגט וואל אייך ישראל ווען איר הקב״ה זיין
וילן טוט זא אישט קיין פֿאלק נאך קיין שפראך דיא אן אייך קאן
גוועלטיגן · אביר ווען איר ביט הקב״ה זיין וילן טוט זא ווערדן זיא
געגבטפֿרט אין הנט אייניש פֿאלקש דאש נידיר אישט · אוב ביט אליין
דש זיא ווערדן געגבטפֿרט אין איין פֿאלק איין בידרוש דער צו אין
אירש פֿינד הנט · דא פראגט דיא גמרא האט דען נקדימון בן גוריון קיין
צדקה געבן איר הון דאך גלערנט ווען דער בקדימון אויז זיין הויז אין
דאש בית המדרש אישט גנגגן דא האט מאן אין גשפרייט איידל
זיידן געוואנט דש ער דרויף גנגגן אישט אוב דער נאך לאשט מן עש
עניים נעמן · איין טייל לייט זיין עש אתרץ ער האט עש גטאן זיין
כבוד הלבן ניט אום צדקה הלבן · איין טייל לייט זיין עש אתרץ ער
זאלט בילך פֿיל מין צדקה געבין האבן אלש ער גגעבן האט דער הלבן
וויל ער ניט האט גנונג צדקה געבן דער הלבן אישט ער אום דאש
זיין געקומן · אלש דאש שפריך ווארט גיט דורבאך אז דאש קעמלין
עשט דער נאך לינגט מן אויך אין איין לשט אויף · דאש אייניט אזו דער
נאך אז איינר פֿיל האט דער נאך זאל ער אך צדקה געבין פֿיל אוב דש
האט דער נקדימון בן גוריון ניט גטאן דער הלבן אישט ער ארים
געווארדן · דער נאך שפריכֿט רבי אלעזר בר צדוק אזו וואר זאל איך
זעהן דש ציון ווידר זאל געבויט ווערדן דש איך דיא זעלבין פֿרויא
אין דער שטאט עכו געזעהן האב דש זיא האט דיא גירשט אויף

גיקליבט צווישן דיא פֿויש פֿון דיא פֿפֿערדן אלזו גאר ארים
וואר זיא גיווארדן :



**מעשה** פֿון רבי עקיבה איער האט קעבין לערנן דא איזט ער גיוועזן איין שאף הירט בייא דעם עשיר כלבא שבוע צו ירושלים אונ׳ דער זעלביג עשיר דער האט איין פֿיינן טאכֿטיר דיא זאך וואל אז דער שאף הירט גאר צוכֿטיג וואר מיט אל זיינן ווערקין אונ׳ זיא שפֿראך צו אים ווען איך מיך לאש פֿון דיר מקדש זיין ווילשטו אויש ציהן לערנן· דא שפֿראך ער יא איך וויל גערין אויש ציהן לערנן· אלזו וואר ער זיא הייאליך מקדש דש עש דיא לייט ניט גיוואר ווארדן אונ׳ נאם רשות פֿון זיינם הערן אונ׳ פֿר ליש דיא שאף צו היטן אונ׳ צוג אויש לערנן· אונ׳ דער נאך וואר דער כלבא שבוע גיוואר וויא זיך דיא טאכֿטיר האט זיך פֿון זיינם הירט מקדש לאשן זיין דא טעט עש אים גאר וויא דען ער העט זיא וואל איין קעשטליכֿר נאך גיט גיגעבן· אונ׳ טריב דיא טאכֿטיר אויז זיינם הויז אונ׳ טעט איין נדר דש זיין טאכֿטיר זאל קיין הנאה האבן פֿון אל זיין גוט וויל ער לעבט· נון דער גוט מאן עקיבה דער צוג אויש לערנן אונ׳ בליב צוועלף יאר אויסן דער נאך קאם ער איין היים אונ׳ בראכֿט מיט זיך צוועלף טויזנט תלמידים· דא זאגט איין אלטן פֿרויא צו דש איר מאן נאך בייא לעבן איזט אונ׳ איזט איברים אזו בישטו אך· דא שפֿראך דיא טאכֿטיר ווידר צו איר ווען ער איר וועלט פֿאלגן אזו זעלט ער נאך צוועלף יאר אויש ציהן לערנן נון דיא הורט רבי עקיבה פֿון זיינם וייב אונ׳ זאגט איך הער וואל ווען איך ווידר לערנן צוג עש ווער איר וואל דער בייא· אונ׳ גינג הין אונ׳ מאכֿט זיך ווידר אויף אונ׳ צוג ווידר איין וועק זיין שטרויש בוך לערנן· אונ׳ בליב נאך צוועלף יאר אויסן לערנן אויף איין אנדרי ישיבה דער נאך צוך ער ווידר איין היים אונ׳ בראכֿט נאך צוועלף טויזנט תלמידים אונ׳ דיא פֿארינגן אך דא האט ער נוא פֿיר אונ׳ צוונציק טויזנט תלמידים· דא הורט דאש וייב וויא דער מאן קומט דא גינג זיא אים אנטגיגן· דא זאגטין איר שכינים צו איר איר וועלן דיר קליידר לייהן דז דוא דיינם מאן ניט אזו צו רישן אנטגיגן גישט דא שפֿראך דיא פֿרויא ווידר יודע צדיק נפש בהמתו דש איזט טייטש ער וייש דער צדיק לייבש זיינם פֿיכֿש זיא מיינט דער מאן וויש וואל וויא זיא מיט אים מיינט ווען זיא שון קיין גוטה קליידר

ביט אן האט: דא זיא נון צו אים קאם זא פֿיל זיא אין נידיר אויף זיין
פֿויש אונ׳ קוסט אים זיין פֿויש דא וואלטין זיא דיא תלמידים הין וועק
שטוסין׳ דא שפראך רבי עקיבה ניט שטוסט זיא אין וועק דען מיין
תורה אונ׳ אייער תורה דיא קומט אלה פֿון איר הער דען זיא האט
גימאכֿט דאש איך בין לערנן נאך גיצוגן׳ אונ׳ זאגט זיינן תלמידים
דיא שמועה וויא עש צו גיגנגן וואר דא הורט איר פֿאטיר כלבא שבוע
וויא איין קויש ליפֿיר רב ווער גיקומן אין דער שטט אונ׳ זאגט איך וויל גין
צו אים וילייכֿט איז ער מיר מיין נדר מתיר דען ער וואשט ביט דש
דאש זיין איידן וואר נייארט ער האט רחמונת איביר זיין טאכֿטיר אונ׳
גינג צו רבי עקיבה אונ׳ זאגט וויא ער האט זיינר טאכֿטיר העט פֿר
לובט פֿון זיינן מומן אונ׳ נון העט ער חרטה דרויף דען עש אים העט
גאר וויא גיטאן דש זיא זיך האט לאשן פֿון איינם שאף הירטן מקדש
זיין אונט דער צו ווער ער איין גרושר עם הארץ גיוועזן׳ דא שפראך
רבי עקיבה ווען דוא גיוושט העשט דש ער איין תלמיד חכם ווער
גיוועזן העשטו דען נדר גיטאן דא שפראך ער ליביר רבי ווען ער
נייארט איין פרק העט גיקענט אדיר איין הלכה העט קענן לערנן
אזו העט איך דען נדר ניט גיטאן׳ דא שפראך רבי עקיבה ווידר
איך בין דער זעלביג הירט גיוועזן דער דיר דיין שאף גיהיט האט אונ׳
דיין טאכֿטיר האט גימאכֿט אז איך בין אויש גיצוגן לערנן אונ׳ בין
אזו מיט פֿיל תלמידים גיקומן׳ וויא נון דאש דער כלבא שבוע הורט
דא פֿיל ער אויף זיינן פֿויש אונ׳ גאב אין זיין הלב מומן: דיא טאכֿטיר
פֿון רבי עקיבה דיא טעט אך אזו צום אירן מאן בן עזאי וויא איר
מוטר האט גיטאן אונ׳ ליש זיך אך פֿון אין מקדש זיין דער ווארטן דש
ער אויך זעלט אויש ציהן לערנן׳ אונ׳ דש אישט דש דיא לייט דאש
שפריך ווארט זאגן רחילה בתר רחילה דש אישט טייטש איין שויף גיט
דען אנדרן שויף נאך וויא איין שויף טוט אזו טוט דאש אנדרן אויך וויא
דיא מוטר גיטאן האט אזו טעט דיא טאכֿטיר אויך:

ע מסכת נדרים פרק הנודר מן המבושל

**מעשה** דא נון רבי עקיבה האט גיוומן דאש כלבא שבוע
טאכֿטיר אונ׳ ער האט עש גיהערט דא טעט ער נון
איין נדר דאש זיא זולט קיין הנאה הבן פֿון אירם גוט דא לידן זיא גרוש
ארמוט דש זיא דען גיבצין לגנאן ווינטר מושט אויף דעם שטרוא ליגן
דען זיא העטן נאך קיסין נאך טפֿילבין׳ אונ׳ אלי מארגן קלאפט זיא

דאש שטרוא אויש פון אירם מאן אויש דעם הארן · דא שפראך ער צו איר ווען איך איין מאל ווער רייך ווערדן אזו וויל איך דיר איין גולדן ייבלין מכן דאש זאל בישטעקיט זיין מיט אידל פערליך וויא זיא פאר צייטן האבן גיטראגן דיא קושליכן קליידר צו ירושלים · דא פאר בינאך דז אליהו הנביא צו איר קאם · אונ׳ זיא מייבט עש וואר זיבשט איין שלעכטר מאן אונ׳ רופט אויף דיא טיר איר ליבן לייט געבט מיר דורך גוטש ווילן איין ווינק שטרוא דען מיין ווייב איז מיר גילעגן אונ׳ האט מיר איין קינט גיוואנן אונ׳ איך בין אזו ארים דז איך אפילה דאש שטרויא ניט האב דש איך זיא ניט צו ליגן האב דרויף איך וויל פר שווייגן דז איך קיסן אדר טפילכן הבן · דאש טעט אליהו דרום דז זיא זאלטן גידענקן זיך עש זיין נאך ארימר לייט אין עולם אלז מיר זיין אונ׳ זאלטן עש גוטליך אויף נעמן · דא שפראך זיא ווידר אין גיא הין אונ׳ ציך נאך צוועלף יאר אויש לערנן וויא איר נון פור דעם מעשה גיהערט האט אונ׳ דא ער נון ווידר קאם דא ברוכט ער נאך צוועלף טויזנט תלמידים דא הורט זיא איין רשע היגטיר אירם הויז זאגן איר פאטיר האט איר רעכט גיטאן דז זיא קיין הנאה זאל האבן פון זיינם גוט · ווארום ער איז ניט פון אייגר זעלכן גוטן משפחה אלש כלבא שבוע אישט דאש אבדר ער לאשט זיא איין אלמנה בייא זיינם לעבן זיצן דא זאגט זיא ווען ער מיר פאלגט בליב ער נאך צוועלף יאר אויש אלזו צוג ער ווידר פורט לערנן וויא אובן שטיט:

עא מסכת נדרים פרק הנודר מן המבושל

מעשה פון זעקש ארלייא אישט רבי עקיבה רייך גיווארדן אונ׳ דז זיין זיא וויא איך וויל זיא דא נאך איין נאנדר שרייבן דאש ערשט אישט פון זיינם שוועהר כלבא שבוע דז ער האט זיין הלב מוון גיקריגן · אונ׳ פון איינם ריך אודר פון איינם הירש דז מן מכט אין איין שיף צו איינם סימן · דען עש וואר דען סדר גיוועזן פר צייטן דא האט מן גימאכט פירבן אין שיף איין גישניצטן ריך אודר איין הירש דז ביטייט דז דאש שיף זאל אזו גישווינט לויפן אז איין הירש אדיר איין ריך אונ׳ מאכטן עש איבווינק גאר הויל אונ׳ טעטן געלט דריין אלש וואש זיא אים גאנצן שיף העטן · אויף איין צייט דא העטן דיא שיף לייט פיל געלט אין דען הירש אונבט ריך גיטאן אונ׳ האטן אין דען הירש פורבן אן בארטן פון ים ליגן גלאשן אונבט האטן אין אזו פרגעשן דא האט אין רבי עקיבה גפונדן · דז דריט

פֿון איינם גרושן שטיק האלץ דען איינז טאגש דא גאב ער פֿיר שילנג
דען שיף לייטן זיא זאלטן אין עפיש זעלצוואש מיט ברענגאן פֿאר דיא
פיר שילנג · ווען זיא ווידר צו לנט קעמן אונ׳ זיא קאנטן דאש זעלבינג
מאל נישט זעלציאש ביקומן דען אונטר וועגן גיפֿאנדן זיא איין היפש
שטיק האלץ אן בארטן דאש איר דאש זעלבינג שטיק האלץ נאן זיא אונ׳
בראכֿטן איאש מיט אונט שפראכֿן נעם דאש פֿאר גוט מיר האבן
נישט זעלצוואש קענן ביקומן · ער נאם דאש שטיק האלץ אונ׳ וואלט
פֿון איין נבדיר שפלטן צו פֿרברענן דא פֿאנט ער איידל געלט דא
רינן דען אויך איין צייט דא וואר איין שיף אונטר גיגאנגן אונ׳ אלש דאש
מוזן דאש זיא אין דאש שיף העטן גיהט דאש האבן זיא אלש אין דען
זעגיל בוים גיטאן אונ׳ איצונט האט אים דאש ים אויש גיווארפֿין · דאז
פֿירט פֿון איינר שרתה פֿון רום דען עש בינאב זיך איין מאל אז
ישראל געלט בידרפֿן אונ׳ זיא שיקטן רבי עקיבה ער זעלטש בייא דער
שרתה אנט לעהן אונ׳ רבי עקיבה דער גינג צו איר אונ׳ באט זיא אז
זיא אים דז געלט זאלט לייאן אונ׳ זיא זעציט אים איין צייט לנג צו דער
ביצאלינג · אונ׳ זיא זאגט ווידר רבי עקיבה · ווער זאל מיין ערב זיין
דא שפראך רבי עקיבה וועם איר הון וועלט · דא שפראך זיא צו
אים · דוא זאלשט וואל דער אנט לעהנטר זיין אביר הקב״ה אונ׳ דאש
ים דאש זאלן דיא ערובים זיין פֿר דיך אזו זאגט ער יא דר צו אונט
נאם דאש געלט אונ׳ גינג דער מיט איין וועק אונט וויא עש נון קאם
אז דער רבי עקיבה זעלט ווידר ביצאלן אויף דען זמן וויא זיא מיט
אנגדר גימאכֿט העטן דא וואר דער גוט רבי עקיבה קרנק דז ער
דאש געלט ניט ברענגאן קענט דא גינג דיא שרתה אן פורטין דז ים
אונט זאגט ליביר הער אל דער וועלט עש איז ווישקליך פֿר דיינם
הייליגן נאן דש רבי עקיבה קרנק אישט אונ׳ ער האט ניט צו ביצאלן
נון זיך דוא אונ׳ דאש ים דיא זיין מיין ערובים גיווארדן דער הלבן מאן
איך מיין ערובים. אזו בלד מכֿט הקב״ה דז דאש קיסרש טאכֿטיר
משוגע וואַרד אונ׳ נאם איין קישט פֿול אבנים טובות אונ׳ איידל גולד
אונ׳ ווארף עש אין דאש ים דא וויאט עש דער ווינט דז עש עבן קאם
פֿר דיא שרתה הויז אם ים אזו בלד נאם עש דיא שרתה אונט גינג
דער מיט אין איר הויז אונ׳ זיא וואר דער מיט וואל ביצאלט דא נון רבי
עקיבה גיזונט וואר דא נאם ער דאש געלט וואש ער דיא שרתה חייב
איז גיוועזן אונ׳ גינג צו איר אונ׳ זאגט צו איר לאשט דיך ניט פֿר דרישן
דש איך דען זמן ניט גיהלטן האב דען איך בין קראנק גיוועזן זונשט

זוער איך גלייך צום זאן גקומן· דא זאגט זיא ווידר אין איין ליבר מאן
וויל דיר זאגן איך האב גזעהן אז דוא ניט גקומן בישט צו דיין זאן
וויא איך דיר גזעגט האב אזו האב איך איין ערב אן גשפראכן דא
האט איך דער ערב וואל בצאלט אונ׳ האט איר אין גגעבן אז ער איר
שולדיג איז גוועזן אונ׳ דא הלט דיר דאש זעלביג איבריג מואן אונ׳ פון
דעם איבריג מואן דא ווארד רבי עקיבה רייך אזו גאר פיל האט הקב״ה
איר איבריג גגעבן· דאש פינפט דאש רבי עקיבה אישט רייך דער
פון גווארדן פון טורנוסרופס וייב דען דער טורנוסרופס דער
וואר איין גוואלטיגר הגמון אונ׳ וואל שני לקיסר אונ׳ ער וואלט אומדרן
מיט רבי עקיבה מפקיח זיין פר דען קיסר אונ׳ רבי עקיבה דער לאג אים
אל וועגן אובן פר דעם קיסר אונט דאש עעט דען טורנוסרופס
גאר וויא דיא שבט פור דעם קיסר· איינש טאג קאם ער איין מאל
איין היים דא זאך ער גאר טרויארג דא פראגט אין זיין וייב ליביר מאן
ווארום זיכשטו הייט אזו גאר טרויאריג מין דען אז איין אנדר מאל דא
זאגט ער איר וויא אין רבי עקיבה עטליכה טאג העט בחרפה גמאכט
פר דעם קיסר ווען ער האט מיט אים מפקיח גוועזן אזו איז ער אים
אלי וועגן אובן גלעגן· דא זאגט זיין וייב צו אין דער גאט פון דיא יודן
דער האט פיינט דען זנות אדיר קיישהייט גיב מיר רשות איך וויל
אין וואל מכן שטרויכלין מיט איין עבירה דא גאב ער איר רשות· דא
גינג זיא הין אונ׳ צירט זיך גאר שין מיט שינן קליידר אונ׳ זיא וואר פור
אך דיא אלר שענשט דיא מן פינדן קאן· אונ׳ זיא גינג פר רבי עקיבה
אונ׳ דעקיט איין שענקיל אויף דא זיא רבי עקיבה זאך דא לכט ער אונ׳
שפייא אויש אונ׳ וויינט· דא זאגט זיא ווידר רבי עקיבה וואש בייטייט
דיא דרייארלייא אז דוא גטאן האשט· דוא האשט גלכט אונ׳ דוא האשט
גוויינט אונ׳ דוא האשט אויש גשפייאן דא זאגט רבי עקיבה צוויא
ארלייא וויל איך דיר זאגן אביר דאש דריט וויל איך דיר ניט זאגן דז איך
האב אויש גשפייאן דז דוא בישט פון איינם שטינקין דינג טראפין
בישפן בישט אונ׳ האב גוויינט דאש דיין היפשקייט זאל אונטר ערדן
פירפולן זאל· אונ׳ דאש איך גלכט האב דען ער האט ברוח הקודש
גזעהן דש זיא זיך היבטן נאך ווערט מגייר זיין אונ׳ וועט אין דער נאך
נעמן אונ׳ דאש זעלביג וואלט ער איר ניט זאגן· דא זאגט זיא צו אים
ליביר רבי זאג מיר קאן איך אך תשובה טון דא זאגט רבי עקיבה אוויא
יא דא גינג זיא הין אונט וואר זיך מגייר אונ׳ זיא ווארד דער נאך רבי
עקיבה וייב אונ׳ זיא בראכט אין פיל געלט צו דאז ער גאר רייך וואר

פון

פֿון איר· אונ׳ דאש זעקשט דז רבי עקיבה אישט רײך גיווארדן דער פֿון· פֿון קטיאה זון שלום דער פֿאר מאכֿט אל זײן גוט צו רבי עקיבה אונ׳ צו זײנם תלמידם ווא איר אובן האט גליאבט דא מן וואלט אין טיטן דא שריא ער אײן נוט צו רבי עקיבה אונ׳ זײנן תלמידים:

עב מסכת נדרים פרק הנודר מן המבושל

מעשה פֿון רבי גידא דער גאב דען שיף לײטן אך פֿיר שילינג איט זיא זולטן אים עפיש זעלציגש מיט ברענגן· דא פֿאנדן זיא ניקש זעלציגש דען אײן אפֿין דען שטעקטן זיא אים וויא אין רבי גידא אײן וויל העט דא אבטליף אין ער דען אף אונ׳ קרוך אין אײן לוך אונטר דער ערדן· דא גרוב אין דער רבי גידא נאך דא פֿאנט ער דען אפֿין אונטיר דער ערדן אונט זאש אויף אײן קעשליכן פערלײן דאש ווער פֿיל געלט ווערט דאש באס דער רב גידא אונ׳ ליזט פֿיל געלט דרויש אביר דאש גישאך אים אליש וויל ער האט פֿיל מידות חסידות אן אים אונ׳ ווער אײן גרושר חסיד:

עג מסכת נדרים פרק קונוס יין

מעשה גישאך אן רבי טרפון דער ווער אײן קעשליכר מאן אלש איר אין אך פֿינדן אין דיא פרקים דער גינג אײן מאל פֿר אײבם ווײן גארטן פיר אין דער צײט אז דיא פֿײגן צײטג ווארדן אונ׳ ער אס פֿײגן· נון האט דער זעלבג ווײן גארטן אײן שומר דער היטיט דען ווײן גארטין דען עש ווער אין דורך דען גנבין יאר פֿיל פֿײגן אויש דעם גארטן גנומן אונ׳ ער קונט ניט ווישן ווער עש גיטאן העט· אונט איצונדר מײנט דער שומר וויל ער האט רבי טרפון דער ווישט אז ער האט אײן פֿײג אב גריסן אזו איז ער דער רעכֿט גנב אונ׳ דער שומר גינג הין אונט שטיס דען גוטן רבי טרפון אײן זק אונ׳ וואלט אים צום וואשיר טראגן· אונ׳ וויא ער נון דען גוטן רבי טרפון צום וואשיר גיטראגט האט אונ׳ וואלט אין אײן רויש ווארפֿין אויש דעם זאק דא שריא דער גוט רבי טרפון אויש דעם זאק וויא צו דיר רבי טרפון מן וויל דיך איצונדר טיטן דא דאש דער שומר הורט אז עש רבי טרפון אישט דא ליגט ער דען זאק אײן נידר אונ׳ לוף אײן וועק אונ׳ אזו גינג רבי טרפון אויש דען זאק ארויש· אונ׳ דא רויף האט גיזאגט רבי אבהו פֿון רבי חנניא בן גמליאל ווענג אל זײן טעג פֿון דען רבי טרפון וויל ער גאך גלעבט האט דא האט ער זיך מצער גיוועזן

דז ער זיך האט אזו גיוועזן דורך זיינר תורה דען דא דער שואר הורט אז עש רבי טרפון ווער דז ער אזו איין קוישליכר תלמיד חכם וואר דא ליש ער אים גן פון זיינר תורה וועגן דען עש זאל זיך קיינר אזו זיין פון זיינר תורה וועגן · דען מיר לערנן עש פון בעלשעציר דורך איין קל וחומר מה דוך בלשצר דער האט דיא כלים דיא ווארדן הייליג גיוועזן דיא דא ווארדן גינומן אויש דעם בית המקדש דער האט ער צו אונהייליג גיברויכט דער וואר דער דורך אויש גריסן ווארדן פון דעם עולם מכל שכן איינר דער דיא תורה ברויכט דיא אישט יא גאר הייליג צו איינם און הייליגן דינג מכל שכן דז ער פאר לורן ווערט פון דיזם עולם. דער הלבן וואר ער זיך אזער דען ער האט דען שואר וואל מיט גלט קענן ביוויליגן דז ער אין העט גן גילאשן אונ העט זיך ניט דרפן זיין תורה לידן מכן דען דער רבי טרפון דער וואר איין גרושר עשיר גיוועזן אלז מיר אך זיין ריד גיפינדן אין דיא פראקים דז ער שפריכט עש זאל זיך קיינר גינערן פון דער תורה דז מיינט עש זאל קיינר זיין תורה ניט גניסן דער הלבן וואר זיך רבי טרפון זער אזער וויל ער דורך זיין תורה וואר ניצול גיווארדן פון דען שואר:

ער מסכת כתובת פרק אף על פי

מעשה רבי חנניא בן חכינאי דער גינג אויף דיא ברייליפט פון רבי שמעון בן יוחי וויא זיא גאר שיר אויש וואר דא שפראך רבי שמעון ווידר דען רבי חנניא ליביר בלייב דוא היא אונט ווארט ביז איין ברייליפט אויז איז דער נאך וויל איך מיט דיר לערנן ציהן· דער רבי חנניא דער וואלט ניט ווארטן אונ צוג פאר זיך לערנן אונ בליב צוועלף יאר אויזן אויף דער ישיבה דא ער נון ווידר איין היים צוג אונ אין זיינר שטאט ווידר קאם דא ווארדן דיא גסין פיל אנדרש גיבויט דז ער ניט ווושט וואו ער איין היים זאל גן אין זיין הויז אונט ער וואר גאר פאר אירט אונט ער גינג אונ זעצט זיך איין נידיר פון דאש גארטין פון באך דא אידר מאן פפלעגט וואשיר צו הולן דא הורט ער אז איין פילציל דיא אנדר פילציל ריפיט טאכטיר חכינאי דא גידאכט זיך דער רבי חנניא דאש אישט גוויש איין טאכטיר דער וויל איך נאך גן דא גינג ער איר נאך אונ וויא ער נון אין זיין הויז גינג דא שטונד זיין וייב אונ רעדיד מעל דא הוב זיא איר אויגן אויף דא זאך זיא דז עש איר מאן ווער דא פרייאט זיא זיך גאר זער דאש איר דיא

בשאה

בשאה פֿר גרושר שמחה אויש גינג דא הוב רבי חנניא אן הער אל
דער וועלט אישט דש דער ארמן פֿרויא לון דש זיא אזו לנג האט אויף
איך געווארט אונ׳ זיך דער וויל אליין גליטן אובט ער הוב אן אובט טעט
תּפילה אויף זיין וויב דז זיא ווידר לעבינדיג ווארט׳ דער הלבן זאל קיינר
אורפֿליצונג אין זיין הויז גין זאל זיך פֿאר לאשין אן ציינגן דער היימן:

עה     מסכת כתובת פרק אף על פי

מעשה רבי חמה בר כיסה דער גינג אך לערנן צוועלף יאר דא ער בון ווידר אין היים גינג דא זאגט ער איך
וויל ניט טון וויא חשכינאי גיטאן האט דער איז אורפֿליצונג אין זיין הויז
גינגאן ער גינג הין אונ׳ זעציט זיך פֿור דאש בית המדרש אובט ער
אנפוט עש אין היים, וויא ער אישט ווידר גיקומן דא קאם רבי אושיעי׳
זיין זון אין דז בית המדרש אונ׳ זעציט זיא פֿאר אין אביר ער קענט
אין ניט אונ׳ דער רבי אושיעי׳ דער פֿרעגט דען רבי חמה עפיש אין
דער הלכה דא זאך רבי חמה וויא ער אזו אין גרושר חריף ווא אים
פילפול׳ דא הוב דער רבי חמה אן וועד איך דא היימן גיבליבן אזו העט
איך פֿיליכט אך אזו אין זולכין זון ביקומן ער אייבט ער העט איט
זיינם זון אך אזו וואל גילערנט׳ אובט אלזו גינג ער אין היים אין זיין
הויז אונ׳ וויא ער דער היים וואר דא קאם זיין זון רבי אושיעי׳ אך צוגן
דא שטובט דער רבי חמה פֿור דעם רבי אושיעי׳ אויף דען דער רבי
חמה אייבט ער וועלט אים עפיש ווידר פֿרעגן אין דער הלכה דען
ער וואשט ניט אש דז זיין זון וואר דא הוב רבי חמה וויב אן דז איז ניט
דער סדר דז אין פֿאטיר זאל אויף שטין גיגען זיין זון׳ דא הוב רבי חמה
אן ווייש איז דז איך הער וואל דז איז מיין זון איא גלובט זייא גוט דער מיר
דער וויל אזו אין זעלכן זון האט בשערט וויל איך בין אויש גיוועזן׳
אובט רבי חמה דער רופֿט אויף זיין זון דען פסיק והחוט המשולש לא
במהירה ינתק דז איז טייטש דער פֿאדים דער דא גידריט איז ניט ער
זאל ווערן בלט צו רייסן ווערדן דען דער רבי אושיעי׳ דער פֿרונט אך
זיין הערלין כיסה אונ׳ וועון איינר ענקליך תּורה לערנט זא האט זיא
איין קיים דז דיא תּורה בלייבט בייא אינן שטין:

עו     מסכת מגילה פרק בני העיר

מעשה עש פֿרונגין רבי יוחנן בן זכאי תלמידים דען בן זכאי ליבר זאגן דוא ווארום דוא האשט אזו לנג געלעבט זיא

אייבטן אזו ליביר וואש האשטו פֿאר איין זכות אזו דוא האשט אזו לנג גילעבט· דא זאגט ער ווידר איך האב ביא אל מיין טאג משתין גיוועזן אין פֿיר אילן ברייט בייא דער תפילה אונ׳ איך האב אל מיין טאג קיין מענשן בייא זיינם צו נאמן גירופֿין אונט איך האב אל מיין טאג קיין קידוש מבטל גיוועזן· איך האב גיהט איין אלטן מוטר אייבש טאגש האב איך קיין וויין צו קידוש גיהט דא גינג זיא הין אונ׳ פֿאר קויפֿט איר שלייאר פֿון קאפא אונ׳ האט וויין דרום גיקויפֿט אונ׳ גאב מיר אין דש איך האב קידוש דריבר גימאכֿט מיר האבן גילערנט אין דער גמרא דא זיין מוטיר גשטורבן וואר דא ליש זיא אים דרייא הונדרט פֿודיר וויין אונ׳ דא דער בן זכאי שטורב דא ליש ער דרייא טויזנט פֿודיר וויין:

## עז מסכת מגילה פרק בני העיר

מעשה רב חונה דער טעט גרייז צו זאן בינדן אונט פֿאר קויפֿט עש פֿר גרושר ארמוט וועגן דש ער קעניט קידוש וויין דרום קויפֿן דא קאם רב עבן דער צו אונ׳ פֿרוגט הען רב חונה וואש ער טעט וואש זול דיר דז גרייז אז דוא צו איין זאן בינשט· דא שפראך רב חונה איך האב שבת קיין קידוש וויין גיהט דא האב איך מוזן איין שבת מבטיל פֿר זעצין אז איך האב מיר קידוש וויין דרום גיקויפֿט אונ׳ איצונדר וויל איך דאש גרייז פֿר קויפֿן אונ׳ וויל מיין שבת מבטיל ווידר אויש לזן· דא שפראך רב עש זול זיין דער ווילן פֿון הקב״ה דז דוא זאלשט אום וואנדין זיין מיט איידיל זיידן קליידר אונ׳ דא בון דער רבה בר רב הונה ברוכה טעט אונ׳ אונטר דיא חופה גיגנגאן וואר אונ׳ דער רב חונה דער וואר גאר איין קלייבר מאן דא לינט ער זיך אין בידיר אויף איין בעט אונ׳ שליף אונט נימט האט אים גיזעהן ליגן דא קאמן זיין טעכֿטיר אונ׳ זיין שנויר אונ׳ צוגן אירן זיידבן קליידר אויז אונ׳ ווארפֿין זיא אויף דאש בעט אונ׳ דעקטין אין גנץ דער מיט צו דש זיא אין ניט זאכֿן אביר זיא טעטן עש ניט גערן דא קאם רב יוסף עבן דער צו דא שפראך ער ווידר רב חונה דיא ברוכֿה פֿון רב איצט איצונדר אן דיר בישטעדיקט ווארדן ער האט דיך גיבענשט דוא זאלשט אום גיוואנדן זיין מיט זיידן קליידר· וויא אביר רב דיא שמועה הורט דא צורנט ער גאר זיר· דא שפראך רב חונה ווארום צורנשטו דוא האשט מיך דוך אלזו גיבענשט אונ׳ דיין בענשונג איז וואר ווארדן דא שפראך ער דוא זאלשט אויך אלזו גיבענשט זיין וויא איך בין גיבענשט ווארדן:

## עח מסכת עירובן פרק עושין פסין

מעשה גשאך דז רבי עקיבה דער ווארד געפֿנגן אונטיר גוים אונ׳ יהושע דער גרסי דער דינט אים אונט ווארום היש ער גרסי איין פשט איז דיא שטט דיא ער וואניט דיא היש גרסי דער אנדיר פשט איז ער מאליט איידיל בוכן אונ׳ גרסי דש איז בוכן טיישט אונ׳ אלי טאג ברוכֿט ער אים וואשיר מיט דער מאש צו טרנקאן· איין מאל דא קאם דער שומר דער צו דער איביר דיא תפיסה געזעצט וואר אונט זאך דז אים דער יהושע הגרסי זא פֿיל וואשיר ברוכֿט אונ׳ ער פֿרונט אין ליביר ווארום ברענגשטו אים הייט אזו פֿיל וואשיר איך הלט דוא ווילשט מכֿן אז ער זול דיא תפיסה אין וייכן מיט דעם וושיר אונ׳ דער שומר נאם דז וואשיר אונט שיט עש הלביר אויש אונ׳ גאב אין דיא אנדר העלפֿט פֿון דעם וושיר דא ער נון צו רבי עקיבה קאם מיט דעם וושיר דא שפראך רבי עקיבה ווידר דען רבי יהושע ליביר יהושע וייש דוא ניט אז איך איין אלטיר מאן בין אונ׳ מיין לעבן הענגקט אן דיר ער מיינט איך האב יוא נישט מיר נייארט וייש דוא מיר ברענגשט ווארום בישטו דען אזו נאר לנג אויש געבליבן דא זאגט אים רבי יהושע הגרסי ויא עש אין וואר געגנגאן מיט דעם וושיר דא שפראך רבי עקיבה גיב מיר וושיר אז איך נייארט קאן מיין הענט וושין· דא שפראך יהושע וייש זאל איך דיר געבן דש דוא דיין הענט וועשט דוא האשט דאך ניט גנוגן אז דוא טרינקין קאנשט· דא שפראך רבי עקיב׳ ווידר וייש זאל איך אבר טון ווען אייבר און געוועשין הענט עשט דער איז חייב מיתה עש אישט בעשיר איך שטארב אזו דורשט ווידיר דז איך זול איביר פֿארן דיא דעה פֿון מיינם חברים אונט זול און געוועשין הענד עשין דיא לייט זאגן ער האט קיין ביסן געגעשין ביז מן אים וואשיר ברוכֿט זיין הענד צו וועשין· דא עש נון דיא חכמים הורטין דז ער אזו געטון האט דז ער ניט האט וועלן זונדר הענד וועשין עשן דא זגטין זיך דז דאזיג טובן ער וויל ער אפילה שון אלט אישט מכל שכן אישט ער נאך פֿרומר געוועזן אין זיינר יוגנט אונ׳ דז האט ער געטאן דא ער תופס אישט געוועזן מכל שכן וייש ער אין זיינם הויז האט פֿר פֿרומקייט געטאן אונ׳ דא ער יונג אישט געוועזן אישט ער נאך פֿיל שטערקיר מיט מצות געוועזן דער הלבן זול מן ניט פֿארשוועכֿן אן דען הענד וועשן ויא דער רבי עקיבה עליו השלום אך געטאן הוט:

## מסכת נדרים פרק הנודר מן המבושל

מעשה רבי יודא דער האט איין ווייב דיא גינג אויף דעם מרק אונ׳ קפֿיט וואל דיא שפאן זיא מנט לישאיין מנטיל דרויש מאכן׳ אונט ווען זיא אויף דעם מרק גינג׳ דא טעט זיא דען מנטיל אן אונט ווען רבי יודא וועלט תפילה טאן דא טעט ער דען מנטיל אך אן אונ׳ אלי מאל ווען ער אין אן טעט אזו מכט ער איין ברכה גלובט זייא גוט דער האט מיך מכן אום ווינדן מיט איינם מנטיל אונ׳ זיא הטין דען מנטיל גאר ליב זיא הטן זינשט קיינן מין אן צו טאן׳ איין מאל גיבוט רבי שמעון בן גמליאל דער וואר איין הער איביר דיא ישיבה דז מן זאלט איין תענית מכן דא קאם דער רבי יודא דען זעלבן טאג ניט צום תענית דא זאגטן דיא אנדרן רבונים רבי יודא אישט הייט ניט הינן דא זאגן זיא ווידר אייא ער האט קיין מנטיל דאז ער אן טוט׳ דא שיקט אים רבי שמעון איין מנטיל דז ער אן טוט דא וואלט אין רבי יודא ניט אן נעמן אונ׳ ער הוב אויף זיין דעק דא ער דרויף זאס אונ׳ זאגט צו דעם דער אים דען מנטיל גיבראכט האט זיך וואש געלט האב איך דא׳ דא גישאך אים איין נס דז פֿויר געלט דא לאג ער זאגט עש ווער אים דוך ניט ליב גיוועזן:

## פ מסכת גיטין פרק ראשון

מעשה עש האט גיזאגט רבי אבהו עש זאל ביאר מיר קיין מענש קיין פֿארכט אין זיין הויז מכן דען עש קומט זינשט פֿיל עבירות דור פֿון דען איינש מאל הטין דיא קויך פֿון רבי חנניה בן גמליאל דיא פֿויש פֿון איינר כושר בהמה פֿאר לארין אונ׳ זיא פֿארכטן זיך גאר זיר פֿור אירם הערן ער ווער זיר צורנין איבר זיא ווען ער עש גיוואר ווערט אונ׳ זיא גינגאן אביין אין שטל אונ׳ שנידן דיא פֿויש פֿון איינר לעבנדיגן בהמה אב אונ׳ קאכן זיא אונ׳ וואלטן אין רבי חנניא צו עשן געבן דא וואר ער אזו איין גרושר צדיק אז ער עש גיוואר ווארד אי ער אס דא מיט דז ער דיא עבירה ניט האט גיטאן דער הלבן זאל קיינר קיין גרושן פֿארכט אין זיינן הויז מכן זונשט גישיכט אך פֿיל עבירות דא ריביר וויא איר האט אך פֿאר דא גלייאבט:

## פא מסכת מכות פרק אילו הן הלוקין

**מעשה** רבן גמליאל ורבי אליעזר בן עזריה ורבי יהושיע ורבי עקיבה דיא גינגאן מיט אנאנדר איבר פעלט אונ׳ זיא הורטן איין גרושן שטים ברומן אין דען קיסרש פאליש צו רוים אונ׳ זיא ווארדן הונדרט אונ׳ צוואנציק תחום שבת וייט דער פון דא הובן דיא דרייא רבונים אן צו ווייגן אונ׳ רבי עקיבה הוב אן צו לכן דא זאגטן זיא רבי עקיבה ווארום לכשטו דא זאגט ער אייא ווארום שרייט איר · דא שפראכן דיא דרייא זיך דיא דאזיגן גוים דיא בייגן זיך צו אירן אב געטיר בוך דענוך זיצן זיא פרידליך אונ׳ פריידליך אונ׳ איר יודן דא אישט אונש בעו״ה אונזר בית המקדש פר ברענט אונ׳ מיר זיין אונטר גוים פוישן זאלין דען מיר ניט ווייגן · דא שפראך רבי עקיבה דער הלבן לך איך אונ׳ בין פריליך איך גידענק אלזו זיך דוך הקב״ה טוט דען אזו פיל גוטש מכל שכן וועט ער אונש טון דרום האב איך גילאכט :

## פב מסכת סוכה פרק החליל

**מעשה** עש הוט גיזאגט רבי יוחנן דיא פיש פון איינם מענשין זיין ערב זוא דער מענש שטערבן זול דש אין דיא פויש הין טראגן · דען עש וואר איין מאל צווייא מבן אויש דעם לנט כוש דער אייבר היישט אל יהורוף דער אנדר היש אחיה בן שישח אונ׳ זיא ווארן אל בייד שרייבר בייא שלמה המלך אונ׳ דער שלמה המלך דער האט זיא גאר ליב · איינש טאגש זאך שלמה המלך דען מלאך המות דאש ער גאר טרויארין וואר דא פראגט דער מלך דען מלאך המות וועשט הלבן ער אזו גאר טרויארין זייא דא שפראך דער מלאך המות אום דש ווילן דש מן וויל פון מיר האבן דיא צווייא נשמות פון דיינן צווייא שרייבר דיא דוא בייא דיר האשט אונ׳ איך קאן זיא היא ניקש טון דען איר טוט אישט היא ניט בישערט וויא דאש דער מלך הורט דא גינג ער הין אונ׳ איביר עטפרט זיא איין שד דער זאלט זיא קען לוז פירן אנדר שאדן דען דאש לוז איז איין שטט דש ניאט דא שטערבט וויא בוא דער שד דיא צווייא מבן אובטר דער פארט פון לוז פורט דא שטובט דער מלאך המות אונ׳ ווארטט אויף זיא אונ׳ וואר זיא גלייך מיאת צו מארגנש זאך שלמה המלך דען מלאך המות דש ער ווידר פריליך וואר דא שפראך דער מלך ווארום בישטו אזו פרי ליך דוא האשט מיר עבין דיא צווייא אן אזו איין ארט גשיקט ווא אין דער

מוט בישערט איז גיוועזן דא שפראך שלמה מלך איצונט זיך איך וואל דש דיא פֿויש פֿון איינם מענשן זיין ערב ווא אייגר שטערבן זול זא טראגן אייבן דיא פֿויש הין עש האט גיזאגט דער אלט הילול אן דער שטאט דא איך גערן הין גינג דא טראגן מיך מיין פֿויש הין ער מיינט דער מיט ווא אייגר שטערבן זול דא טראגן אייבן דיא פֿויש הין דש ער דא הין קומט:

## פג מסכת קדושין פרק עשרה יוחסן

**מעשה** עש זאגט רבי מאיר אל וועגן זאל אייגר זיין זון לערנן איין ריינקליך אומנת אונ׳ איין גרינג אומנת אונ׳ זאל אל צייט הקב״ה ביטן דעם דש גוט אונ׳ רייכטום אישט דען דאש ארמוט ליגט ניט אן דען אומנת אך ליגט ניט דש רייכטום ניט אן אומנת זונדר איין ליין עש הענגקט אן דען דער דא רייכטום האט דש איז הקב״ה אלש דער פסוק שפריכט צו מיר אישט דאש זילבר אונ׳ דש גאלד זאגט דער הער אל דער וועלט · דרום זאגט רבי שמעון בן אלעזר אל מיין טאג האב איך ניט גיזעהן איין הירשן דער אים איין גרוש לעשט האט גיטראגן אודר האב אך ניט גיזעהן קיינן פֿוקש דער איין קרעמיר אישט גיוועזן אונ׳ זיא זיין דאך ניט הונגאר גישטארבן אונ׳ דיא דאזיגן זען דאך ניט אנדריש בישפֿן גיווארדן אש צו דינן מיר אונ׳ איך בין ווארדן בישפֿין דש איך הקב״ה זאל דינן בון לערנן איך מה דוך דיא דאזיגן דיא זיין ווארדן בישפֿין אז זיא מיר זאלין דינן באך דענוך גינערן זיא זיך אן צער · איך בין ווארדן בשפֿין דש איך הקב״ה זול דינן אישט ניט ביליך דש איך זאל מיך אך גינערן זונדר צער אביר ווארום גישיכט עש ניט בייארט עש זיין אזו גאר ביז מייבן ווערק אונ׳ זיא זיין אב גיהקט מיין שפייז פֿון וועגן מייבן גרושן זינט הלבן:

## פר מסכת בבא בתרא פרק ראשין

**מעשה** גישאך אייגר דער האט גיהיישן בנימן הצדיק דער וואר גיזעצט דש ער זאלט דיא צדקה אויש טיילן אייגש טאגש קאם צו אין איין ארמן פֿרויא אין דען הונגארין יארן אונ׳ זיא זאגט צו אים ליבר רבי שפייז מיך דא שוואר ער בייא דער עבודה עש אישט צו דיזים מאל קיין צדקה פֿר הנדן דא שפראך דיא גוטי פֿרויא ווידיר ליבר רבי ווען דוא מיך ניט שפייזט פֿר וואר זאג איך דיר אז איין פֿרויא מיט זיבן קליינן קינדר מוזן שטערבן פֿון

וועגן

ווען הובנאר · וויא ער בון דאש הורט אזו שפייזט ער זיא פון זיינם גוט ביז לנג דער נאך דא ווארד דער ביניאמן הצדיק גאר זיר קרנק אונ׳ אידר מאן מיינט ער ווערט דיא קרענק שטערבן מוזן דא זאגטן דיא מלאכים פור הקב״ה ליביר הער אל דער וועלט דוא האשט גזאגט ווער כיר איין מענש פון ישראל שפייזט אונ׳ דער בירט · דא אישט עש גלייך אלש פיל גירעכנט אלש העט ער דען גנץ עולם גשפייזט אונ׳ דיזיר בניאמן הצדיק דער האט איין פרויא מיט זיבן קינדיר גשפייזט אונ׳ האט זיא ביא לעבן ביהלטן אין דען הונגארן יארן דער זעלבן זאל איצונט שטערבן אין ווינק יארן · וויא נון דאש הקב״ה פון דיא מלאכים הורט דא צו רייש מן אים זיין דין האות דער אויף אין גזירת ווארגוועזן מיר האבן גלערנט מן מערט אים זיין לעבן נאך צוויא אונ׳ צוונציק יאר דש ער נאך ווייטר לעבט דער הלבן זאל מן גערן צדקה געבן :

## פה מסכת בבא בתרא פרק ראשון

**מעשה** גשאך אן איינם מלך דער היש מונבז דער גאב זיין אוצר אונ׳ זיין פאטרש אוצר אלש איין וועק צו צדקה אין איינם טייארן יאר דער מונבז איז פון גשלעכט הילני המלכה פון גשלעכט דער חשמנים אונ׳ וויא ער נון אל דאש זיין אונ׳ אל דאש גוט זיין עלטרן אלש איין וועק גאב דא צורניט איביר אין זיינן ברידור אונ׳ זיין הויז גזינט גאר זיר איביר אין דען זיא שפרכן זיך דיין עלטרן האבן דען אוצר אימר דארן גמיארט אונ׳ האבן דען שאז אימור דארן גבעשרט · אונ׳ דוא גבשט עש אלש צו אובצין איין וועק · וויא ער נון דיא ריד פר נאם פון זיינם פריינדן דא שפראך ער ווידר זיא איך מך עש בעשיר אז מיין פריינט האבן גמאכט אורזך איך וויל אייכש בישיידן דש איר מיר וועט טון ביקענן דען מיין עלטרן האבן אירן אוצר הובדן אויף דען ערדן גמאכט אביר איך מך מיין אוצר אובן אויף אויף דען הימל אלש דער פסוק גיט אמת מארץ תצמח וצדק משמים נישקף דש אישט טייטש דיא ווארהייט פון דען הימל זיא לוגט ווען איר צדקה גיבט דור גוט שפריכט ער אונ׳ דיא גרעכטיקייט פון דען הימל זיא טוט לוגן · מיין עלטרין האבן דאש איר פר בארגן אן איין ענד דאר מענש העבט דער צו קענן קומן · אביר איך פאר בערגן דש מיין דא דיא מענשן בילט קענן דער צו קומן · אלש דער פסוק שפריכט צדק ומשפט מכון כסאך דש אישט טייטש דיא צדקה דיא אישט וואבונג דיינש שטול · מיין עלטרן דש האבן דש איר פר

בורגן אן איין ארט דש עש ניט קאן פֿרוכֿט פֿון אים טראגן אביר איך
פֿר בערגן דש איין דש עש מיר יא ווידר פֿרוכֿט ערגט אלש דער
פסיק שפריכֿט אמרו צדיק כי טוב פרי מעלליהם יאכלו דאז טייטש זאגט
ווידר דען צדיק ווען פֿרוכֿט אירן ווערק זיא ווערדן עשן · איין עלטרן
האבן פֿר בארגן דאש געלט · איך האב אביר פֿר בארגן איין לייב אלש
דער פסיק שפריכֿט דער דא נעמט לייב דער אישט איין חכם ·
דיא עלטרן דיא הבן דש איר פֿר בארגן צו אנדר לייט · אביר איך האב
דאש איין פֿר בארגן איר זעלברט · אלש דער פסיק שפריכֿט ולך
תיהיה צדקה דש אישט טייטש אונ' צו דיר זיא ווערט זיין דיא צדקה ·
איין עלטרן האבן דאש איר פאר בארגן אויף דיזר וועלט · אונ' איך
האב דאש איין פֿר בארגן אויף יענן וועלט אלש דער פסיק שפריכֿט
והלך לפניך צדקך דאש אישט טייטש אונ' זיא ווערט גין צו פֿר דיר דיין
גרעכֿטקייט אויף יענער וועלט אונ' דער נאך גיט דער פסיק ווייטר
כבוד ה' יאספך דאש אישט טייטש אונ' דיא איר פֿון הקב"ה דער וועט
איין טון דיך · נון האט איר וואל געהערט וויא איך דאש איין צו אונבונץ
אויש גיב · וויא דש נון זיין ברידר הורטן דא ווארדן זיא אים אל אודה
דש ער וואל האט געהנדילט אונ' ווערטן אים ווייטר ניקש מין:

## פו  מסכת יומה פרק יום כיפורים

**מעשה** רבי מאיר ורבי יוסי ורבי יודא דיא גינגאן מיט אננדיר
איביר פֿעלט אונ' דער רבי מאיר דער הילט פֿיל דער
פֿון ווען זיא צו איינם בעל הבית קאמן אונ' דער זעלבין בעל הבית דער
האט איין משונה נאמן דא גידוכֿט ער גיוויש דער בעל הבית דער
אישט ניט פֿיל גוץ אן אין אונ' גאב אים ניקש אויף צו היבן האט ער דען
איין היפשן נאמן אזו הילט ער אים פֿר איינן פֿרומן בעל הבית אונ'
גאב אין יא זיין בייטל אויף צו היבן אביר דען אנדרן צוויא לאג נישט
דארן · נון זיא קאמן איין מאל אן איינם פֿרייטאג שפוט צו איינם
ווערט דש זיא וואלטן שבת דא זיין נוא וויא זיא דא ווארדן איין וויל דא
פראגט אין רבי מאיר וויא ער היש דא זאגט דער בעל הבית איך הייש
בירור דא זאגט רבי מאיר ווידר זיין חבירים איך הער אן זיינם זעלבים
נאמן דאש דער ווירט איין רשע אישט אלש דער פסיק שפריכֿט כי
דור תהפוכות המה דש אישט טייטש ווען זיא זיין פֿון איינם גיבירט
דש פֿר קערט אישט · רבי יודא אונ' רבי יוסי דיא וואלטן זיך ניקש
דארן קערין אונ' זיא גאבן אין דען בייטליא אויף צו היבן איבר שבת
אביר

אביר רבי מאיר דער גאב אין זיין בייטל ניט אונ' גינג הין אונ' בינ רוב
דען בייטל אויף כידורש פֿאטירש קבר צו קאמן ווא עש נכֿט וואר דא
טרייאט דער ווירט כידור ווא ער זולט אויף גראבן אויף זיין פֿאטרש
קבר זא וועד ער איין זעקיל מיט געלט פֿינדן ׳ אונ' ווא עש נון ווידר
טאג וואר דא קאם דער ווירט צו רבי מאיר אונ' זאגט אים וויא אים
געטרויאט האט דא זאגט רבי מאיר ווידר איין איטליכר טרוים דער
איינם טרייאט אן איינם פֿרייטג צו נכֿט דער אישט קיין שורש דראן
אונ' ער זאגט דער הלבן צו אין דאש ערש זאלט עש אויש זייגר דעה
שלאגן אונט זאלט ניט דער נאך זוכן ׳ דער נאך גינג רבי מאיר אונ'
היטיט דען גנצין שבת אויף דען קבר דש אים דער זעקיל ניט זעלט
גנומן ווערדן ביז נכֿט ווידר וואר דא נאם ער זיין בייטל אונ' גינג זיין
שטרויש הין וועק ׳ וויא עש נון אן דעם זונטאג וואר דא זאגטן דיא
אנדרן צוויא ווידר דען כידור ליביר ווירט גיבט אונש אונזר בייטל דז
מיר אייך האבן אויף צו היבן געגעבן איבר שבת דא שפראך דער ווירט
איך וויש פֿון קיינם בייטל צו זאגן אז איר מיר זעלט אויף צו היבן געבן
דא שפראך רבי מאיר ווארום האט איר ניט אן אכֿט געהט אויף זיין
נאמן דא שפראכן זיא ווארום האשטו אונש ניט גזאגט אז ער איין
רשע אישט דער ווירט ׳ דא שפראך רבי מאיר איך האב וואל זארג
געהט ער זייא איין רשע איך האב עש אביר ניט גוואושט ׳ דיא צוויא
רבונים דיא גינגן מיט דען ווירט אויף דער גס אונ' פֿירטן אין אין איין
קרעטשמירש הויז אונ' טראנקן ויין דען זיא מיינטן אין מיט גוטן ווארטן
צו איבר רידן דא זכֿין זיא וויא ער האט אין זיינם בארט ליבזן קלעבן אז
ער האט געגעשן ער אישט אויש זיינם הויז געגנגן דא גינגן זיא פֿון
אין איין וועק אונ' גינגן צו זיינם וויב אונ' זאגטן צו איר דוא זאלשט
אונש אונזיר בייטל געבן דען מיר האבן שבת דיין מאן צו ביהלטן געבן
ער האט עש גיהיסן געבן צו וואר צייכן האט ער הייט צו מיטאג ליבזן
געגעשן דיא פֿרויא זאך וואל אז דאש ווארצייכן אישט רעכט גוועזן אונ'
גאב אירן בייטל ארויש ׳ אונ' זיא צוהן דיא צוויא אירן שטראש הין
וועק ׳ אונ' וויא ער נון ווידר איין היים קאם דא זאגט זיא וויא האט דען
צוויא אירן בייטל גגעבן אונ' זיא האטן איין גוטן ווארצייכן גגעבן דש
ער האט ליבזן גגעשן ׳ דא פֿיל ער איבר זיין וויב אונ' שלוג זיא אונ'
שלוג זיא אזו גאר לנג ביז ער זיא צו טוט שלוג דש האט דיא גוטה פֿרויא
פֿון דעם רשע צו לון געהט ׃ אונט דאש אישט אך דש מיר גלערנט
האבן אין חולין פרק כל הבשר דיא ערשטן וואשיר פֿון דעם הענט

ווײשין דיא האבין איין יודן מכֿן חזיר פֿלייש עשין אונ֗ דיא וואשיר דש
מן זאל נאך טיש דיא העבט וואשין דיא האבן גימאכֿט אז איין מענש
דריבר איז אום גיקומן · דען ווען דער ווירט העט נאך דעם עשן זיין
העבט גיוואשן אזו העט ער אך זיין מויל אונ֗ בארט גיוואשן אזו העט ער
דיא ליבזן פֿון זיין בארט אך איין ראב גיוואשן אונ֗ דיא צווייא העטן דען
סיאן ניט קענבן זאגן אונ֗ דיא גוטה פֿרויא ווער ניט אום גיקומן דער
הלבן זאל מן דיא העבט וואשן נאך דען עשן :

פון וויל איך שרייבן מיט דעם ערשטן וואשר ווען מן זיך ניט וועשט וואש דער פון קומן איז אז
אייבר האט חזיר גיגעשן וויא איר דא הערן ווערט :

פז חולין פרק כל הבשר

מעשה עש איז איין מאל גיוועזן דש איין יוד איז גיוועזן איין
ווירט ווען ער בון פֿרעמדן יודן צו געשט העט אזו
גאב ער אים כושר פֿלייש צו עשין · אונ֗ ווען ער בון גוים האט אזו
גאב ער אים חזיר צו עשין אויף איין צייט דא קאם איין יוד צו אים צו
גאשט אונ֗ ער קענניט אין אביר ניט פֿר איינם יודן אונ֗ זעצֿיט זיך
היבטר דעם טיש אונ֗ האט זיינן העבט ניט גיוואשן אונ֗ שפראך
צום ווירט הר ווירט גיבט מיר איין גוט שטיק פֿלייש · דער ווירט האט
גימיינט ער ווער איין גויא וייל ער זיך ניט גיוואשן הט אונ֗ בראכֿט אים
איין שטיק חזיר אונ֗ דער יוד האט זיך ניט דראן גישטוסין אונ֗ האט
גימיינט עש איז איין גוט שטיק רינדרן פֿלייש אונ֗ האט עש פֿיין
גיגעשן · דא ער בזן גיגעשן האט אזו שפראך ער צום ווירט ליבר ווירט
וואש האב איך דא בייא איך פֿר צערט דא רעכֿינט אים דער ווירט
אונ֗ הט איאש אן גיהיישן דא דוכֿט עש אים גאר צו טייאר זיין אונ֗
שפראך ווידר דען ווירט זאל איין שטיק פֿלייש אזו טייאר זיין דא
שפראך דער ווירט מיין ליבור מן דש פֿלייש פֿון איינם חזיר איז גאר
טייאר · דא שפראך דער גאשט איי איך בין דאך איין יוד אונ֗ ווארום
האשטו מיר דען חזיר צו עשן געבן · דא שפראך דער ווירט ווארום
האשטו דיך ניט גיוואשן עש איז דאך דער סידר פֿון יודן אז זיא זיך
וושן פֿור דעם עשין אונ֗ דיא גוים פֿפֿלעגן זיך ניט צו וואשן דרום
האב איך דיך אך פֿר איין גוי אן גיזעהן דרום אישט גיקומן אז מן האט
אין חזיר גיגעבן דער הלבן זול מן אל מאל דיא העבט וואשן ווען מן וויל
עשן אונ֗ ווען מן גיגעשן האט :

## פח מסכת מגילה ברושלמי

מעשה דער מלך אנטונינוס דער פרעגט דען רבינו הקדוש ליבור זאג דוא מיר ווילשטו מיך מכן עשן אויף יענער וועלט פון דען לויתן דא זאגט דער רבי יא דא זאגט דער מלך ווידר דוא האשט מיך דאך ניט מכן עשן פון דען קורבן פסח וויא ווילשטו דען מיך מכן עשן פון דען לויתן · דא שפראך רבי ווידר צום מלך וואש זאל איך טון עש שטיט גשריבן אין פסוק וכל ערל לא יאכל בו דש אישט טייטש אונ׳ קיין פר שטופטיר דש מיינט דער ניט גיודשט אישט אונ׳ ניט ער זאל עשן פון דעם קרבן פסח דא דאש דער מלך הורט דא גינג ער הין אונט יודשט ער זיך זעלביט אונ׳ ער גינג דער נאך צו רבי אונ׳ זאגט צו אים רבי איך בין נון גיודשט דא זאגט רבי איך האב מיין אייגן מילה ניא גזעהן וויל איך געלעבט האב וויא זאל איך דען דיין מילה אן זעהן אונ׳ דער הלבן אישט דער רבי רבינו הקדוש וויל ער אל זיין טאג זיין אייגן מילה ניט גזעהן · רבי חזקיה ורבי אבהו דיא שפרעכן ווען דיא גרים אויף יענער וועלט ווערדן צו איין זאן קומן זא ווערט דער גר מלך אנטונינוס דער אויברשטער גר בייא איבן זיין:

## פט מסכת סנהדרין פרק נגמר הדין

מעשה אישט גשעהן אן איינם מוכסין · דער וואר איין יוד אונ׳ ער וואר איין גרושר רשע דא ער נון שטורב דא שטורב אך אן דען זעלבגן טאג איין קושליכר תלמיד חכם אונ׳ דיא גאנץ שטאט קאם אונ׳ הולפין דען תלמיד חכם דש ער זאלט צו קבורה קומן אונ׳ דאש פאלק גינגן מיט דען תלמיד חכם ביז אויף דען בית הקברות אונ׳ ווען זיא אל נוא זיין אויף דעם בית הקברות ווארדן אונ׳ וואלטן דען צו קבורה טאן דא קאמן שונאים צו ציהן דורט הער אונ׳ דא דיא לייט דאש זאכן דא לופין דיא לייט אל איין וועק אונ׳ לאשין דיא צוויא מיתים אויף דען בית הקברות שטין דא האט דער תלמיד חכם איין תלמיד בייא זיינן לעבן גיהט דער וואלט ניט פון זיינש רבי ארון איין וועק גין · אונ׳ זאש בייא דעם ארון שטיל · אונ׳ חיא עש נון צום אנדרן מארגן קאם דא גינגאן דיא לייט ווידר אויף דעם בית הקברות אונ׳ וואלטין דא צוויא מיתים בגראבן דא גשאך עש זיך יוא זיא זיך דיא מתים פר וועקשלטן · אונ׳ נמן דען מוכסן פאר דען תלמיד חכם אונ׳ טעט אין גאר זיר בכבוד צו קבורה דען זיא מיינטן

עש וואר דער תלמיד חכם דא שרייא דער יונג דער דא וואר בייא
דער מיטה זיצן בליבן איר נעמט דען אין רעכטין ארון דען דאש
אישט דער מוכסין דען איר האט צו קבורה גיטאן אביר עש וואלט אין
ניקש העלפין · אונ׳ דען מוכסין קרובים טעטן דען רב אין איר קבר
דש זיא דען מוכסין גימאכט העטן דא וואר זיך דער תלמיד גאר זער
מצער אונ׳ גידוכט וואש פר איין עבירה הוט דאך מיין רבי גיטאן בייא
זיינם לעבן דש אים איין זעלכן חרפה ווידר פארן אישט אונ׳ וואש
פר איין מצוה מאג דער מוכסין דער רשע בייא זיינם לעבן גיטאן
האבן דש ער אזו בכבוד אישט צו קבורה גיקומן אישט · אין דער
נעכטיג נכט קאם דער תלמיד חכם צו זיינם תלמיד אים חלום אונ׳
זאגט ווידר אין מיין ליביר זון דוא בדרפשט דיך ניט אים מיר מצער
זיין קום מיט מיר איך וויל דיר ווייזן מיין שטט אין גן עדן אונ׳ איך וויל
דיר אך ווייזן ווא דער מוכסין אין גיהנום זיצט אונ׳ דיא אנגאיל פון
טיר דש גיהנום דיא גיט אים אויף אונ׳ צו אין זיינם אור · אונ׳ איך
וויל דיר זאגן ווארום מיר דיא חרפה בייא מיינם טוט איז ווידר
פארן איך האב איין מאל גיהערט דש מן איין תלמיד חכם האט
מזלזל גיוועזן אונ׳ איך בין דער בייא גיזעשן אונ׳ הבש ניט גיווערט
אונ׳ העט עש וואל קענין ווערן דער הלבן אישט מיר אזו איין חרפה
ווידר פארן · אונ׳ וויל דיר אך זאגן וואש דער מוכסין פאר גוטש גיטאן
האט דאש ער אזו בכבוד אישט צו קבורה אישט גיקומן · דען ער
האט איין מאל איין גרושה סעודה גימאכט זיינם שר פון זיינר שטט
אונ׳ דער שר האט ניט וועלין קומן · דא אישט דער מוכסין הין
גיגנגן אונ׳ האט דיא גנץ סעודה אובטיר דען עניים פאר טיילט
דער הלבן האט אים השי׳ זיין גוטש אויף דיזור וועלט נאך בצאלט · דא
פראגט דער תלמיד זיין רבי ביז וויא לנג מוש דער מוכסין אין גיהנום
זיצן אונ׳ מוש דיא גרושי פיין לידן דא זאגט דער רב צו אים ביז רבי
שמעון בן שטח שטערבט דער קומט אן זיין שטט · דא פראגט דער
תלמיד ווידר ווא מיט האט ערש פר שולט ער ווער דאך איין קעשליכר
מאן · דא זאגט אים דער רב פון דעש וועגן דש ער דיא מכשיפות
לייט אין אשקלון דאש זיין איידיל יודן אונ׳ ער פר ברענט זיא אודר
ער איז זיא זינשט דן דא מיט דש זיא אום איר חיות מיכטן קומן ·
צו מארגניש גינג דער תלמיד צו דעם שמעון בן שטח אונ׳ זאגט
אים דיא שמועה וויא אים זיין רבי העט דיא נכט גיזאגט וויש
טעט דער רבי שמעון ער זאלט איין אכציק שטרקיא בחורים

אן

אן אײנם טאג דאש עבן רעגן וועטיר וואר אונ׳ ער גאב איטליכם איין
גרושן קרוג אין זײנר הנט אונ טעט אין איין איטליכן קרוג איין ווײשן
טלית אונ׳ ער זאגט ווידר דיא בחורים. ביא לייב זייא גווארנט אן דען
מכשיפות דען עש זיין אירי אכטציק אונ׳ ווען איר אײנן גיט אזו גיא
איין איטליכיר הין אונ׳ היב איין מכשיפה פון דער ערדן אויף דען האבן
זיא קיין גוואלט מער אביר ווען איר דש ניט טוט זא קענן מיר אין ניט
בייא קומן׃ אונ׳ ער גינג הין איין לײן צו דען מכשיפות אין איר הויז
אונ׳ ער זאגט ווידר זײנן בחורים. בלײבט איר הרוישן ביז איך אײך ווער
ווינקן דא קומט איר הירײן צו מיר אונ׳ טוט וויא איך אײך האב גהייזן
אונט וויא ער בון אבײן גינג אין איר חדר דא פראגטן זיא אין ווער
בישטו דא זאגט ער איך בין אך איין מכשף אונ׳ איך וויל אזו וואל קענ׳ן
כישוף מכן אז איר׳ דא זאגטין זיא צו אים. וואש. פאר איין כישוף
קאנשטו דען מכן דא זאגט דער רבי שמעון בן שטח איך וויל מאכן דא
אכטציק שטרקר בחורים. איין ריין קומן אונ׳ איר איטליכיר זאל איין
טרוקין טלית אויף האבן וויא וואל דז עש הײט איין רעגן טאג אישט׳
דא זאגטן זיא צו אים. בון לוש דוא אונש דײנן קונש זעהן דא גינג ער
הנויש פר דיא טיר אונ׳ ווינקיט פלוקש אינן דא גינגאן זיא הין אונט
טעטין דיא טליתים. אויש אירן קריגן אונ׳ טעטין זיא אויף אונ׳ זיא גינגאן
אין דיא שטוב הינײן אונ׳ איין איטליכיר הוב איין מכשיפה פלוקש אויף
פון דער ערדן דז זיא קײנן קענט מזיק זײן אונ׳ זיא טרוגן זיא אל ארויז
אונט ליש זיא אל צו איין זמן אן אײנן בוים הענגאן׃ דא האטן דיא
מכשיפות קרובים. דען טעט עש אין אזו גאר וויא אונט קריגן איין
שנאה אויף דען שמעון בן שטח וויל ער אירן קרובים אל אום דאש
חיות מכן קומן׳ אונ׳ קומן צווייא פון אירן קרובים. אונ׳ זאגטן עדות
איבר דען רבי שמעון בן שטח זון אלש ווען ער עפיש גיטאן העט דז ער
ווער חייב מיתה גוועזן אונ׳ מן שפראך דען דין איבר אין אויש דז מן
אים. זעלט מיאת זײן אונ׳ דא מן אים. בון אויש פוירט דז מן אים. זאלט
פר שטײנן דא שפראך אזו דער זון פון שמעון בן שטח האב איך דען
דיא עבירה גיטאן וויא דיא דאזיגן אויף מיר גזאגט האבן זא זאל מײן
מיתה קײן כפרה האבן אויף מײן עבירות׃ אביר האב איך דיא עבירות
ביט גיטאן וויא זיא אויף מיר זאגן זא זול מײן איזובגן מיתה איין כפרה
זײן אויף אײך׳ אונ׳ איר עדים. איר זאגט עדות אויף מיך איר זאלט
אל גיהרגת ווערדן דא דאש דיא עידים. הורטין אונ׳ זיא הטין יוא שקר
עדות גיזאגט דא ווארדן זיא ווידר חוזר איר ריד אונ׳ זיא זאגטן איין טעם

העשט הלבן זיא שקר עדות אויף אין זאגטן זיא העטן עש פֿון ווענן איר קרובים דער מכשיפות הלבן · אביר באך דענוך ווארדן ער ביט פוטר פֿון זייבר איתה אונ' אן פֿר שטייבט אין וויל דער דין שון גיגנגאן ואר דען אלש איר פֿינדן אין פס ק כיוון שהגיד שוב איני חוזר ומגיד דש אישט טייטש אין עד דער האט איין מאל עדות גיזאגט אונ' ער ויל דער באך אנדרש עדות זאגן אזו דרף ער ביט וידר זאגן אונ' אלזו קאם דז רבי שמעון בן שטח זן און שולדיג אום איר שקר עדות הלבן אום זיין חיות השי' ינקום את דמו עש איז טייטש השי' ווער זיין בלוט פֿון אינן רעכֿינן:

צ מסכת פסחים מקום שנהגו

מעשה פֿון איינם דער האט גיהייסן יששכור איש כפר ברקאי איין מאן פֿון ברקאי דער ואר גיוועזן איין כהן גדול אונ' הילט זיך גאר זער בכבוד אונ' ער הילט דיא קורבנות ניט בכבוד דען ווען ער דיא קורבנות אויף דז מזביח צו אופֿאר ברוכֿט דא באם ער אל מול איין זיידן טוך פֿר דיא הנט דז ער זיך ניט בשמירט פֿון דעם דם אונ' דז ער זיך ניט ביזולברט פֿון דעם פֿלייש וויא גינג עש אביר אויש דאש ויל איך אייך פֿיין דא שרייבן · אויף איין צייט דא זאש יאנאי מלך אונ' דיא מלכה בייא אנבדיר דא שפראך דער מלך איין יונג ציקליין דאש אישט בעשיר צו עשין ווערד איין יונג לעמיל דא שפראך דיא מלכה ביין איך זאג איין יונג לעמליין אישט בעשיר ווערד איין יונג ציקליין דא שפראכֿן זיא בון פֿאר וועמן ווען מיר בון קומן · דער אובש וועט קעבן זאגן · דא זאגטן זיא מיר וועלן פֿר דען יששכור כהן גדול קומן דען ער וייש עש גיויש וייל ער מיט קורבנות אום גײַנ דא שיקטן זיא באך אים דא קאם ער צו גין דא פֿראגטן זיא אין וועלכֿש בעשיר זייא · דא שפראך ער צו אינן ווען איין ציקליין זעלט בעשיר זיין אז איין לעמליין זא ברעכֿמן איין יונג ציקליין צו אומפֿור תמיד אונט ויא ער בון אינן זאגט דא פֿעכטיט ער מיט זיינן הענדין אלש ווען ער דעם מלך שפוטיט אונט גאר שטולצליך דא זאגט דער מלך דער וייל ער אזו מייבר שפוטיט אזו מיט זיינן הענדן · זא זאל מן אים זיין רעכֿטי האנד אב שניידן · דא גאב ער גאר גרוש שוחד אויש דש מן אים זיין לינק האנד אב שנייד דא וואר עש דער מלך גיוואר דש מן אים דיא לינק האנד האט אב גישניטן דא גבוט דער מלך דש מן זאלט דיא רעכֿט האנד אך אב האקן דאש גישאך אך גליך דאר מיט קאם

ער

ער אוׄם צווייא העבד דא שפראך רב יוסף גלובט זייא גאָט דש ער האט גנומן יששכיר איין מאן פֿון ברקאי זיין פֿאר גאָלטיבן אויף דיזים עולם דא זאגט דיא גמרא עש וואר ניט וויא דער יששכור האט גזאגט דש איין יונג לעמיל זאל בעשיר זיין אלש איין יונג ציקלין בייארט עש זיין אלי בייד גלייך גוועזן׃ דער הלבן זול קיין מעבש ניט הופֿרטיג זיין ווען ער שון איין גדולה האט דען הקב״ה האטש אין זייבר האנד ער קאן איינם געבן אובט ער קאן איאש ווידר נעמן דער הלבן זול מן דעמיטיקייט דור בייא זיין אובט ניט הופרטג וויא דער יששכור פֿון ברקאי גוועזן אישט׃

## צא מסכת תענית פרק שלושה

**מעשה** פֿון אבא חלקיה דער וואר דעש עניקלין פֿון חונה המעגל דען עז וואר איין מאל אויף איין צייט ווען ישראל גערבן גהט העטן דש עש גרעגנט העט זא שיקטין זיא רבונים צו דען אבא חלקיה דש ער דוך זאלט תפילה טון דש עש מעליט רעגנין דא בון דיא צווייא רבונים צו אים קאמן אין זיין הויז דא וואר ער ניט דער היימן׃ זיא גנגאן וואל אויף דאש פֿלד אוׄ זוכטן אין דא פֿאנדן זיא אין דארטן אין איין ווין גארטן דש ער דאש אין קרוט איין רויש ריש דאש עש ניאר׳ וואקשין זולט׃ דא שפראכן זיא צו אים יי עאכם דש אישט טייטש הקב״ה זול זיין מיט אייך דא קערט ער זיין פנים ניט צו אינן׃ דא עש בון אובנט וואר דא גנג ער בון ווידר איין היים אוׄ דיא צווייא רבונים גנגאן אך מיט אים ווידר איין היים׃ דא טרוג ער דש הולץ אוׄ דיא שויביל דא ער מיט גארבייט האט אויף אייבר אכשיל אוׄ זיין מאבטיל אויף דער אנדיר אכשיל׃ אובט דען גאנצין וועג טעט ער זיין שוך ניט אן אובט וויא ער אן איין וואשר קאם זא טעט ער דיא שוך אן׃ אובט ווען ער אן איין וועג קאם דא פֿיל דורנביר שטובדן דא הוב ער זיין קליידר אויף אובט וועג ער אויף דעם וייטן וועג קאם אזו הוב ער זיין קליידר ניט אויף׃ אוׄ וויא ער בון אן זיין הויז קאם אזו גנג אין זיין וייב גאר היפש גצירט מיט קליידר אנטגגן אוׄ דא ער בון אין הויז וואלט גן אזו ליש ער זיין וייב פֿאר גן דער נאך גנג ער אובט דער נאך גנגאן דיא צווייא רבונים׃ אובט וויא בון ער זיך צום טיש וועלט זיצן עשן דא היש ער דיא צווייא רבונים ניט מיט עשן׃ אובט שניד דיא קינדיר ברוט אוׄ גאב דען עלטשטן איין שטיק ברוט אובט דעם יונגשטן זון צווייא שטיק ברוט׃

אונ׳ דער נאך שפראך ער צום זיינם וויב הייאליך איך וויש וואל
וואש דיא צווייא רבנים וועלן האבן דאש איך הקב״ה זאל ביטן אום
רעגן׳ קום הער איר וועלן גין אויף דען באדים אונ׳ וועלין גאט ית״ש
ביטן אום רעגן פֿיל לייכט ווערט ער אונזר ביט געווערן׳ אונט וועט
לאשן רעגנן אונט איר וועלין דער נאך זאגן דער רעגן דער קום
ניט אונזרט הלבן אלזו גינגאן זיא בייד מיט אנאנדיר הינויף אויף דען
באדים אונט אבא חלקיה דער שטעלט זיך אויף איין עק אונט דאש
וויב אין דיא אנדיר עק אונט הובן אן אונט טעטין תפילה אונט דא
נון זיא תפילה טעטין דא קאם איין רעגן וואלקין פֿון איר זייט הער
אונט הובאן אונט רעגנט׳ דער נאך גינגאן זיא אלי בייד ווידר
הירב אונ׳ נאן זיך ניקש אן דש זיא העטן תפילה גיטון פֿון וועגן דאש
רעגנן׳ דא שפראך דער אבא חלקיה ווידר דיא צווייא רבנים
וואש איז אייער בינער דז איר זייט הער גיקומן׳ דא שפראכן דיא
צווייא רבנים ווידר אונזר חכמים דיא הבן אונש הער צו אך גישיקט
איר זאלט הקב״ה ביטן דז ער דאך זעלט לאשן רעגנן דען עש איז
עש זער פֿר ביטן׳ דא שפראך אבא חלקיה ווידר גלובט זייא גאט דש
איר אייבר תפילה ניט בדרפֿט דען עש רעגנט שון׳ זא שפראכן
זיא ווידר איר קענין וואל גידענקין דש דער רעגן אייערט הלבן אישט
קומן׳ בייארט איר ביטן דיך דוא וועלשט אונש דאך זאגן וועשט
הלבן דוא אזו משונה מעשים אן דיר האשט דיא דוא גיטאן האשט
אויף דען וועגן דיא איר זיך גאר זיר פֿר וואנדרט האבן׳ דא שפראך
ער איך וויל אייכש אלז זאגן׳ דא זאגטן זיא צו אים דא איר דיר דאש
ערשט מאל האבן צו גירעט ווארום האשטו אונש דיין פנים ניט צו
גיקערט׳ דא שפראך ער ווידר איך בין דען זעלבין טאג איין טאג
לונירגיוועזן אונ׳ איך האב ניט וועלן אזו פֿיל זויאן דש איך מיט
אייך זעלט גירעט האבן׳ דא זאגטן זיא ווידר צו אים ווארום האשטו
האלץ אונט שויבֿיל אויף אייבר אקשיל גיטראגן אונ׳ דען מנטיל אויף דער
אנדר אקשיל דוא העשט עש דאך קענן אלש אויף אייבר אקשיל
טראגן׳ דא שפראך ער ווידר דען מנטיל האב איך אנטלינט גיהט
אונט ער איז מיר גליהן ווארדן אן צו טון אביר ניט דז איך זאל עפיש
אויף דען מנטיל טראגן׳ דא שפראכן זיא ווידר צו אים ווארום
האשטו דען גנצין וועג דיין שוך אן דיא הנד גיטראגן אונט דא דוא
בישט גיקומן אן וואשיר זא האשטו דיא שוך אן גיטאן׳ דא זאגט ער
ווידר דען גנצין וועג האב איך קענין זעהן דש איך אין ביקש טרפט
אביר

אביר אין וואשיר קאן איך ניט זעהן אוב איך אין עפיש טרעטן מעלט
דער הלבן האב איך מיין שוך אין וואשר אן גיטאן · דא זאגטן זיא ווידר
ווארום האשטו דען גיבצן ווען דיין קליידר העבגאן לאשין אונט ווען
דוא קומן בישט אן דערבניר זא האשטו זיא אויך גיהובן דוא זאלשט זיא
בילך אים גידורנר האבן העבגאן לאשין דער מיט אז דיך דיא דורנר
ניט שטעכן זאלטן · דא זאגט ער ווידר דער לייב קאן וואל ווידר היילן
אביר דיא קליידר דיא קענן ניט ווידר היילן · דא פֿראגטן זיא אין
ווידר ווארום אישט דיר דיין וויב אזו היפש גיצירט אנטגיגאן גנגאן ·
דא שפראך ער ווידר דער האלבן דאש איך ניט זאל לושט האבן צו
אנדרן וייבר · דא זאגטן זיא ווידר ווארום האשו זיא פֿור לאשין
אין דאש הויז אביין גין אונט דער נאך דוא אונט דער נאך מיר · דא
זאגט ער ווידר דער הלבן אז איך ניט גיוואשט האב אוב איך אזו איין
זך אישט צו פֿר טרויאן דען מן זאל קיינם פֿר פֿרום הלטין דען מן
קען אין גאר וואל אז ער פֿרום אישט דרויף · דא שפראכן זיא ווארום
האשטו אונש אויך ניט גיהיישן מיט עשן דא דוא גיגעשן האשט · דא
שפראך ער ווידר איך וויל אייכש זאגן דער הלבן דאש ברוט איז ניט
פֿיל גיוועזן אונט מיר העטין ניט גינוג אל מיט אנאנדר גיהט אן דען
ברוט אונט איך האב ניט גיוואלט מיט אייכם אונד רידן אונט דאש
הערץ זעלט ניט דער בייא זיין דען דאש זעלבג אישט איין גרוש
עבירה ווען אייבר מיט דעם מויל איין דינג רעט אונט דאש הערץ
אישט ניט דער בייא · דא זאגטן זיא ווידר ליביר זאג דאך אונש
ווארום האשטו דיין גרושן זון איין שטיק ברוט גיגעבן אונט דיין
קליינן זון צווייא שטיקר ברוט · דא זאגט ער איך וויל אייכש זאגן דער
קליין זון דער אישט איין גאנצן טאג אים חדר בייא זיינם רבי · אונט
קומט אין גיצין טאג ניט איין היים דער הלבן האב איך אים צווייא
שטיקר ברוט גיגעבן אביר מיין עלטשטר זון דער אישט אין גיצין
טאג דער היים אונט עשט ווען ער וויל דער הלבן האב איך אים איין
שטיק ברוט גיגעבן · דא זאגטן זיא ווידר ליביר זאג דוא אונש ווארום
אישט דער וואלקן אויף דייבן וויבש זייטן פֿאר אויף גנגאן · דא
שפראך ער ווידר דארום דז מיין וויב איין גאנצן טאג דער היים
אישט אונט גיבט דיא ארמן לייטן דאש ברוט אונט דאש טוט דען
ארמן לייטן זענפֿטיר אז געלט ווען איך אין שון געלט גיב אזו מוזן זיא
ערשט ברוט קאפֿין · אביר איך וויל אייך איין אנדרן טעם זאגן דען
מיר האבן בזן שכינים דיא גרושין שעלק זיין · אוב איך טון תפילה

אוי' זיא דז זיא הקב״ה זול שטערבן לאשן· אביר איין וויב טוט תשובה
דש זיא זיך זאלן פֿר קערן פֿון אירן בֿיזן ווערך:

צב מסכת תענית פרק שלושה

מעשה אייבר האט אך גיהיישן חנין הנחבא דש אישט טייטש חנין דער זיך פֿר בורגן דער וואר חונה המעגל טאכֿטיר זון אובט ווען מן אך דען רעגינגן בידרפֿט דא שיקטן דיא רבונים דיא יונגאן קינדיר אויש דאש רבי הויז צו אים זיא זאלטן אין ביטן דש ער דאך זולט תפילה טון דש עש זאלט רעגינבן· אובט ווען בון דיא קינדיר צו אים קאמן דא נאמן זיא אין אך ביא זיינם מנטיל אובט שפראכֿן ווידר אין פֿאטיר פֿאטיר גיב אונש רעגן דא טעט דער חנין תפֿילה אובט שפראך הער אל דער וועלט גיב דוך רעגין פֿון וועגן דיא קלייבן קינדיר דען זיא קענבן ניט דער קענבן צווישן דען פֿאטיר דער אין דען רעגן גיבט אדר צווישן דען פֿאטיר דער אין קיין רעגן גיבט דען זיא מייבן איך גיב אין דען רעגן· דער הלבן וואר ער גיהיישן חנין הנחבא ער פֿפֿלאג זיך צו פֿאר בארגן אין איין בית הכיסא דא זאגט מן פשטים דרויף איין פשט ער וואר איין גרושר עני ווען ער תפילה טעט דא פֿאר בארג ער זיך אביר ניט אין איין בית הכיסא· אבר איין טייל זאגן ווען ער איין עני עפיש גאב וואלט ער זיך ניט זעהן לאשן דא מיט דז דער עני ניט זעלט פֿר שעמט ווערדן דען עש איז ניט רעכֿט ווען מן איין עני פֿאר שעמט וויא איך דא ווייטר וויל שרייבן:

צג מסכת כתובת פרק מציאת אישה

מעשה אישט גישעהן אן איינם דער האיט גיהיישן מר עוקבה ביא דעם מר עוקבה דא זאס איין גרושר עני דא גינגן דער מר עוקבה אלי טאג אי ער לערנן גינג אין דאש בית המדרש אוב׳ לינגט דען עני פֿיר שילינג אין דיא אנגאל דא דיא טיר איבן גיט אוב׳ ווען דער עני בון וואלט אויש דעם הויז גין דא פֿאנט ער אלי מאל דיא פֿיר שילינג· איין טאג גידאכֿט דער עני ווער מאג דאך דער זיין דער מיר אלי טאג דיא פֿיר שילינג דא הער לינגט איך וויל דאך איין מאל זעהן ווער עש טוט אובט עבין דען זעלבין טאג דש דער עני וואלט זעהן דא וואר דער מר עוקבה גאר שפעט אין דען

בית המדרש אריין גנגאן אונט אלש ער בייא דעם עני הויז קאם אונט וואלט דאש געלט דא הין ליגן וויא זיין סדר וואר דא גינג עבן צום זעלבין מאל זיין ווייב מיט אים דא קאם עבן דער עני דא הער צו קרוכין אונ' וואלט דאך זעהן ווער דער ווער דא הוב דער מר עוקבה אן צו לויפין מיט זיינם ווייב דש זיא דער עני ניט זעהן זאלט דען ער העט זיך דער נאך זונשט פר אים געשעמט הבן אונט זיא לויפין אלי בייד אונט פארבארגן זיך אין איין געהייצטין בך אובן דא מיט דש זיא דער עני ניט זעהן זאלט אונט וויא זיא נון אליבייד אין דען בך אובן ווארדן דא שפראך מר עוקבה ווידר זיין ווייב אייא וויא זיין מיר מיין קניא זא גאר הייש · דא שפראך זיא צו אים ליג מיר דיין קניא צווישן מייני קניא דען מיין קניא דיא זיין מיר קאלט דא טעטש דעם מר עוקבה גאר צורנן דאש אים זיין קניא זולטן היישיר זיין וועדר זיינש ווייב קניא · דא שפראך זיא ווידר אין מיין ליביר מאן עש אישט קיין וואנדר דאש ניט · ווארום איך וויל דירש זאגן וויא וואל איז דוא פיל צדקה גיבשט דען עניים איידיל געלט איז האבן זיא גרושי מיא אונט ארביט אי זיא ברוט אביר פלייש דרום ביקומן · אביר איך בין איין גאנצין טאג אין הויז אונט גיב דיא עניים ברוט אונט פלייש אונט זאלז דאש איז אים פיל ליביר דען געלט דש זיא ניט דרפין ווידר אום לופין דער נאך אום עשן שפייז · דא פראגט דיא גמרא וועשט הלבן טעטן זיא זיך אין איין אזו גרושן סכנה אז זיא זיך אין איין היישן בך אובין ביהלטן · דא זאגט רבי יוחנן ווידר זיא טעטן עש דער הלבן דש זיא דער עני ניט וואלטן פר שעמן דען עש אישט בעשיר צו דעם מענשין דש ער זיך זאל לאשן אין איין היישן קאלך אובן ווארפין וועדר דש ער זאל זיין חבר פאר שעמן פר פיל לייטן דש ער רוט אונטר זיין פנים ווערט אונט דש לערנן מיר דורטין פון תמר דא שטיט דער בייא געשריבן אי זיא וועלט זאגן ווער דא בייא איר גלעגן ווער אילאז זיא זיך איש ציהן צו פר ברענן:

## צר מסכת כתובות פרק מציאת אש

**מעשה** גישאך מר עוקבה העט איין עני אין זיין נוך פוירשפט דעם שיקט ער אלי ערב יום כיפרים פיר הונדרט גילדן איינש מאלש שיקט ער דעם עני פיר הונדרט גילדן מיט זיין זון דש ער איאש זאלט ברענגאן אונט וויא נון דער זון ווידר

קאם דא שפּראך ער ליביר פֿאטיר דער עני בדרך דיין געלט ניט אוריך הלבן איך האב גזעהן דש ער נישט אנדרש טרינגט דז איידיל אלטן גוטן ווין · דא שפּראך דער חסיד אזו הער איך וואל איין ליביר זון דש ער איין גרושר מפונק אישט דא זיך איך דש ער נאך פֿיל מין מוז האבן וועדר פֿור אונט גינג הין אונ׳ שיקט אין נאך פֿיל מין אז ער אים פֿור האט גשיקט · וויא נון דער חסיד זאלט שטערבן אזו שפּראך ער צו זיינן קינדרן ברענקט מיר מיין צדקה צעטיל הער דא פֿאנט מן אויף גשריבן דש ער האט אויש גגעבן צו צדקה זיבן טויזנט גולדן · וויא צום דען אלש שפּראך דער חסיד וויא איין וייטן וועג האב איך צו וואנדרן אונ׳ האב ווינק צערינג מיט מיר גנומן ער אייבט עש אזו ער האט נאך ניט גנוגן צו צדקה גגעבן אונ׳ גינג הין אונ׳ פֿר מאכֿט נאך זיין הלבן מומן הין וועק צו צדקה אונט שפּראך איצונדר האב איך גנוגן אויף צערינג :

צה מסכת תענית פרק שלושה

מעשה גשאך אן איינם דער האט גהיישן נחום איש גם זו דער זעלבג וואר בלינד אן זיין ביידן אויגן אונט זיין צווייא ארים דיא ווארדן אים אב גשנידן אונט זיין צווייא ביין דיא ווארין אים אויך לאם אונט זיין לייב וואר אים פֿולר גריבדן אונט ער לאג אין איין בויא פֿעליגן הויז דאש וואלט שיר איין פֿאלן אונט דיא שטאלן פֿון זיינם בעט דיא שטונדן איטליכר שטאלן אין איין בעקין פֿול וואשיר דור ווארטין דש דיא אן איישן ניט קובטן אין זיין בעט קומן דיא העטין זינשט אין גאר הרט גביסן אונט ער העט זיך ניט קענין ווערן פֿר זיא איין טאגש איין מאל דא וואלטן אין זיינן תלמידים איין רויש טראגן מיט זיין בעט אונט דער נאך וואלטן זיא דיא כלים דיא אין הויז ווארדן אך ארויש טראגן דען זיא פֿורכֿטן זיך דאש הויז וועט איין פֿאלן · דא שפּראך דער נחום איין ליבן קינדר רויאט איר דיא כלי׳ פֿור הרויש אונ׳ דער נאך טראגט איר מיך ארויש דען עש איז גוויש צו אייך אל דער וויל אז איך הינן בין דא פֿאלר דאש הויז ניט איין · דא גינגן זיא הין אונט רויאטן דיא כלים הנויז אונט וויא זיא נון אל דינג אבוישן העטן · אזו טראגן זיא אים מיט זיין בעט אך אבויש אונט אזו באלד אזו זיא אים העטן מיט זיין בעט אבויש גטראגן אזו פֿיל דאש הויז איין · דא פֿראגטן אין זיינן תלמידים ליביר רבי וויל איר יוא

אזו

אזו פֿרום זייט ווארום אישט אייך דען אזו איין גרושן לייט גישעהן אז
איר אזו איין ארמר מאן זייט גיווארדן· דא שפראך ער ווידר ליבן
קינדיר דאש האב איך מיך אלש זעלבש טון ווינשן דען איך וויל אייכש
אלש פֿיין זאגן וויא עש צו גנאנגן אישט· אײנש טאגש איין מאל וואלט
איך צו מײנם שווער וואנדרן אונ׳ האב בייא מיר דרייא איזל וואל
גלאדין דער איין איזל דער ווער וואל גלאדן מיט גודן שפייז דער אנדר
איזל ווער אך וואל גלאדן מיט גודן טרנק· דער דריט איזל ווער אך וואל
בלאדן מיט גוטן זיש אופש· דא בגעגנט מיר איין ארמר מאן אויף דען
זעלבגן וועג אונ׳ שפראך ווידר מיך ליביר רבי שפייז מיך· דא
שפראך איך צו אים ליבר מאן ווארט מיר איין קליינן וויל ביז איך וויל
אב לאדן דא הוב איך אן אונ׳ וואלט אב לאדן אונ׳ אי איך האב אב גלאדן
דא שטורב דער עני אויף דעם וועג· דא גינג איך הין אונ׳ פֿיל אויף
אין אונ׳ שפראך דיא אויגן דיא זיך ניט האבן איבר דיין אויגן דער
בראיט דיא זאלן בלינד ווערדן· אונ׳ דיא הענד דיא זיך ניט האבן דער
בראיט איבר דיין הענד דיא זאלן ווערדן אב גיהקט· אונ׳ דיא פֿוים
דיא זיך ניט האבן דער בראיט איבר דיין פֿוים דיא זאלין ווערדן לאם·
נאך האב איך ניט גינוגן אן דעם אלש ביז איך אך זאגט איין לייב זאל
מיר פֿולר גרינד ווערדן· דא שפראכן זיינן תלמידים וויא צו אונש
ליבור רבי דש מיר דיך אזו זעהן דא שפראך ער צו איבן וויא צו מיר
ווען איר מיך ניט זעלט אזו זעהן דען ער מײנט דער דורך ווערט אים
הקב״ה דיא עבירה מוחל זיין וויל ער אזו פֿיל יסורים לייד אויף דען עולם·
אונ׳ וועשט הלבן היש ער נחום איש גם זו דעשט הלבן אלש וואש עש
אים גישאך עש ווער ביז אביר גוטש אזו שפראך ער גם זו לטובה דאש
אישט טייטש הקב״ה הוט מירש עש צו גוטן גיטאן· אונ׳ אויף איין צייט
וואלטן ישראל דעם קיסר איין שענק טון אונ׳ זיא ווארדן זיך מיט
אנבדר בראטן וועם זיא זאלטין צום קיסר שיקן דער עש צום
בעשטין קאנט אויש ריכטן דא ווארן זיא צו פֿרידן אז זיא זאלטין נחום
איש גם זו שיקן דען עש פֿלעגט אים אלי מאל ניסים צו גישעהן דא
שיקטן זיא דורך אין איין לאד פֿולר פערלין אונ׳ זינשט שינן אבנים
טובות דש זאל ער פֿון כל ישראל וועגן דעם קיסר שענקן· אלזו גינג
ער פֿארט דא קאם ער אין איין הרברג בייא נכֿט דא זיין פיל שעלך
דרינן גיוועזן אזו שטובדן דיא שעלק בייא נכֿט הין אונ׳ שטעלטן אים
דיא לאד מיט דיא פערליך אונ׳ פֿילט אים דיא זעלבגן לאד פֿולר ערד
דש ערש ניט זאלט מערקין וויא נון דער גוט נחום צו מארגנש

פֿרויא אויך שטאנד אונ׳ וואלט באך זיין לעדליין זעהן דא זאך ער דאש
ויא דאש אים דיא אבנים טובות אונ׳ דיא פערליך אל ווארדן גנומן
ווארן דא שפראך ער גם זו לטובה אונ׳ גינג אלזו וייטר פֿארט אונ׳
באם זיך ביקש אן אונ׳ קאם אלזו פֿאר דען קיסר אונ׳ גאב אין דאש
לעדליין דאש העטין אים דיא יודן גשענקט דאש זאל ער פֿר גוט אויך
נעמן דען ער וישט וואל דש זיא ארמן לייט ווארין ׃ דער קיסר דער
באם דאש לעדליין אונ׳ טעט עש פֿיין אויך אונ׳ גדוכֿט ער וועלט זעהן
ויא זיך דיא יודן הלטן גגאן אין ויא ערשבון אויך טעט דא זאך ער ויא
איידיל ערד אין דען לעדליין ווארי׃ דא שפראך דער קיסר זיך דיא
יודן שפאטין מיינן זיא שיקן מיר איידל דרעק איך ויל זיא אל לאשן
טוטין׃ דא קאם אליהו הנביא ז״ל אונ׳ מכֿט זיך גלייך אלש ווער ער אך
איין יועץ פֿון דעם קיסר אונ׳ זאגט אדוני קיסר ביט פֿר גיש און שולדיג
בלוט פֿיל לייכֿט וערט דאש פֿון דער ערדן זיין דיא איר עלטרן אויך
דער פֿון גברוכֿט האבן אלש איר גפֿנדן בייא אברהם איר פֿאטיר
דען ווען דער זעלבינג דיא ערד ברוכֿט וואו ער זיא הין ווארף דא ווארדן
איידיל שווערטיר אויש דער ערד דא מיט טעט ער זיין פֿיינדן
ביצווינגן אונ׳ וועןן ער עש אויך זיין פֿיינדן ווארף דא ווארין איידיל
פפֿיילר דרויש אלש שטיט גשריבן יתן כעפר חרבו כקש נדף קשתו דש
אישט טייטש ער גיבט זיין ערד אלש שווערטיר אלש איין שטרא זיין
בוגן בון פֿיל לייכֿט אישט דאש אך פֿון דער זעלבינגן ערד דש איינר
זיין פֿייגד קאן דער מיט בצווינגן׃ דא האט דער קיסר עבן איין
מדינה דיא ווער אים אב גפֿאלן דא גדאכֿט ער זיך דא ויל איכש
ברויכֿן דא צוג ער פֿר דיא זעלבינגן שטעט אונ׳ ווארף דיא זעלבינג ערד
דער פֿון אין דער שטאט אביין דא ווארד זיא צו איידיל שווערטר אונ׳
ער וואר זיא בצוואנגן מיט דער ערד אונ׳ ער נאם דיא ערד דיא נאך
איברינג וואר אונ׳ טעט זיא אין זיין אוצר אונ׳ ער גיבוט אן זאל דען שליח
דען נחום דיא לאד מיט איידל אבנים טובות וידר פֿילן אונ׳ דאש
גשאך גלייך אונ׳ ער וואר איין היים גשיקט מיט איידיל ער אונ׳
וירדקייט׃ דא קאם ער וידר אין דיא הערברינג דא אים דיא לאד
וואר אויש גלערט ווארדן׃ דא שפראכֿן דיא זעלבינגן שעלק וידר צו
אים ליביר וואש האשטו דען קיסר גבראכֿט דש דיך אזו מיט איין
גרושן וירדקייט איין היים לאשט ציהן׃ דא שפֿראך ער וואש איך
האב פֿון הינן איין וועך גפֿירט דאש האב איך אין גשענקט׃ דא
גינגן זיא הין אונ׳ גרובן דאש הויז גאר אום אונ׳ פֿירטן זיא עש אלש

צום קיסר׳ וויא זיא נון צום קיסר קאמן דא זאגן זיא אדוני קיסר דא ברעבגאן מיר אך דיא ערד׳ דיא דער יוד האט אך געבראכט׳ דען ער האט דיא ערד פֿון אונש גנומן דא נאם זיא דער קיסר אונ׳ פֿר זוכט זיא דא וואר דיא ערד וויא אנדר ערד אך אישט דא ליש זיא דער קיסר אל טיטן׳ אונ׳ דען יודן גינג עש גאר וואל אויש פֿיל בעשיר זול עש אונש גן צו אליר צייט ׃

## צו מסכת עבודה זרה היביא עין יעקב בפרוש׳ דף קנ״ג ע״ג

**מעשה** גישאך אן איינם דער האט גהיישן אנקלוס הגר דער וואר דער שוועשטר זון פֿון קיסר אדריונס אויך אין אישט ווארדן גזאגט דער פסיק מגיד דבריו ליעקב חקיו ומשפטיו לישראל לא עשה כן לכל גוי דש אישט טייטש ער קינד זיין ריד צו יעקב זיין גזעץ אונ׳ זיין גריכט פֿון תורה צו ישראל ניט ער טוט אזו צו קיינם פֿאלק וויא מייבט דער פסיק איך וויל אייכש בישיידן דער אנקלוס דער האט אים זין ער וואלט זיך מגייר זיין אונ׳ וואלט תורה לערנן אונ׳ ער פֿורכט זיך פֿר זיין פֿעטיר דער קיסר דא גינג ער צו זיינם פֿעטיר דער קיסר אונ׳ שפראך ליביר פֿעטיר איך וויל דירש זאגן איך האב אין זין איך וויל אויש ציהן נאך סחורה אונ׳ וויל זיבשט אך איין האמֿורק לערנן דא מיט איך אך דיא וועלט ביזיך אונ׳ וויל זעהן וואו מיט דיא לייט דאש איר גווינן איך בין עבן דער הייאן וויא איין הייאליך גיצוגן קלב דאש בישט ווייש פֿון דער וועלט׳ דא שפראך דער קיסר וויש ווילשטו טון ווילשטו איין קויפֿמן ווערדן דש דוא גווינן קאנשט בלייב דוא היא איך וויל דיר אל מיין אוצרות געבן דש דוא געלט זעלשט גיצוגן האבן ווען דוא שון ניט וואנדרשט׳ דא שפראך ער ווידר ליבר פֿעטיר איך וויל נאך סחורה ציהן בייארט איך בינער דיין עצה וויא איך זאל סחורה טרייבן וואש איך קויפֿן זאל אביר ניט קויפֿן זאל דא שפראך דער קיסר נון וויל דוא ווילשט יוא נאך סחורה ציהן זא זיך אל דיא סחורה דיא גאר שופל אישט אונ׳ ניאט וויל זיא קויפֿן דיא זעלבין סחורה קויף דוא דען עש קומט דיא צייט דש דיא זעלבין סחורה הינטן נאך גאר טייארט ווערט דא קנשטו אם אליר מינשטן דראן גווינן׳ דא צוג ער הין וועק אונ׳ צוג אין ארץ ישראל אונ׳ לערנט תורה׳ נון לנג דער נאך דא זכן אין רבי אליעזר אונ׳ רבי יהושע דא

זאגט איינר ווידר דען אנדרין זיא וויא זיכט דער אונקלס אזו גאר
יעמרליך ער ווערט געוויש תורה האבן גלערנט דען דער דיא תורה
לערנט דער ווערט גאר בלייך. וויא ער נון צו דיא צוויא רבנים קאם
דא פראגט ער זיא ויל קשיות אונ׳ זיא ווארין עש אים אלש אתרץ דער
בוך. נון ער ווידר היים צום קיסר אונ׳ דא אים דער קיסר אן זאך דא
פראגט ער אין ליבר זאג מיר ווארום זיכשטו אזו גאר איביל איך וויל
גלובן דוא האשט געוויש פיל אן דיין סחורה פר לארין. אביר עש האט
דיר זובשט איינר עפיש צו לייט גטון. דא שפראך ער ביין ווער
וויל מיר טון אל דיא וייל אז דוא לעבשט דען אידראאן האט גרושי
פארכט פר דיר אויף דער ערדן. דא שפראך דער קיסר ווארום
זיכשטו דען אזו גאר יעמרליך. דא שפראך ער אדוני איך וויל דירש
זאגן ווארום איך אזו גאר יעמרליך זיך איך האב דיא תורה גלערנט
אונ׳ באך מין איך האב מיך זעלבש גיודשט. דא שפראך דער קיסר
ווער האט דיך דען דאש גהיישן. דא שפראך דער אנקלס ווידר
מיט דיר האב איך מיך עש בראטין אונ׳ דוא האשט מיר דיא עצה דער
צו גגעבן. דא שפראך דער קיסר ווען האב איך דיר מיין עצה דער
צו געבן. דא שפראך ער ווידר דא איך ווידר דיר זאגט איך וועלט
אויש ציהן נאך סחורה קויפן דא האשטו דיין עצה דער צו געבן וועלכן
סחורה צו שופלשט אישט דיא זעלבין סחורה זאל איך קויפן דען עש
וועט אך דיא צייט קומן דש זיא ווערט יוקר ווערדן אונ׳ דארן קאבשטו
צום אליר איינשטין געוובן. דא בין איך גצאגן דיא גאנץ וועלט אויש
אונ׳ האב קיין פאלק אויף ערדן געזעהן דש אין שופלטר זעלט הלטן
ווערדן דש פאלק ישראל אונ׳ דאש זעלבין פאלק דש ווערט היבטן באך
גאר הוך ווידר. ווערן אלש מיר גפינדן דש ישעיה שפריכט הערט
איר קינדור ישראל צו דען פר שאעטן לייבן צו דען און פאר ווערדן
אלי פעלקיר צו קנעכטן צו הערן צו לעץ זיא ווערדן קומן דיא קינגן
דיא הערין אונ׳ זיא ווערדן זיך ביינגן צו אים דער הלבן הב איך דש
זילבין סחורה קויפט וויל זיא איצונדר אזו בידור אישט אונ׳ וועט
היבטין באך אזו הוך ווערדן וויא דוא מיך עש גהיישן האשט אזו האב
איך דיר גפאלגט. דא זאגט דער קיסר ווידר פון וועשט הלבן האשטו
דיך דען מגייר געוועזן אודר דש דוא דיך האשט לאשן יודשן דא
שפראך ער פון דעש וועגן איך האב בגערט תורה צו לערנן. דא
שפראך דער קיסר ווידר דוא העשט וואל קענן תורה לערנן אונ׳
העשט דיך ביט דרפין יודשן לאזן דא שפראך ער ווידר איך וויל דיר

איין

איין בייאשפיל זאגן מן איביר ענטפֿערט קיינן דאש שיך דאש ער
דער מיט פֿארן זאל דען ער קאן דען זעגיל בוים וואל רעכֿט אויך
שטעלן אונ׳ קאן אין ווענדן אונ׳ קערן דעם ווינט נאך. וויא עש זיך בין
גיבירט׳ אזו אישט אך דיא וועלט עש קאן קיינר ניט תורה לערנן דש
אים דיא תורה אין זיינר הנט איבר ענטפֿרט ווערט דען ער האב זיך
לאשן יודשן אלש דער פסוק גיט מגיד דבריו ליעקב חוקיו ומשפטיו לישראל
לא עשה כן לכל גוי דש אישט טייטש צו וועם קינד גאט זיין רייד צו
וועם קינד ער זיין תורה זיין גיזעצן צו דעם דער דא גיודשט אישט
אלש יעקב גיוועזן אישט אביר ניט ער טוט עש צו אנדרן פֿעלקיר
דיא דא ניט גיודשט זיין דער הלבן האב איך לאשן יודשן אונ׳
תורה גילערנט:

## צו מסכת תענית פרק שלושה

מעשה גישאך אויף איין צייט דא גינגאן כל ישראל אויף צום
רגל גען ירושלים וויא זיא אלי יאר דרייא מאל פֿפֿלעגן
צו טון דא הטן כל ישראל קיין וואשיר צו טרינקן דען עש האט גאר לנג
ניט גרעגנט דא וואר איין רייכר מאן צו ירושלים דער היש נקדימון בן
גוירין דער גינג צו איינם הגמון פֿון ירושלים אונ׳ באט אים ער זאלט
אים צוועלף ברינן וואשר לייאן דיא איך בדרף צו דיא לייטן ישראל דיא
אויף זיין גיגנגאן צום רגל דיא האבן קיין וואשר צו טרינקן אונ׳ איך וויל
זיא דיר מיט דער צייט ווידר ביצאלן אונ׳ ווען איך זיא ניט אין דער צייט
ווידר ביצאל דיא איך דיר גיזעצט האב אזו וויל איך דיר צוועלף צענטניר
מיט זילבר דער פֿיר געבן אלזו ליא אים דער הגמון דאש וואשר׳ אונ׳
וויא נון שיר דיא צייט פֿר הנדן וואר דאש ער זאלט אים דאש וואשיר
ווידר בצאלן אונ׳ עש האט נאך ניט גרעגנט דש מארגנש שיקט
דער הגמון נאך דען נקדימון דאש ער זאלט אים דיא ברינן ווידר פֿילן
אדיר זאלט אים דאש געלט דער פֿור שיקן וויא ער פֿר היישן העט דא
ענטפֿרט אים נקדימון ווידר איך האב נאך אל צייט דען גנצן טאג׳
צו מיטאג שיקט דער הגמון ווידר צו אים דא ענטפֿרט ער אים ווידר
ער ווער נאך ניט נכֿט׳ דא שפוטיט דער הגמון זיינר אונ׳ שפראך
עש האט ביז אל הער נאך ניט גירעגנט אונ׳ וועט עבן אין דער קליינן
וויל רעגנן אזו בלט גינג דער הגמון אין דאש בית המרחץ פֿר גרושר
שמחה אונ׳ פֿרייד ווענן דען ער מיינט יא גיוויש ער האט דאש געלט
גיוואנן אונ׳ אל דיא וויל דער הגמון אים מרחץ וואר אזו גינג דער

גקדיאן אין דאש בית המקדוש אונ׳ טעט זיין טלית אויף אונ׳ טעט
תפילה אונ׳ זאגט הער אל דער וועלט עש אישט יא צו ווישן פר דיינם
היילגן נאמן דש איך דאש ניט האב פון וועגן מיינן כבוד גיטאן אביר
פון וועגן כבוד מיינש פאטרש בייארט פון דיינן כבוד וועגן דש
ישראל צו טרינקן זאלן האבן וויל זיא זיין אויף גיגנגאן צו רגל· אלש באלד
ער זיין תפילה גיטאן האט דא אנטפינגן הקנה זיין תפילה אלז באלד
איבער צוג זיך דער הימל מיט איידיל וואלקין אונ׳ הוב אן אונ׳ רעגנט
גאר זער דש אל דיא ברונן ווידר וואשיר ווארן אונ׳ וואר נאך פיל וואשיר
איבריג· אלש בון דער הגמון אויש דעם מרחץ גינג אזו גינג עבן אך
דער נקדימן אויש דעם בית המקדש אונ׳ בגעגנן זיא זיך מיט
אננדיר· דא שפראך דער הגמון ווידר דעם נקדימן באלין עש רעגנט
דא שפראך נקדימן צום הגמון דוא מושט מיר געלט ווידר ארויש געבן
דען דיא ברונן זיין פולר ווערדר פאר גיוועזן דא שפראך דער הגמון
ווידר נקדימן איך וויש וואל דש הקנה דאש און גישטיאפט ווידר פון
דיינם וועגן האט לאשן קומן אביר נאך דענוך בישטו מיר מיין געלט
שולדיג דען דיא זון אישט שיר אונטיר גיגאנגן אונ׳ אוב עש שון גרעגנט
האט אזו האט עש מיר גרעגנט דען עש אישט שון נכט· דא גינג
דער נקדימן ווידר אין בית המקדוש אונ׳ טעט זיין טלית אום אונ׳
טעט ווידר תפילה אונ׳ זאגט הער אל דער וועלט לוש ווישן אז דוא
פרייבט האשט אין דיזיר וועלט אונ׳ אזו וואל אש דוא מיר האשט צום
ערשטן איין נס גיטאן אזו טוא מיר ווידר צום אנדרן מאל איין נס אזו
באלד צו טיילן זיך דיא וואלקין דער ווינט פר שפרייט זיא אונ׳ דיא זון
הוב ווידר אן צו שיינן· דא זאגט דער הגמון ווער ניט דאש דז דיא זון
העט ווידר גישינן אזו העט איך איין אן שפרוך אן דיר גיהט דש דוא
מיר דאש זילבר העטשט מוזן געבן· מיר האבן גילערנט דער אן היש
ניט נקדימן בייארט ער היש בוני אונ׳ ווארום הישט מן אים דען
נקדימן פון דעשט וועגן וויל אין דיא זון האט גישינן פון זיינם וועגן·
מיר האבן אך גילערנט דרייא זיין אז דיא זון האט פון אירנן וועגן גישינן
דער איינן היש נקדימן דער אנדר אישט יהושע גיוועזן דא ער דיא
מלכים פאר גבעה ליש דער שלאגן דא שטונט דיא זון אך שטיל· דער
דריט אישט משה רבינו גיוועזן דעם אישט דיא זון אך שטיל גישטנדן
דא ער ליש דען עמלק דער שלאגן· אונ׳ זיא ווארדן דיא דרייא פרומה
לייט דער הלבן ליבן לייט פר טרויט הקנה ער פאר לאשט זיין פרומן
ניט דיא זיך אן אין פאר זיכרן אונ׳ אויף אין האפין:

## צח מסכת ברוכת פרק אין עומדין

**מעשה** גישאך דש דא וואר קרנק רבן גמליאלש זון דא שיקט ער צווייא תלמידים הכמים צו רבי חנינה בן דוסה דש ער זאלט תפילה טון פֿר זיינם זון דז ער מעכט לעבן בלייבן ווייא דער רבי חנינה דיא צווייא זאך דא לוף ער פֿלוקש היניוף אויף דינם באדים אונ׳ טעט תפילה פֿאר אין דש אים דיא היין זעלט פֿר גין דער נאך גינג ער ווידר איין הראב אונ׳ זאגט ווידר דען צווייאן גיט ווידר איין היים עש אישט שון בעשיר מיט אים גיווארדן דיא היץ אישט אים פֿאר גנגאן· דא זאגטן זיא ווידר אין ווער וויל דירש זאגן בישטו דען איין נביא דא זאגט ער ניין איך בין קיין נביא אונ׳ בין אך קיינש נביא זון נייארט איך האב אזו גילערנט פֿון מיינם פֿאטירש פֿאטיר ווען איינר זיין תפילה טוט אין אן גישטוסין אלזו ווערט זיין תפילה גיהערט אונ׳ איין תפילה אישט מיר רעכֿט גאך איין גנדר גיגנגאן דער הלבן אישט זיא מיר גיהערט ווארדן· דא שריבן זיא דיא צייט אויף אז ער האב גיזאגט עש ווער בעשיר גון מיט אים אונ׳ ווייא זיא גון איין היים קאמן אזו זאגטן זיא אים ווען אין דיא היץ האב אויף גיהערט אונ׳ ווען אימש אין אויף גישריבן· דא שוואר דער רבן גמליאל בייא דער עבודה אין דער זעלביגאן צייט האט אים דיא היץ אויף גיהערט אונ׳ האט גיהיישן אין זאל אים טרינקאן געבן:

## צט מסכת ברוכת

**מעשה** גישאך אן דען רבי חנינה בן דוסה דש ער וואר גיגנגאן אונ׳ וואלט תורה לערנן בייא רבי יוחנן בן זכאי דא ווארט אים זיין זון קרנק דעם רבי יוחנן בן זכאי· דא שפראך דער רבי יוחנן חנינה מיין זון טוא תפילה אויף מיין זון דז ער מאג לעבן בלייבן· דא טעט דער רבי חנינה זיין קאפא צווישן דען קרנקין קניא אונ׳ טעט תפילה אויף אין דש ער לעבן בליב· דא שפראך רבי יוחנן בן זכאי ווען איך שון מיין קאפא אין דיא ערד העט הביין גישטעקט דא העט מן דאך זיך ניט דראן גיקערט· דא שפראך זיין וויב ווידר דען רבי יוחנן אישט דען דער רבי חנינה קוישלכֿיר אז דוא בישט אזו זאגט ער ווידר זיא איך וויל דיר זאגן דער רבי חנינה דער אישט גלייך אז איין קנעכֿט פֿון מלך דער גיט זונדר רשות פֿאר דעם מלך אזו אישט רבי חנינה אך פֿר הקנה ער גיט פֿר אים ווען ער וויל אביר איך בין גלייך

אז איין שר פֿור דעם מלך דער אישט ניט גיוואנטליך אז ער אופֿט פֿר דעם מלך ניט אלש דער קנעכֿט אונ׳ זיין ביט ווערט ווינציגר גיהערט אז דען קנעכֿטן דער הלבן האב איך אין אן גישפראכֿן דש ער דוק זאלט תפֿילה טון פֿר איין ליבן זון דש ער זולט לעבן בלייבן וויא וואל אז איך העט אך קענן תפֿילה טון נאך האב איך אין גיבעטן אז ער תפֿילה טוט ׃

## ק מסכת ברוכת פרק ראשון היביא תוספות

מעשה גישאך דער פסוק גיט עשר בשביל שתתעשר דש אישט טייטש גיב מעשר פֿון וועגן דש דוא קאנשט מין מעשר געבן דש איינט אלזו מער דש איינר מעשר גיבט אז רייכֿר ער ווערט דען עש וואר איין מאל איין מאן׳ דער וואר איין גרושר עשיר אונ׳ אל זיין עושר קאם אים הער פֿון איינם אקיר דער טרוג אים אלי יאר טויזנט אכֿטיל קארן אונ׳ ער גאב אל יאר הונדרט אכֿטיל קארן צו מעשר דעם כהן אונ׳ וויל ער אזו רעכֿט מעשר גאב אזו ליש אים הקב״ה טויזנט אכֿטיל קארן וואקשן׳ אונ׳ דא נון דיא צייט קאם אז ער שטערבן זולט דא שיקט ער נאך זיינם זון דא האט ער ביט מין אז איין איינציגר זון אונ׳ שפראך ליביר זון דא לין איך אונ׳ בין קרנק פֿיל לייכֿט מוז איך שטערבן פֿון דער קרענקייט דא זיך דען אקיר אז איך דיר לאש׳ דער טראגט דיר אלי יאר טויזנט אכֿטיל קארן ליבור זון זייא גיווארנט אונ׳ גיב דיין מעשר רעכֿט אונ׳ גיב אלי יאר הונדרט אכֿטיל קארין זא ווערט דיר גוט דען אקיר אך רעכֿט וואקשן לאשן וויא איך אך גיטאן האב אונ׳ שטורב דער זעלביג מאן אונ׳ אלזו ווקשן אין אויך זיין אקיר טויזנט אכֿטיל קארן וויא זיין פֿאטיר אך אונ׳ ער גיב אך הונדרט אכֿטיל איין וועך צו מעשר וויא דער פֿאטיר אך אים דעם אנדרן יאר אזו גאב ער ווידר הונדרט אכֿטיל קארן אזו זאך ער אז דאש מעשר אזו גאר גרוש איז אז ער אלי יאר אזו פֿיל מוז איין וועך געבן אונ׳ גידוכט איך וויל דאש אנדר ביט געבן איך וויל עש מיר זעלבש הלטן אונ׳ ביהלט עש אך זעלבש דאש דריט יאר דא וואקשן אין בישט מין אז הונדרט אכֿטיל קארין אויף זיין אקיר דא וואר זיך דער מאן גאר זער מצער אונ׳ וואר גאר טרויארין׳ וויא נון זיין קרובים הערן דש ער זיך אזו מצער איז אונ׳ איז גאר טרויארין אונ׳ וויא זיין אקיר בישט מין אז הונדרט אכֿטיל קארן גיטראגן׳ דא גינגן זיא הין אונ׳ טואן זיך אל ווייסן קליידר אן אונ׳ ווארדן גאר

פריליך אונ׳ גינגאן צו אים דא ער נון זיא אזו פריליך זאך אונ׳
אין היפשין ווייסן קליידר אן העטן דא זאגט ער איך גאב איר
זייט דרום פריליך וויל עש איר אזו איבל גיט · דא זאגטן זיא
איר זיין זיך זיר מצער אז עש. דיר אזו איבל גיט אביר ווארום
האשטו דיין מעשר ניט רעכט גיגעבן אז דיין פאטיר וויא ער דיר
האט אך צואה גיטאן קום הער איר וועלין דיר פיין זאגן צום ערשטן
דא דיר דער אקיר אישט אין דיין הנט גיקומן אזו בישטו דער בעל
הבית גיוועזן אונ׳ הקב״ה אישט דער כהן גיוועשט אזו האשטו דיא
הונדרט אכטיל קארין אונטר זיין עניים גיטיילט דיא דעם כהן
גיבירן דש אישט הקב״ה גיוועזן · אביר איצונדר וויל דוא אים זיין
מעשר ניט גיגעבן האשט זא אישט הקב״ה דער בעל בית גיווארדן אונ׳
האט דיך לאזין דער כהן זיין אונ׳ האט דיר הונדרט אכטיל געבן אונט
ער האט זיך ביין הונדרט ביהלטן · אונ׳ דא ער דאש הורט דא גאב
ער זיך זעלברט און רעכט אונ׳ דא רויך האבן אונזרי חכמים גיזאגט
חעלכיר אויך הלט דאש מעשר אונ׳ גיבט דאש מעשר ניט רעכט דא
קומט עש דער צו דאש ער צום לעצטן ניט אין הלט אלז איין טייל פון
צעהן טייל דער האלבן ליבין לייט געבט אייער מעשר רעכט דא
בישראיט אייך הקב״ה רעכליט :

קא מסכת תענית היביא רשי בפרק ראשון

מעשה רבי אמי שפריכט קאם הער איין ליביר זון אונ׳ וויא
אין גרוש דינג איש אום. דיא ווארהפייגן לייט דען
ווען איינר דעם אנדרן עפיש צו זאגט דא זאל ער איאש הלטין אונט
דאש לערנן מיר דור פון איינר גרובן אונ׳ פון איינם. ווילין אונט דא
לערנן מיר דער פון מה דוק איינר דער זיין אמונה האט אן איינם
ווילין מכל שכן דש איינר זיין אמונה זול האבן אויף הקב״ה גלובט זייא
זיין נאמן · דען עש גישאך זיך איין מאל איין מעשה דש איין מאל גינג
איין פילציל אויש איינר שטאט פיין וואל גיצירט. מיט קעשטליכה
קליידר אונ׳ וואלט אין איין אנדר שטאט גין צו אירם פאטיר אונ׳ מוטיר:
אונ׳ דיא גוטי פלציל פר אירט זיך אויף דעם וועג דאש זיא אין איין
גרושן וואלד קאם אונ׳ קאם אין איין ווישנייא אונ׳ גינג אזו גאר זיר איר
ביז נכט אונ׳ עש וואר אין גרושן היץ דען זעלבגן טאג וויא זיא נון איין
הלבן טאג גינג קאם זיא צו איין טיפין ברונן דא וואר קיין עמיר דראן
בייארט אין שטריק אין דראן אן גיבונדן אונ׳ זיא וואר אזו גאר דורשטיג

ביז זיא דעם דורשט איבר צוואבן אז זיא זיך אן דען שטריק הינגן אונ'
ליש זיך איין הראב צום וואשיר אונ' זיא טראנק זיך וואלאן· דא דיא
גוטה פילצין גיטרונקין האט דא קאנט זיא ניט ווידר הרויז קומן אונט
זיא דאכט זיך אל היא מוז איך נון שטערבן אין דעם ברונן אונט הוב
אן אונ' שרייא גאר יעמרליך אונ' טריב איין גרושן יאמר אין דעם דאש
זיא אלזו איין גרושן יאמר טריב דא קאם איין יונגאר דא הער צו גין
אונ' האט זיך אך פר אירט אונט הורט דאש גישרייא אונט גינג דעם
גישרייא נאך אונ' קאם בייא דעם ברונן אונ' זאך הניין דא וואר דער
ברונן אזו טיף דש ער ניט קאנט דער קענן וויש אים דעם ברונן
וואר אונ' ער רופט איין ראב וויש שרייט אזו גאר יעמרליך אין דען
ברונן בישטו איין גיהייאר אביר בישטו אין גיהייאר· דא וואר דיא גוט
פילצין גאר פרויא דש זיא איין מענשין הורט אונט ענטפערט אך
ליביר איך בין גיהייאר אונ' בין איין מענש אונ' זאגט אים וויא זיא ווער
אין דעם ברונן גיקומן· דא זאגט ער ווידר זיא ווילשטו מיר איין ווילן
טון וואש איך ווער פון דיר בינערן זא וויל איך דיר איין רויש העלפין
דא שפראך דיא פילצין יוא· דא שפראך ער ווידר זיא אזו שווער
מיר דרויף דא שוואר זיא אים איין שבועה דש זיא אים וועלט זיין ווילן
טאן· דא הולף ער איר הרויש דא זיא נון הרוישן וואר דא זאך ער
ערשט וויא זיא אזו איין היפשי פילצין וואר אונ' וואל גיצירט מיט
קעשטליכן קליידר· דא שפראך דער יונג ווידר באליין נון הלט מיר
וואש דוא מיר פר היישן האשט אונ' טוא מיר מיין ווילן אונ' ליג בייא מיר·
דא זאגט זיא ווידר אין מיין ליביר פריינט זאג דוא מיר פון וועלכים
פאלק בישטו· דא זאגט ער איר איך וואן דארטין אין יעניר שטאט
אונ' בין איין כהן· דא שפראך זיא איך בין אך דארטן אויש יעניר
שטאט אונ' בין אך איין יודן אונ' בין פון איינם גוטן גישלעכט אונט
שפראך צו אים מיין ליביר פריינט אזו איין קעשטליכר מאן איר זייט
אונט איר זייט פון איין קעשטליכן משפחה פון כוהנים הער דאש
הקב"ה זעלברט האט זיא אויש דער ווילט אונ' דוא בינערשט דא בייא
מיר ליגן גלייך וויא איין בהמה אן כתובה אונ' אן קדושין אביר איך בעט
דיך טוא עש ניט אונ' קום אונ' גיא מיט מיר צו מיינם פאטיר אונ' זאג
אים דאש מעשה וויא עש דא אונש גישעהן איז אביר איך וויל דיר דאך
פון איצונדר אן אבט שפוזט זיין אונ' וויל קיין אנדרן מאן נעמן זונדר
דיך· דא שפראך ער ווער זאל אביר עדות זיין דש מיר זיך אן איין
בנדר אן שפוזט האבן· דא שפראך זיא דאש קליין ווינלכן דאש דא

לפֿיט פֿור אונש הער אונ׳ דיא גרוב אונ׳ דיא היזול זאלין עדות זיין דש
אונש קײנש ברעכֿן דען אנדרן זאל אונ׳ דאר מיט שידן זיא זיך פֿון
אנעדר אײן איטליכֿר דער גינג זיין וועג הין׃ אונט דער מן צו זיינר
שטאט אונ׳ דיא פילצ׳יל אך צו אירר שטאט בון מיר קומן וואל ווידר צו
אײן זמן ווען עש גאטש ווילן אישט בון עש שטונד אײן יאר אביר צוייא
אן דיא פילצ׳יל דיא היט איר שבועה אונ׳ וואלט קײן מאן נעמן מן וואלט
איר פֿיל מאנן געבן זיא מכֿט זיך משוגע דא מיט דש דיא שדכונים
ניאר צו איר פֿאטיר קאמן דז זיא איר ביגערטן אײן מאן צו רידן אביר
זיא זאגט דאך נישט פֿון דעם מעשה וואש איר בינגנאן וואר אונט
בליב אזו בײא איר שבועה׃ אביר דער יונג דער האט אן זיין שבועה
ניט גידאכֿט אונ׳ נאם אײן אנדר וױיב אונ׳ קרוג אײן קינד מיט איר׃
אונ׳ וויא דאש קינד אײן הלב יאר אלט וואר דא קאם אײן ווײזלכֿן אונט
בײז דעם קינד דעם קעלאב דש עש שטורב׃ דער נאך גיוואן זיא
ווידר אײן זון דא עש בון גין קאנט דא פֿיל עש אין אײן ברונן אבײן אונ׳
שטורב דא טריב דיא מוטר אײן גרושן יאמיר אונט שפראך ווען מיר
מײן קינדיר וועדרן גישטארבן וויא אײנש פֿפֿלעגט צו שטערבן זא
טעטש מיר עש ניט בנג אביר ווײל אונש דיא צוייא קינדיר אזו גאר
משונה זיין גישטארבן זא ווערדן מירש גיוויש תֿר זינט האבן איך אביר
דוא ליביר זאג מיר וואש זיין דיין ווערך דיא דוא גיטאן האשט ליביר מן
בידענק דיך דוך רעכֿיט דא וואר ער זיכֿצן׃ אונ׳ זאגט איר דאש
מעשה דאש אים בינגנאן וואר מיט דער פילצ׳יל׃ דא שפראך זיא בון
זיך איך וואל דש פֿון י״ת אישט עש מיר מוזן זיך שײדן אונזר קינדר
שטערבן דאך אל גיא דוא הין אונט הלט דיין שבועה דיא דוא גיטאן
האשט אלזו גאבן זיא בײד גט׃ אלזו גינג ער אין דער שטאט דא דיא
פֿארג פילצ׳יל דרינן וואר אונט גינג צו אירים פֿאטיר אונ׳ בינגערט
זיין טאכֿטיר צו אײנם וױיב דא זאגט דער פֿאטיר ווייש זאל איך איר
אײן מאן געבן זיא אישט דאך משוגע אונ׳ אישט דער צו ניט גיזונט
אים קאפא זיא האט דען חולי נופל לא עלינו׃ דא דש דער יונג הורט
קונט ער וואל מסיק זיין וועשט הלבן זיא זיך אזו מכֿט אונ׳ שפראכֿיט
צום פֿאטיר געבט מיר זיא בײארט איך וויל מיך אונטיר שטין דאש
חולי אונ׳ זאגט אים דאש מעשה וויא עש מיט איר גינגנאן וואר וויא דאש
דער פֿאטיר הורט אזו גאב ער זיא אים צו אײנם וױיב אונ׳ דיא פילצ׳יל
וואר אך בון צו פֿרידן מיט אים דען זיא קאנט אים נאך גאר וואל דש
ער אישט אז ער איר און שפֿוזט איטש׃ אלזו גיוואנן זיא קינדיר מיט

אײן

אין בנדר אוב׳ לערטן גאר וואל אוב׳ אויך זיא דא האט דער פסיק געזאגט
עיני בנאמני ארץ דש איז טייטש הקב״ה שפריכט איין אויגן אן דיא וואר
הפטיגן דער ערדן׃ אונט דרויף האט געזאגט רבי יוחנן ווער זיך
אונטן אויף דעם עולם גירעכט מכט דש מייבט וואש ער צו זאגט דז
הלט ער איינם׃ מכט מאן אויף אין דען דין אויף דען היזול אך גרעכט
אלש דער פסיק שפריכט אמת מארץ תצמח וצדק משמים נשקף דש איז
טייטש דיא ווארהייט פון דער ערדין זיא שפרושט אונט דיא
גירעכטיקייט פון דעם היזול זיא טוט איין רבן לוגן דער הלבן ליבן
לייט ווען אייבר עפיש פר היישט זל ביט גדענקין ווען בימט דער
בייא אישט ווער וילש זאגן עש איז אל צייט אימש דער בייא דאש
הקב״ה שיקט׃

### קב מסכת תענית פרק שלושה

**מעשה** גישאך עש האבן גלערנט דיא רבונים דער פסיק
גיט לעולם יהא אדם רך כקנה ואל יהא קשה כארז דז אישט
טייטש איבגליך זל אין מענבש זיין וויך אלש איין ראזיל דיא אישט גאר
אויך׃ אוב׳ זול ביט זא הרט זיין אלש איין גיפט פון איינן שלבגאן דער
אישט גאר הרט דש מייבט דער מענבש זאל ביט האפירטיג זיין אונט
זאל זיך גאר בידר הלטין דען עש גישאך איין מעשה אן איינם דער
האט גהייסן רבי שמעון בן אלעזר דער קאם פון זיינם רבי פון איינר
שטאט דיא ווארד גהייסן מגדול גדור אונט ער רייט אויף איינם איזל
אוב׳ ער רייט בייא איינם וואשר שפאצירן אוב׳ פרייאט זיך גאר זער
אוב׳ ער וואר גאר האפירטיג דרויף וויל ער אזוויל תורה האט גלערנט
אין דעם דא בגעגנט אין איין גרושיר שווארציר מאן דער גאב אין
שלום אוב׳ שפראך שלום עליך רבי דא עגט פרט אים רבי אלעזר נר ביט
אוב׳ שפראך צו אים זאג אן דוא רבוק זין דיין לייט אל אין דיין שטאט
אלזו שווארץ אז דוא בישט׃ דא שפראך דער מאן איך וויש עש ביט
אביר גיא הין אוב׳ גיא צו דעם מיינשטער דער איך גימאכט האט אונט
שפריך צו אים אייא וויא איין שווארצן ביבזן כילה האשטו גימאכט׃
וויא בון דער מאן אזו פרעמדליך מיט אים רידט דא מרקט ער בון גר
וואל דז ער אין רעכט גירעט העט אונט העט גיגען הקב״ה גזינט דא
שטיג ער אב פון זיינם איזל אוב׳ פיל פר זיינר קניא אונט שפראך
ווידר דען מאן ליביר איך ביט דיך זייא מיר מוחל דש איך ווידר דיך
גירעט האב איך ביט רעכט ביזובן גיהט׃ דא שפראך דער

שווארץ מאן איך בין דיר ביט מוחל זא לבנ ביז דוא גישט צו דעם אומן דער מיך גימאכט האט אובט פרעגשט אין ווארום ער אזו איין שווארץ כילה גימאכט האט אונ׳ גינג אלזו הין איין וועק דער רבי שמעון בן אלעזר גינג אים נאך ביז אין זיינר שטאט דא ער איננן וואנט רבי שמעון דא קאמן אים דיא לייט אנטקעגן אונ׳ שפרעכן צו אים שלום עליך רבי רבי מורי ומורי· דא שפראך דער שווארץ מאן צו וועם זאגט איר אזו רבי ומורי· דא זאגטן זיא צו דעם דער דיר הינטין נאך גיט· דא שפראך דער שווארץ מאן אל דאש איין רבי זיין זא זאלן זיך זיין גלייכן ביט מערן אונטר ישראל· דא פרעגטן דיא לייט וועשט האלבן וייש האט ער דיר גיטאן דא זאגט ער אין דיא שמועה וויא עש צו גיגאנגן ווער· דא שפראכן דיא לייט ווידר דעם שווארצין מאן ביט דיך דארום האט ער דירש גיטאן זא זייא אימש מוחל דען ער אישט איין קעשטליכר מאן אין דער תורה דא זאגט ער בילייך אייערט הלבן וויל איך אים מוחל זיין ער העט זינשט דען אייבשטר מוזן פרעגן ווארום ער מיך אזו שווארץ גימאכט העט אביר ער זאל גיווארנט זיין דש ער זעלכיש זאל ביאר טון· אלזו בלד גינג דער רבי אלעזר אין דש בית המדרש אונ׳ דרשת לעולם יהא אדום רך כקנה ואל יהא קשה כארז· אביר רש״י מאכט דער שווארץ מאן דער וואר אליהו הנביא גיוועזן דער וואר זיך פלייסן ער וואלט אין שטראפין דש ער ביט האפירטיג זיין אויף זיין תורה :

## קג מסכת תענית פרק שלושה

**מעשה** איינר האט גיהייסן רב חונה דער האט איין הויז דאז וואלט איין פאלין אובט ער האט נאך פיל ויין דארינן ליגן דא גינג רב אדא זון אהבה אין דאש הויז אונ׳ זאגט אזו לנג איבר דער הלכה ביז מן דאש הויז גנץ אויש גרויאט האט אונ׳ וויא ער בון דיא הלכה גנץ אויש האט גיזאגט אונ׳ דאש אל דיבג ארויש וואר דא גינג ער הרויש דא פיל דש הויז איין· דא מרקט רב אדא דאש זייבט הלבן דאש בס וואר גישעהן אונ׳ גיהוב זיך איביל איינש עש זאל קיינר איבנליך אן איין ארט שטון דא סכנה אישט דש ער וועלט גידענקן עש ווערט אים איין נס גישעהן תאור עש גישיכט אים קיין נס· אונ׳ ווען אים שון איין נס גישיכט זא שלאגט מן עש אים אב אן זייבן גוטן ווערקן דרום וואר ער צורניג איביר זיך :

מעשה גשאך רבי יוחנן בן זכאי דעם טרויאט וויא זיין שוועשטר
זון זאלט איין שאדן ליידן אום זיבן הונדרט גאלד גילדן
אונ' דאש טרויאט אין אן דער נכט דא ר"ה אויש גינג · דא גינג רבי
יוחנן צו זיינם שוועשטר קינדר אונ' זאגט ליבן לייט גאט איר גאלט דען
עש זיין לייט פר הנדן דיא גערן צדקה העטין אונט ער מעכיט מיט
דען זייבן פרייבדן רידן דש ער פון זיא דאש גאלט זאלט בעמן דאש
גבן יאר לנג מיט זעלכין רידן אונט ער האט אזו פון זיא איין גנץ יאר
גבואן געלט צו צדקה דיא זיבן הונדרט גאלד גילדן אונ' האט עז גבואן
ביז אויף זיבן צעהן גילדן דיא העטין זיא נאך ניט אויש גיגעבן דאש
גנץ יאר לנג פון דעם מאל אן אז עש אים גיטרויאט האט ביז ווידר
צום אנדרן ר"ה · וויא עש נון דאש יאר אויש וואר דש עש אם ערב יום
כיפור וואר דא שיקט דער קיסר נאך איבן זיא זאלטן פלוקש צו אים
קומן · דא דער שראקין זיא גאר זער דען זיא פארכטין זיך פאר איין
גרושן קנס אונט גינגן צו אירם פעטיר רבי יוחנן אונט פראגט אין
איין עצה וויא זיא אים טון זאלטן · דא שפראך רבי יוחנן פערכט
איך ניקש איר וועט קיין גרושן שאדן ליידן איר ווערט ניט העכיר
אום געלט קומן בייארט אום זיבן צעהן גילדן · דא זאגטן זיא ווידר וואו
הער ווישט דוא עש דא זאגט ער ווידר איך האב עש אין איין חלום
גיזעהן · אונט זיא גינגן אזו פר דעם קיסר זא ווארדן זיא אום זיבן
צעהן גילדן גישטראפט · דא זאגטן זיא ווידר רבי יוחנן ליביר פעטיר
זא דוא עז יוא גיווישט האשט דז איר זאלן אום זיבן צעהן גאלד גילדן
קומן ווארום האשטו עש אונש ניט גיזאגט זא וועלטן מיר דיר זיא אל
זיבן הונדרט גאלד גילדן אויף איין מאל געבן צום אליר ערשטין דאש
דוא העשט זיא אל צו צדקה גיגעבן · דא זאגט רבי יוחנן ווידר איך
וויל אייך זאגן ווען איך אייך העט זעלן אלי זיבן הונדרט גאלד גילדן אויף
איין מאל אן גיהיישן זא העט איר דאש געלט ניט מיט גוטים וילן גיגעבן
אזו פיל אויף איין מאל אונט עש ווער אייך אך קיין מצוה גיוועזן אביר
וויל איך אלי מאל בין מיט ווינציק צו אייך בין גיקומן זא האט איר זיא
גערן גיגעבן · דען מן זאל דיא צדקה מיט גודם וילן געבן זונשט איז
אים דיא צדקה קיין מצוה גירעכנט אדרבה זיא אישט אים פאר
איין עבירה גירעכנט · אונ' דארויף האט גיזאגט רבי יהושע ווער
זיין אייגן פר העלט פון צדקה געבן דש ער דיא ארמן לייטן קיין צדקה

גיבט

גיבט אזו אישט ער גלייך גירעכנט אלש דינט ער דער עבודה זרה ווארום עש שטיט בייא דער צדקה גישריבן השמר לך פן יהיה דבר עם לבבך בליעל דש איש טייטש זייא גהיט לייכיט עש ווערט זיין צו דיר איין שלך הפטין זך מיט דיינם הערצן דש דוא ביט ווילשט צדקה געבן· אונ׳ בייא דער עבודה זרה שטיט אך גישריבן יוצאו אנשים בליעל דש אישט טייטש זיין איש גיגנגאן מבין שלך הפטין וויא מיינט יענש בליעל זיא האבן עבודה זרה גידינט· זא מיינט דאש בליעל אך דאש דא שטיט בייא דער צדקה ווער ניט צדקה גיבט אישט גלייך אלש ווען ער עבודה זרה דינט:

## קה מסכת ניטין פרק מי שאחזו:

מעשה גישאך דא שלמה המלך ע״ה דש בית המקדש זעלט בויאן דא ווער אים פר באטין ער זאלט קיין אייזן דער צו ברויכן דא וואשט ער ניט וויא ער זאלט טון דש ער דיא שטיין פון איין אנדר ברעכן מאן· אונט שיקט נאך דען חכמים זיא זולטין אין איין עצה געבן וויא ערש בויאן זאלט דא זאגטין דיא חכמים איר ווען דיר זאגן עז אישט איין ווארום ווארין בשפין מששה ימי בראשית דער היישט שמיר דען האט משה רבינו ע״ה אך גיברויכט צו דען שטיינן דען ער האט אן דען אפוד גיזעצט אונ׳ עש אישט קיין דינג אויף דער וועלט אזו הרט ער צו שנייט עש איין צווייא· דא שפראך שלמה המלך וויא ביקום איך אין אביר דען שמיר· דא זאגטין דיא חכמים איר ווען דיר זאגן וויא איר אין ביקומן גיא הין אונ׳ נעם איין שד אונט שידה אונ׳ ביצווינג זיא בייא איין אנדר דיא זעלבין קאבן דירש זאגן· דא בראכטין זיא צו הייפא דא זאגטין זיא איר ווישן עש ניט בייארט אשמדי דער מלך איביר דיא שדים גיט צו בייא אונ׳ דער ווייש ווא דער שמיר אישט· דא שפראך שלמה המלך דא וויל איך אייך אזו לנג פייניגן ביז איר מיר זאגט ווא איך אשמדי פינט דא זאגטין זיא מיר ווען דירש זאגן דארט אן יענים בערג האט ער איין גרוב גיגראבן דיא אישט גיפילט פאל וואשיר אונ׳ זיא אישט צו גידעקט מיט איינם שטיין דער הייסט טיברא אונט דער זעלבינג שטיין אישט פר חתמנת מיט דעם חותם פון אשמדי אונ׳ אלי טאג גיט ער אויף דען הימל אונט לערנט אויף דער ישיבה של מעלה אונט גיט ווידר איין הראב אונ׳ ווען ער איין הראב קומט זא אישט אים גאר ווארום דאש ער דאש וואשיר טרינקט אביר קיין ווין פאר דער היץ דוך זא זיכט

ער פֿור אי ער טרינקט אביר זיין חותם נאך רעכֿט פאר ארט אישט
דש קיין מענטש דריבר אישט גוועזן דער אים אירגנט ווין דריין
גיטאן · דען טרינקט ער אונט מכֿט זיין חותם וידר אויף דען שטיין
אונֿ גיט וידר זיין שטרויז הין וועק · דא שיקט דער מלך נאך דעם יועץ
בניהו בן יהוידע אונֿ גאב אין איין קעט מיט דא וואר אויף גגראבן דעם
שם המפורש אונֿ איין גבונט וואל דש מן איין לוך קאן מיט צו שטאפין
אונט איין קרוג מיט וויין · אונט דער יועץ גינג ביז ער אן דיא גרוב
קאם פֿון אשמדי דא ער דש טרינקין איינן האט אונט גינג הין אונט
גראבט איין גרוב אונטיר דער גרוב דש דאש וואשיר איין רויש ליף
דא מיט דש דאש חותם גאנץ בליב אונט שטאפט דאש לוך ווידר
מיט דיא וואל צוא · אונט דער נאך גרוב ער איין גרוב אובין אביר
דער גרוב אונט שיטט וויין דארין דש דיא גרוב ווידר פֿול וואר מיט
וויין · דען ווען ער ווין טרינקט דא שליף ער דור פון דער נאך קונט
מן אים בינדן · חיא נון דער יועץ דש אלש גיטאן האט דא פֿר בארג
ער זיך אונֿ זעצט זיך אויף איין בוים אונֿ וורטיט ביז אשמדי קאם פֿום
הימל · וויא נון אשמדי פֿון הימל וידר קאם ליף ער איביר זיין גרוב
זאך נאך זיין חותם אונט טעט דיא גרוב אויף אונט וואלט טרינקין
דא שמעקט ער דאש עש וואר ווין דא וואלט ער ניט טרינקין דען
ער שפראך וועד ווין טרינקט דער פֿאר לירט זיין חכמה איך וויל
אים ניט טרינקין לסוף עש דורשט אים אזו זער דאש ער דען
ווין טראנק אגט וואר פֿול אונט שליף · אונט אלש באלד דאש ער
שליף דא גינג דער יועץ פֿון בוים איין ראב אונט וורף דיא קעט
דעם אשמדי אן האלז דא דער שם המפורש דרויף שטונט גשריבן ·
דא נון דער אשמדי אויף וואכֿט דא וואלט ער דיא קעט איין צווייא
רייסן · דא שפראך דער יועץ דוא קאנטש זיא ניט אנצווייא רייסן
דען דער נאמן פֿון השי״ שטיט אויף דער קעט דא ער דאש זאך
דא גינג ער גערנן מיט אים · אונט וויא זיא נון אבוויל ווארין
גנגאן דא קאם אשמדי אן איין בוים דא ריב ער זיך אן דען בוים
דז דר בוים אום פֿיל · דער נאך קאמין זיא אין איינר אלמונה הויז · דא
וואלט זיך דער אשמדי אך אן רייבן · דא גינג אים דיא אלמונה אנטגגן
אונֿ טריב אים פֿיל חניפות דא וואלט זיך אשמדי אויף דיא אנדר זייט
ביינן דא צו בראך ער איין ביין · דא זאגט אשמדי דען פסיק משון רכה
תשבר עצם דש אישט טייטש דער מענטש דער אים לוט שמייכלין גוטי
ווארט דער צו ברעכֿט איין ביין · דא זיא נון וויטר גינגאן דא בגעגנט
אים

אים איין בלינדיר דער וואר ור אירט אים וועג דעם וויז אשמדי אויף
דען רעכטין וועג דא פרונט אים דער יועץ ליבור ווארום האשטו דען
בלינדין אויף דען רעכטין וועג גיוויזן · דא שפראך אשמדי דער בלינד
דער אישט איין גרושר צדיק אוב׳ מן שרייט אויף אים אויש אויף דעם
הימל ווער אים עפיש גוטש טוט דער האט חלק עולם הבא· דער הלבן
האב איך אים צו רעכטין גיוויזן· דא גינגן זיא ווייטר דא קאמן זיא אויף
איין ברייליפט דא וואר דיא לייט גאר בול אוב׳ וואר גאר ורליך· דא הוב
אשמדי אן צו שרייאן· דא פראגט אים דער יועץ ווארום שריישטו
אזו· דא זאגט אשמדי איך שרייא וויל דער חתן מוז מורגן שטערבן
אוב׳ דיא כלה מוז דרייא צעהן יאר אויף חליצה ווארטין· דער נאך קאמן
זיא צו איינם שוסטרש הויז דא זאגט איינר ווידר דען שוסטיר ליבור
מך מיר איין בר שוך אויף זיבן יאר דא שפראך דער שוסטיר יא איך
וויל דיר זיא מכן· דא לאכט אשמדי ווידר· אוב׳ שפראך זיך דער וויל
זיך לאשן מכן איין באר שוך אויף זיבן יארן· אוב׳ ער וייש ניט אוב ער
זיבן טאג לעבט איך וויל פר שווייגן זיבן יארן· דא קאמן זיא ווייטר דא
זאך אשמדי איין פולין דער וואר פר ערט אויף דען וועג דען וויז ער
אך צו רעכט דא פראגט דער יועץ ווארום ווישטו דען צו רעכט דא
שפראך אשמדי מן שרייט אויף אין אויש אויף דען הימל ער זייא
איין גרושר רשע זא האב איך אין אויף דען וועג גיוויזן דש זיין זכות אויף
דיזור וועלט האבן· דא גינג ער ווייטר דא זאך ער איינן דער גרוב
נאך גילט אוב׳ וואלט נאך כישוף טרייבן דאר מיט אז ער וואלט זעהן וואש
געלט ליגן זאלט דא לכט אשמדי דא פראגט אין דער יועץ ווארום ער
אלזו לכט דא זאגט אשמדי וויא זאל איך ניט לאכן דער וויל כישוף טרייבן
אוב וויל חפורות גראבן אוב׳ דער אוצר דאש שלמה המלך וויל דאש בית
המקדש דער פון וויל בויאן ליגט אונטר אים אוב׳ ער וייש ניט· וויא
וויל ער דען דש אנדר ווישן· וויא זיא בון קאמן אן דאש מלך הויז דא
וואלט אין שלמה מלך ניט פיר לאשן אין דרייא טאגן· דא שפראך
אשמדי ווארום לוט מיך שלמה המלך ניט פור דא זאגט מן ווידר אים
דער מלך איז קרנק ער האט צו פיל גיטרונקין· דא שפראך אשמדי
גיבט אים וויניג צו טרינקין· דען אנדר טאג וואלט ער ווידר פור
דען מלך אזו זאגט מן אים דער מלך איז קרנק ער האט צו פיל
גיטרונקין אוב׳ צו ויל גיגעשן· דא שפראך אשמדי לאשט אים אויף דען
בית הכיסא גין· אם דריטן טאג דא קאם אשמדי פור פאר דעם
מלך דא נאם אשמדי איין איל דא מן מיט מעשט אוב׳ אשמדי מעסט

זיר אלין בֿור דעם מלך דא ורוגט אים. דער מלך וויש ער מיט דעם
מעשין מייבט· דא שפראך אשמדי איך וויל דירש זאגן וואן דוא
שטערבשט זא האשטו ניט מין אלש ויר אילן ועד דיך צו בעמן דיך
בישטו הין גיגנגאן אונ׳ האשט דען גאנצן עולם אונטיר דיך גיבראכֿט
אונ׳ נאך האשטו ניט גינוגן בישטו מיך האשט אך מוזן ביצווינגאן· דא
שפראך דער מלך זייא צו ורידן איך בינער בישט מין פֿון דיר א: דוא
מיר זאלשט דען שמיר ברענגאן דען איך זאל דש בית המקדש בויאן
אונ׳ דרו׳ קיין איין דער צו ברוכן דש איך דאש איין דער מיט שפלטן
זול אונ׳ מיט דעם שמיר קאן מאן עש צו ווענן ברענגאן דער הלבן האב
איך דיך לאסין הולן דז דו מיר אין זאלשט בישטעלין· דא שפראך
אשמדי אדוני מלך איך לוש דיך ווישן דא איך קיין גיוואלט דריבר האב
ביארט דער שר פֿון דעם ים דער האט אים צו גיוואלט· אונ׳ ער
גיטרויט אים ביאט דען דעם אויער האן דער מוש אים איין שבועה
טון דש ער אים וויל ווידר ברענגאן· דא גינג שלמה המלך הין אונ׳ גאב
דעם בניהו איין גלאז אונ׳ ער זאגט אים ער זאלט נוך איינם עשש
מיט היבר זעהן פֿון דעם אויער האן דא זולט ער אזו לנג דער נאך
ביז ער דורט איין אן בערג קאם דא קיין לייט וואנן דא וואכט ער איין
עשט דא נאם ער דש גלאז אונ׳ שטערצט עש דריבר איבור דען
יונגאן דור נאך קאם דער אויער האן אונ׳ וואלט צו זיינן יונגאן דא זאך
ער אז זיא ואר שלאסין ווארן דא ולאג ער דא הין גאר גישווינד צום שר
פֿון ים אונ׳ הילט דען שמיר אונ׳ לינגט אים אויף דאש גלאז דא גינג דאש
גלאז אנטצווייא· אונ׳ וויא ער בון וואלט ווידר דער מיט אן וועק פֿליהן
דא דער שרעקיט אין בניהו דש ער אין וואלין ליש דא נאם אין בניהו·
אונ׳ וויא בון דער האן וואלין ליש דש ער אים ביאר האט דא גינג ער הין
אונ׳ ווערגט זיך זעלברט וויל ער זיין שבועה ניט קאנט הלטין דש ער
דעם שר פֿון ים טעט דש אים דעם שמיר ווידר זאלט ברענגאן·
אונ׳ וויא ער בון דען שמיר האט דא בויאט ער דש בית המקדש אונ׳
וויא ער בון דש בית המקדוש גיבויט האט דא וואר ער בייא דעם
אשמדי אליין אין איינם חדר דא זאגט שלמה המלך וואש קאנט איר
שדים בון מין אלש אנדרי לייט דא שפראך אשמדי נעם דוא דיא
קעט בֿון מיר דא דוא מיך גיבונדן האשט אונ׳ גיב דוא מיר דיין חותם
דש דוא אן דיינר הנט טראגשט דא וויל איך דיר ויל חדושים וויזן· דא
גינג שלמה מלך הין אונ׳ נאם דיא קעט פֿון אים אונ׳ גאב אים זיין חותם
דא גינג אשמדי הין אונ׳ שטעלט איין ביין אויף דער ערד אונ׳ דאש

אנדר

אנדר בין אן היאול אונ' שלאגד דען מלך איין אונ' ווארף אין איביר ויר
הונדרט מייל וועגש ווידר אויש אונ' אשמדי זעצט זיך אויף דאש מלך
שטול אלש ווען ער דער מלך ווער אונ' שלמה המלך דער זאגט דען
פסוק דש זעלביג מאל וויש אישט בון איבירג צום מענשין ביא אל
זיינר ארביט דיא ער טוט אויף דיזר וועלט אונ' גינג בעטלין בור אלין
טירן הין אונ' היש ברוט אונ' זאגט דער ביא איך קהלת בין גיוועזן איין
מלך איביר ישראל צו ירושלים אונ' ער גינג בון אזו לנג ביז ער ווידר קען
ירושלים קאם צו דען סנהדרין דא זאגט ער אווידרון איך בין גיוועזן
קהלת איין קיניג איביר ישראל צו ירושלים· דא בון דיא סנהדרין
הורטין דש ער אלש אויף איין ריד בליב דא זאגטן זיא איין נר דער רעט
ניט אומנדרין אייברלייא· מיר ווערין זעהן אוב ער דער קיניג אישט
אדיר ניט· דא ורוגטין דיא חכמים דען בניהו אוב ער ווידר בייליך
ביא דעם מלך גיוועזן· דא זאגט ער ניין· דא שיקטין זיא נוך דער
מלכה אונ' ורוגטין זיא אוב דער מלך בייליך ביא איר ווער גיוועזן דא
זאגט זיא יוא זיא ווער הייט ביא אים גילעגן· דא פֿראגטין זיא דיא
חכמים האשטו אים ניט נאך זיין פֿוס גיגריפֿין· דא שפראך דיא
מלכה ער קומט צו מיר אין זאקין אן דיא פוסין· אונ' האט ביא מיר
גיוואלט ליגן דא איך בין נידה גיוועזן· אונ' האט אך גיוואלט ביא זיינר
מוטר בת שבע ליגן· דא דש דיא חכמים הורטין דא גידוכטין זיא זיך ער
ווער אלזו זיין אונ' נאמן שלמה מלך אונ' גאבן אים דיא קעט אך דא דער
שם ווער אויף גישטבדן אונ' דש חותם דש דער שם ווער אך דרויף
גישטבדן אונ' בורטין אין אויף זיין שטול אונ' ויא אים אשמדי זאך דא
פֿלוך ער הין וועק אונ' שלמה מלך זעצט זיך אויף דען שטול אביר דאך
וערכֿט זיך שלמה מלך דור נוך ואר אשמדי אונ' שרייב שאות אן זיין
בעט אונ' ליש ביא נכֿט ביא אים וואכֿין אלש מיר וינדן אים פסוק
דש אלין נכֿט זעלכֿיך מאכן ביא שלמה מלך וואכֿן דש ער זיך וערכֿיט
ואר אשמדי גוט צו ביא אונש אונ' ניבן אונש:

ברוכת פרק אין עמרין קו

מעשה גשך אן איינם אורט דא וואר איין שערץ אין דער שול
דש וואר דיא לייט אלזו מזיק דש זיא ניט קונטן אין שול גין
אונט ניט וואר איין מין פֿון איינר שלנג אישט איירל גיפט· דא קאן
דיא לייט אונ' זגטין עש רבי חנינה בן דוסה ער זולט דוך תפילה דון דא
זגט רבי חנינה קומט ווישט מיך דש לוך דא דש שערף אין אישט דא

גינגן דיא לייט אובט ווזן אים דש לוך דא גינג דער רבי חנינה הין אובט שטעלט זיין בוש איט דער ווערש אויף דש לוך· דא קאם דש שערץ איין רויש אונ׳ ביש אים דיא בוירש דש עש גלייך ספגר וואר דא נאם ער דז שערץ אויף דיא אכתיל אונ׳ טרוג עש אין דז בית המדרש אובט זגט זעכט איין קינדר דש שערץ הוט דיא לייט ביט מאת גיוועזן ביארט דיא עבירות דיא זיין אייך מאית· דא זגט דער רבי חנינה וויא צו דעם מענשין דעם דש שערץ בינעגנט אונ׳ וויא צו דעם שערץ דש אים רבי חנינה בן דוסה בינעגנט· דא מלט רשי דש שערץ וואר אין דא וואר גיפט וועןעש איין מענשן גיבישן הט אונ׳ וועלכיש דיר בוך איצו איינם וואשר קאם זא מושט דש אנדר שטערבן קאם דש שערץ אי צום וואשר אי דער מענש זא שטורב דער מענש קאם דש שערץ ניט צום וואשר אי דער מענש קאם זא שטורב דש שערץ דא גישאך דעם רבי חנינה איין נס דש אים איין קוואל אויש זיינן פערשין שפרנג דש ער אי בייא דעם וואשיר וואר אלש דש שערץ דא מושט דש שערץ פינרין:

קז מסכת קרושין פרק עשרה יוחסין

מעשה גישאך דז זיך איין מול קאין גיבנגאן ווייבר בון נהרדע אויש אייבר מלחמה אובט זיא וואהן גיטון אין איינש הויז דער היש רב עמרום חסידה דז ער זיא זול אויש לייזן וויא מן בון פאר צייטן זער שבויים אויש גלייזט הוט דא טעט זיא דער רב עמרום אובן אויף זיין בודם אובט טעט דיא שטעג הין וועג דער ווארטן דש ביאן זאלט צו אים קומן דער איט איבן גיזיבט חו זאלט· אין דעם דא זאך רב עמרם איינן פון דיא ווייברן דיא גינג אובן ואר דעם לוך הער דיא ווארגאר שין· דא קאם אין דער יצר הרע אן רב עמרם חסידה דז ער אנטצינט וואר דבון וועגן איר גרוש שונהייט אונ׳ וואלט בייא איר ליגן· דא נאם דער רב עמרם איין שטעג דיא זינשט צעהן מאנן העטין ניט קענן טראגן דיא טרוג ער איין ליין· דען דער יצר הרע דער וואר אזו גאר שטרק בייא אים דש ער וואלט אנויף גן אונ׳ וואלט בייא איר ליגן· אובט וויא ער דיא שטעג הלב אובן וואר ביזאן ער זיך וויא עש אזו איין גרושי עבירה וועראובט הוב אן צו שרייאן עש ברענט אין רבי עמרם הויז דא קאמן דיא רבנים אונ׳ וואלטין לעשין דאש פייאר דא זאכין זיא קיין פייאר ניט· דא זאגט רב עמרם איך האבש דער הלבן גיטאן דש איך דען יצר הרע האב אויש גלעשט אונ׳

זאגט אים וויש ער האט אין זין גיהט דען ער זאגט עש איז בעשיר דז איך זאל ווערן פאר שעמט אוין דיזר וועלט וועדר איך חו זאלט פר שעמט ווערדן אוין יענר וועלט · דא בישוואר ער דען יצר הרע דש ער בון אים איין וועג גינג דא גינג ער בון אים איין וועק ווא איין זייל פייאר גינג ער פון אים · דא זאגט רב עמרם זיך דוא בישט דאך פייאר אוב איך בין איידל בלוט אוב פלייש אונט איך האב דיך דאך כופה גיוועשט אוב איך בין אך בעשיר אלש דוא בישט דוא יצר הרע דוא שטון · דער הלבן זול מאן זיך ניט לאזן פאר פירן בון דעם יצר הרע אוב זאל אים פר שטאן :

## קח קדושין היביא תוספות פרק עשרה יוחסין

**מעשה** מן שפריכט דיא ווייבר דיא האבן לייכטי דעות זיא זיין בלד צו איבר רידן דען עש גישאך איין מאל איין מעשה דש איין פרויאן איר מאן וואר גישטארבן אונט זיא טעט גאר קלעגליך אוב גרושן יאמר אוב וואלט יוא איר ליבן מאן ניט קענן פאר געשין אוב לעג טאג אוב נאכט אויף דעם בית חיים אוב וויינט אונט שריא גאר יעמרליך אום אירן ליבן מאן · דא וואר איינר דער וואר איין שומר בייא איינר תלוי דער היטיט דז מאן ניאט איין ראב זעלט נעמן פון דער תלוי בייא לייב שטראף דש מלך אונט דיא זעלבין תלוי דיא וואר ניט וייט גיוועזן פון דען בית חיים · אונט דער זעלבין שומר דער גינג בייא נכט צו דער זעלבינן ורויאן אוב רידט אזו לנג מיט איר ביז ער זיא איבר רידט אז זיא בייא אים לעג אוב דיא זעלבינג וייל אז ער בייא איר איז גילעגן אזו איז איינר אראב גישטולן ווארדן פון דען תלוי אונט ווא ערווידר צו זיינר תלוי קאם אזו זאך ער ווא אין איין מאן איז ווארדן איין ראב גישטולן פון זיינר תלוי · דא וואר ער זיך גאר זער מצער פון וועגן דער מלך ווער אין אך תליון לאזן וייל ער ניט רעכט גיהיט העט · דא שפראך דיא פרויא ווידר אין ניט פערכט דיך אזו זער גיא הין אוב נעם מיין מאן אויש דעם קבר אוב העגנג אין אן דיא שטאט · דא גינג ער הין אוב צוג אים מיט איר זעלבשט אויש דעם קבר אוב הינג אין אן דער תלויה · דא זיכט איר בוא ויא דיא פרויא גאר זער האט גיארט אונט גיוויבט אום איר מאן נאך דענוך האט זיא דען יצר הרע בייא איר גיהט דז זיא זיך איבר רידן ליש פון דעם שומר דער הלבן שפריכט מן דיא ווייבר האבן לייכטין דעות זיא זיין לייכט צו איבר רידן דש זיא איינם זיין ווילן טון ווען זיא שון טרויריג

זיין: אביר דאך פינט מן פרומה ווייבר אך דען עש וואר איין מאל איין ורויא דיא האט זיבן קינדר אובט איר שטורב איין קינד פון אירן קינדיר אונ׳ זיא שריא גאר זער· דא זאגט מן צו איר ביט וויין אזו זער דען ווען דוא זער ווינשט דא שטערבט דיר דאך נאך איין קינד אונ׳ זיא שווייג ניט ביז זיא אל נאך איין אבנדר שטורבן אונ׳ זיא דער נאך אך פון וועגן דען גרושן צער אז זיא טריב פון דיא קינדר וועגן אונ׳ טעט ניט וויא דיא אויברשט פרויא האט געטון דיא זיך איבר רידן האט לאשן:

## קט קרישין פרק עשרה יוחסין

**מעשה** געשאך אן איינם צדיק דער היש פליאו דער פפלעגט אל וועגן צו זאגן אלי טאג איין ועל אן דש שטובש איין אונ׳ פלוכט דען שטון אלי טאג איין מאל אויף איינם ערב יום כיפור דא מאכט זיך דער שטון צו איינם עני אובט קאם פר דען פליאוש טיר אונ׳ באט אים אום איין שטיק ברויט ליביר גיב מיר איין שטיק ברוט אים גוטש ווילן· אונ׳ זאגט אן איינם זולכן הייליגן טאג דש איטליכיר אן זיינם טיש אים הויז זיצט אונ׳ איך מוז אוישן וויבק אויף דער גסין עשין דא בראכט דער פליאו אין דאש הויז אובט גאב אין איין שטיק ברוט· דא זאגט ער ווידר אן איינם זעלכין הייליגן טאג וויא הייט איש מא זיצט אידר מן אן דעם טיש אונ׳ איך זולט פורנן אן טיש זיצן אובט מוז עשין דא זעצט פליאו אין אך אן טיש· דא האט זיך דער שטן גאר גריבדיג אונ׳ גייבן גמאכט אונ׳ פולר אייטר אובט גייביר פום מויל ליף אן איין הראב. דא שפראך פליאו זין רעכט וויא מאכשטו דיך אזו מיאס דא שפראך דער עני דאש וואר דער שטן גיב מיר אך צו טרינקן· דא גאב אין פליאו איין בעכיר מיט וויין דש ער טראנק· דא שפיא ער אין דאש גלאז אודר בעכיר דא דער וויין דריבן וואר דאש טעט ער אלש צו להכאים דז ער פליאו וועלט ווידר מצער זיין וויל ער אים אלי טאג פלוכט וויא איר וואל הערן ווערט דא דש פליאו זאך דש ער דען גייבר אין דען בעכיר ליש פאלן אזו שריא אין פליאו אן אובט זאגט צו אים אוי טרינק רעכט אדר גיא איין בויש דא מאכט זיך דער שטן היבטיר זיך פלין אונ׳ מאכט זיך גלייך אלז וועד ער טוט· דא קאם דאש קול אויף דער גס פליאו האט איינם הורג גוועזן דא מאכט ער בלד פליטה הין בויש אונ׳ פר בורגן זיך אין איין בית הכיסא· אובט וויא בון דער שטן זאך דש זיך דער פליאו אזו מצער וואר דא מאכט

ער

ער זיך ווידר אויף אונ׳ זאגט איך בין דער שטון אונט האב איך צו איין
עני גימאכט אונ׳ האב דיך ווידר וועלן מצער זיין וויל דוא איך אלי טאג
פלוכשט דער הלבן פלוך איך ביאר אין דא זאגט פליאו וויא זאל איך
דען זאגן דוא שטון דוא יצר הרע דא זאגט דער שטון ביט הקב״ה דש
ער דען יצר הרע בון דיר אב טוט דש ער דך ניט מאכט שטרויכלין׳
דש דוא עבירות טושט אלז וויא דוד המלך אך הקב״ה גיבעטין האט:

## קי מסכת בבא מציאה פרק שביעי

**מעשה** רבי זירא דער פאשטיט הונדרט תענית ווען ער אין ארץ ישראל צוג דער ווארטין דש ער זולט פאר געשין דיא גמרא דיא ער האט געלערנט אין בבל דש ער קעניט דיא תורה רעכט לערנן אין ארץ ישראל פון רבי יוחנן אונט דער נאך פאשטיט ער ווידר הונדרט תענית דש אין זיין צייטן רבי אלעזר ניט זאלט שטערבן׳ דען זונשט ווער דיא מיא פון קהל אל אויף אים גילעגן דען דער רבי אלעזר דער ווער איין פרנס איבר קהל׳ דער נאך פאשטיט ער ווידר הונדרט תענית דש אים דש גיהנם נישט טון זולט אונ׳ אלי דרייסיך טאג דא ווער ער זיך בודק אונט זעציט זיך אין איין הייזן קלך אובן אונ׳ דער אובן טעט אים נישט׳ אין מאל הטן רבונים קנאה אויף אים דש אים דש גיהנום נישט טעט:

## קיא מסכת בבא בתרא פרק ראשון

**מעשה** גישאך איינר האט גהיישן הורודוס אי ער אישט מלך גיווארדן דא אישט ער איין קנעכט גיוועזן צו דען חשמאי׳ אונט עש וואר איין קליין מיידלן דש האט ער גאר ליב׳ איינש טגש הערט ער איין בת קול דז זאגט וועלכיר קנעכט איצונדר אן זיינם הערן ווידר שפעניגט דער ווערט בגליקין׳ דא גינג דער הורודוס הין אונ׳ טיטיט אל זיין הערן ביז אויף דז קליין מיידלן דז ער אזו ליב העט דש ליש ער לעבן דען ער מיינט ער וועלט עש צו איינם וויב נעמן׳ וואש טעט דאש מיידלן עש זאגט וועלכיר קומן ווערט דער ווערט זאגן ער האט דאש קינגש טאכטיר דער דא דיא חשמאנים אלי הורגן האט גיוועזן ביז אויף מיך ער זאל מיך אך ניט האבן וואש טעט עש גינג אויף דען טך אונ׳ פיל גערבן הראב דש עש גלייך דען הלז אב פיל דש טוט וואר׳ דא זאגט ער ווער דרשט מיר דען פסוק מקרב אחיך רשים מלך דאש איז טייטש בון צווישן דיינן ברידר דא זאלשטו איין מלך מכן

אביר אויש קיינם קנעכט ניט׳ דא דרשטן אין דיא רבונים דא׳
גינגן הורדוס הין אונט טיטט אל דיא רבונים אונדר יודא בן בוטה דען
וואלט ער ניט מיאת זיין דען ער וואלט עצה פון אים נעמן דער צו
ער אים בידרפט דער נאך גינג ער הין אונט ליש דען יודא בן בוטה
זיין אויגן אויש שטעכן׳ אייבש טאגש זאש דער יודא בן בוטה ביים
דעם הורודוס אין אייבר שטובן אביר דער יודא בן בוטה דער וואשט
ניט ווער ביים אים זאש׳ דא זאגט דער הורודוס זיך וויא איין בוזר
קנעכט אישט דער הורודוס גיוועזן דער האט לאשן אלי רבנים הורג
זיין אונ׳ דער צו אל זיין הערין׳ דא שפראך רבי יודא ווידר וואש קאן
איך דער צו טון׳ דא זאגט דער הורודוס מיר וועלין אין פלוכין דען
ער וועלט הערן וואש ער אין זין העט דער רבי׳ יודא דא זאגט ער ווידר
דער פסיק גיט אונט אין דיינם גידנקין דא זאלשטו קיינם פלוכן
דער איין מלך אישט׳ דא זאגט דער הורודוס ווידר איז ער דאך קיין
מלך׳ דא זאגט רבי יודא לאז אין ניט בעשיר זיין אלש איין עשיר דען
דרפשטו אך ניט פלוכן אז דער פסיק גיט אונ׳ אין קמרן דיינש גילעגיר
דרפשטו ניט פלוכן איינן עשיר׳ דא גאב זיך דער הורודוס צו דעם
רבי יודא צו דער קענן אונ׳ זאגט איך בין הורודוס העט איך גיוואשט
דש איר אזו פרום ווערט גיוועזן וועלט איך אייך ניט מיאת האבן
גיוועזן אביר וויל איך עש אביר גיטאן האב זא וועט מירש הקב״ה ניט
מוחל זיין׳ דער הלבן גיב מיר איין עצה וואש איך טון זאלט דאש מיר
הקב״ה דיא עבירה ווידר מוחל זעלט זיין׳ דא שפראך רבי יודא איך
וויל דיר זאגן וואש דוא טון זאלשט׳ דוא האשט דש ליכט פון דער
תורה פארלעשט גיא הין אונ׳ צינד ווידר דאש ליכט בון דער תורה אן
דען דיא חכמים זיין גיהיישן דש ליכט פון דער תורה אונט דוא האשט
זיא אל מיאת גיוועזן דער הלבן צינד דאש ליכט ווידר אן דאש אייבט
גיא הין אונ׳ ביים דאש בית המקדש אלש דער פסיק גיט ונהורו אליו כל
הגוים דש אישט טייטש צו דעם בית המקדש לייכט אלי פולקיר דער
הלבן בויא דוא איין בית המקדוש דא פאלגט ער אים אונט בויאט
ווידר איין בית המקדוש אלש מיר וואל אים עשרים
וארבע גילערנט האבן:

קיב קדושין פרק עשרה יוחסין

מעשה רבי מאיר דער שפאטיט דען לייטן דיא דא עבירות: טעטין דען ער זאגט דער מענטש קעניט גאר לייכליך זיין יצר הרע כופה זיין דז ער קיין עבירה טעט · איין מאל וועלט אין דער יצר הרע: פר זוכן אונ׳ מכט זיך צו איינר היפשין פרויאן אונ׳ שטעלט זיך אויף יענער זייט דאש וואשר דא זאך זיא רבי מאיר אן אונ׳ גיוואן איין לושט צו איר אונ׳ ער ווער גאר גערין בייא איר גיוועזן דא וואר קיין בריק דא אונ׳ וואר אך קיין שיף דא דז איס קעניט איין ריבור פירן דא גינג ער הין אונ׳ נאם איין קליין ברעט אונ׳ פור אין ניבר אונ׳ נאם איין זייל אונ׳ווארף עש איבר דען בך איין ריבר·· אונ׳ ער הילט זיך אן דעם זייל אן דש. ער ניט ואלין זאלט אונ׳ וויא ער נוא הלב איבר דען וואשר קאם דא פר גינג איס זיין יצר דש ער קיין לושט מער צו איר הט· דא שפראך דער יצר הרע ווידר רבי מאיר ווען מן ניט אויף דען הימול אויף דיך אויש שריא זייט גיווארנט אן רבי מאיר אונ׳ אן זיינר תורה זא וועלט איך דיך איצונדר אין דאש וואשיר גיווארפין האבן דז. דוא זאלשט דער טרונקין ווארדן :

קיג מסכת קדושין פרק עשרה: יוחסין

מעשה גישאך אן רבי עקיבה: דער שפאטיט אך דען לייטן דיא דא עבירות טעטין דען ער זאגט אך איין מענטש קענט לייכטליך זיין יצר הרע כופה זיין: אייניש טאגש מכט זיך אך דער שטון דער יצר הרע. צו איינר היפשין ורויאן אונ׳ שטינג איין הוכן טייטל בוים איין נויף דא זיא רבי עקיבה זאך דא האט ער אך איין לושט צו איר אונ׳ שטינג אנויף אונ׳ וויא ער הלב אויף דען בוים קאם דא פר גינג אים דער יצר הרע דאש ער ניאר אזו לושט צו איר גיהט האט · דא שפראך דער יצר הרע ווידר רבי עקיבה ווען מן ניט אויף דען הימול שריא אויף דיך זייט גיווארנט אן רבי עקיבה אונ׳ אן זיינר תורה זא וואלט איך דיך איצונדר פון דען בוים איין ראב גיווארפין האבן דש דוא העשט זעלין דען הלז אב ואלין אונ׳ זאלשט גלייך גישטורבן זיין :

קיד ניטין פרק השולח

מעשה גישאך אן רבי נחמנש טאכטיר דיא שויאטין איין טופין דען שוים איין ראב אים. דא וואר אידר מן זיא

דן זיא טעט עש פֿון פֿרום קייט ווען דא וואר רבי עלוש קושה עש
שטיט דאך גשריבן איין פֿרואן מאן אונטיר הונדרט דא פינט מן וואל·
אביר איין פֿרום ווייב אונטיר אלי ווייבר זא פינט מן קיינן זיין דאך רב
נחמנש טוכטיר גאר פֿרום· דא בגאב זיך איין מאל דאש דיא טוכטיר
גפֿנגן ווארדן אונטיר גוים. אונ' דער רבי עיליש דער ווארט אך גפֿנגן
מיט אינן אויף איין טאג דא זאש איין מאן בייא אינן דער קענט אליר
לייא שפראך ואר שטין אונ' שפראך פֿון דיא פֿיגל קאן ער אך פֿאר
שטין· דא קאם איין קרא צו פֿליהן אונ' שריא קרא וויא נון דיא קראן
פפֿלעגן צו שרייאן דא פֿראגט רבי עיליש וויש מיינט דיא קרא מיט
אירם שרייאן דא שפראך דער מאן דער דיא שפראך ואר שטונד
דיא קרא שרייט אונ' מיינט מיט אונ' שפריכט עיליש פֿליך דוא זאלשט
פליטא מכן דען עש ווארט דיר ניט וואל גין דא שפראך עיליש איין
קרא זאגט גערן שקר איך וויל איר ניט גלאבן דא קאם ווידר איין קרא
דא וואלט ערש ניט ווידר גלאבן· דער נאך קאם איין טויב אונ' שריא
אן אין אירר שפראך דא פֿרוגט רבי עיליש דען מאן דער דיא שפראך
פֿר שטונד וויש מיינט דיא טויב מיט אירם שרייאן דא זאגט דער
מאן דיא זאגט אך עיליש פֿליך דא זאגט רבי עיליש דיא טויב אישט קיין
שקרן דען כניסת ישראל זיין צו אייבר טויבן גגליכן עש ווערט מיר
גוויש איין נס גשעהן איך וויל פֿליהן אונ' גינג הין אונ' זאגט איך וויל זעהן
אוב דיא רב נחמנש טוכטיר אך אין איר פֿרומקייט בלייבן שטין וויל זיא
איצונדר אונטיר גוים גפֿנגן זיין אונ' וויל אינן זאגן אך אז זיא פֿליהן זאל
ווען זיא אך פֿליהן זא זיין זיא גוויש פֿרום ווען זיא אביר אונטר גוים בלייבן
זיין זיא גוויש ניט פֿרום· אונ' וויא ער נון וועלט צו אינן גין דא ווארדן
זיא בייד אויף דעם בית הכיסא בייא איין אנדור דא זאגט רבי עיליש
אל דיא סודות דיא דא ווייבר מיט אנדור רידן דאש רידן זיא אויף דעם
בית הכיסא איך וויל דא הערן וויש זיא מיט אנדור רידן דא הורט
דער רבי עיליש וויא זיא מיט אנדור רידן מיר וועלן ניט פֿליהן זיין דאך
אונזר מאנן ניט בייא אונש היא זא וועלן מיר דיא גוים נעמן ווען זיא
אונש עפיש טון וועלן זא טונן זיא אונש ניקש דען זיא קענין וואל
אונזרן מאנן זיין אזו וואל אז דיא מיר אין ארץ ישראל האבן מיר וועלן
אין וואל זאגן דש אונזרן מאנן ווייט פֿון אונש זיין דש זיא אונש ניט
אויש לזן דא דאש רבי עיליש הורט דא מאכט ער אונ' דער מאן פליטא
צו דעם רב עיליש גשאך איין נס דש ער איבר איין וואשר קאם דש
דא אים ניט קאנט נאך רייכן אונ' דער מאן דש אליר לייא שפראך

קאן

קאן דען דער וואשטין זיא אונ׳ זיא ווארן אין מיאת אונ׳ דא רבי עליש
ווידר איין היים קאם דא שויאטין זיא דיא טיפין ווידר אונ׳ ער קעניט
וואל גידענקין דש זיא אלש מיט כישוף טעטין דען זיא האטן עש יוא ניט
גיהורט פֿון דען וליהן אונ׳ זיא הטן דאך מיט איין אנבדור אויף דעם
בית הכיסא גיהורט רידן דור פֿון פֿום וליהן:

## קטו מסכת סנהדרין פרק חלק

**מעשה** אישט גישעהן אן צוויא ברידור דער איין דער היש
אחאב בן קוליה דער אנדור דער היש צדקיהו בן
מעשיה דיא ווארדן צוויא גרושן רשעים. דיא ווארדן צו ירושלים דא
הייאן גיוועזין אונ׳ באך דעם דש זיא זיין פֿאר טריבן גיווארדן גען בבל
מיט אנדרן יודן באך דעם וואשין זיא אירי בוזי שטיק ניט אונ׳ גאבן
זיך אויש זיא ווערדן אלי בייד ואר נביאים. אונ׳ גינגאן צו נבוכד נצר
טוכֿטיר אונ׳ אחאב זאגט ווידר איינן גאט דער הער דער האט גיזאגט
דוא זאלשט הערן צו מיינם גיזעלן צדקיהו דש דוא בייא אים זולשט
ליגן׃ אונ׳ צדקיהו דער גינג צו דער אנדור טוכֿטיר אונ׳ זאגט צו איר
גאט דער הער האט גיזאגט דוא זאלשט צו מיינם גיזעלן אחאב הערן אונ׳
דוא זאלשט בייא אים ליגן׃ דא גינגאן דיא טוכֿטיר אונ׳ זאגט עש אירן
ואטיר נבוכד נצר דא זאגט דער ואטיר ווען ער צו אייך קומט זא
שפריכֿט ער זאל צו מיר גין אונ׳ זאל איך פֿור פֿראגן דען איר בידרפֿט
זונדר מיין רשות ניכשט טון וויא זיא נון ווידר קאמן אונ׳ זאגטן ווידר דיא
טוכֿטיר דש אי אייבן זאלט בייא איבן ליגן דא זאגטן זיא ווידר זיא זיא
זאלטן צום דעם מלך גין דען זיא דרפֿין זעלכֿש ניט טון זונדר דען
פֿאטירש רשות דא גינגאן זיא צום מלך אונ׳ וויא זיא נון צום מלך קאמן
דא זאגט ער ווידר זיא זייט איר דיא נביאים דיא גאט צו מיינם טוכֿטיר
גישיקט האט אז זיא זאלן בייא אייך ליגן דא זאגטן זיא יוא גאט דער האט
אונש צו אייער טוכֿטיר גישיקט דש מיר אין זאלין דש בעטין ברוט
זאגן דש זיא זאלין בייא אונש ליגן דא ווערדן זיא אלי בייד אך נביאים
קריגן פֿון אונש ביידן׃ דא זאגט דער מלך ווידר האט דאך גאט דיא אונ׳
קושהייט וייבט אונ׳ האט זיא דאך זעלברט פֿר באטין וויא זאל ער דען
אייכֿש זעלכֿש גיהיישן האבן אך האב איך חנניה מישאל ועזריה גיפֿרוגט
דש זיין דוך אך איידל נביאים גיוועזין דא האבן זיא גיזאגט עש זייא פֿר
באטין׃ דא זאגטן זיא ווידר מיר זיין דאך אזו וואל נביאים אז זיא זיין
גיוועזן צו אינן האט עש גאט ניט גירעט אונ׳ צו אונש האט גאט דער
הער

הער עש גרעט · דא שפראך דער מלך איך וויל אייבש טון אונ׳ וויל
אייך ואר זגן וויא איך זיא אך ואר זגט האב אונ׳ וויל אייך אך אין איין
היישן קלך אבן לאשן ווערפן ווען איר אך ווידר הירויש גיט זונדר
גשעדיגט זא וויל איך אייך אך ואר רעכטין נביאים הלטין אונ׳ עש זאל
דער נאך גשעהן וואש איר וועלט · דא שפראכן זיא ווידר עש
גשיכט ביט אלי טאג איין נס אך נאך אין זיין זיא דרייא פרומן לייט
גוועזן · אביר עש זיין אונזר ביארט צווייא · דא שפראך דער מלך
זא אייך דאש הינדרט זא דער ווילט אייך נאך איינן ורומן מאן צו אייך
וועם איר וועלט אלש דען זיין אייער אך דרייזן וויא חנניה מישאל ועזריה
אך דרייא זיין גוועשט · דא שפראכן זיא אזו גיב אונש צו יהושע כהן
גדול דער וואר גאר איין פרומר מאן אונ׳ זיא מיינטן זיא וואלטין זייבר
ורום קייט גניסן דש זיא אלי אונגשעדיגט זולטין הירויש קומן · דא
שפראך דער מלך דש זאל אייך צו גזאגט זיין · אונ׳ דער אובן דער
ווארט גהייצט אונ׳ מן ווארף דען כהן גדול אך מיט דען צווין אין אובן ·
דא ואר בראנטן דיא צווין שקר נביאים גנץ צו עש אונ׳ דער יהושע כהן
גדול דעם ואר ברענט ניקש אין אלש זיין קליידר אביר אן זיינם לייב
אזו טעטין זיא אים ניקש · דא זאגט דער מלך ווידר דען יהושע כהן
גדול איך זיך וואל דש דוא איין קושליכר מאן בישט · אביר ווארים זיין
דיר דיין קליידר פר זענקט אונ׳ חנניה מישאל ועזריה זיין איר קליידר
אפילה ניט פאר ברענט · דא שפראך דער יהושע יעניר זיין דרייא
גוועזן אונ׳ זיין אלי דרייא ורומן מאכן גוועזן אביר איך בין אליין גוועזן ·
דא זאגט דער מלך ווידר אישט דאך אברהם אבינו עליו השלום אך אליין
גוועזן אונ׳ אישט אים דאך ניקש גשעהן · דא שפראך ער ווידר
בייא אברהם זיין קיין רשעים גוועזן אונ׳ דאש פייאר האט קיין גוואלט
צו ואר ברענן אביר היא בייא מיר דא זיין צווין רשעים בייא מיר
גוועזן הוט דאש פייאר יא גוואלט גהט צו ברענן אונ׳ דאש אישט דאש
שפריך ווארט אז דיא לייט זאגן · צווין דערן נעשט הולץ דיא ואר
ברענן איין גרינן אשט הולץ · אונ׳ דאש אישט אז דער פסוק שפריכט
צדיק מרעה נחלץ ויבא רשע תחתיו דאש אישט דער צדיק פון דעם
ביזן ער ווערט בישרארט אונ׳ דער רשע דער קומט אן זיין שטאט אונ׳
ווארום ווארט דען דעם יהושע זיין קליידר ואר ברענט וויל ער יוא
אזו איין פרומר מן אישט גוועזן · דא אישט דיא גמרה ווידר מתרץ וויל
ער האט לאשן זיין זין ווייבר נעמן דיא דא ניט רואה ווארן צו דער
כהונה אונ׳ ער האט ניט גווערט זיא אונ׳ דער הלבן פאר ברענט אים
זיין קליידר אים פייאר :

## קיז מסכת סנהדרין פרק חלק

**מעשה** גישאך דיא אנשי סדום דיא הטן איין זולכן סדר אונטר
איבן גימאכט ווען איינר זיין גיזעלן וייב שלוג דש איר
איין קינד אב גינג · דאש יעניר וואלט זיין קינד ווידר ביצאלט האבן
דא שפראך יעניר דער עש גיטאן האט גיב מיר דיין וייב איך וויל דיר
איין אנדרש מכן · אונ׳ יעניר נאב אין זיין וייב ביז ער האט אים איין
אנדר קינד גימאכט · אונ׳ דער נאך האטן זיא איין סדר אונטר אין
דש זיא איבר איין פילן אונ׳ שלוגן אין אונ׳ דער נאך וואלטין דאך געלט
פון אין האבן וויל ער האט אים בלוטן גימאכט דען דאש בלוט וואר פון
אין גיגאנגן · אונ׳ דער נאך האטן זיא איין סדר ווער זיך איבר דיא בריק
גינג דער מושט פיר גולדן געבן · אונ׳ ווער ניט איבר דען וואשר פור
דער מושט אכט גולדן געבן · איין מאל קאם איין וועשיר דער גינג
איבר דיא ברוק ניט אונט פור איבר דען וואשר · דא קאמן דיא לייט
פון סדום אונ׳ שפראכן גיב אונש הער פיר גולדן אז דוא בישט איבר
אונזר בריק גיגאנגן · דא שפראך ער איך בין דאך ניט איבר דיא בריק
גיגאנגן איך בין דאך איבר דען וואשר גיפארן · זא שפראכן זיא אזו
גיב אונש אכט גולדן הער דא וואלט ערש ניט געבן אזו גינגן זיא הין
אונ׳ פילן איבר אין אונ׳ שלוגן אין איין טיפין וואנד · דא קאמן זיא פר
דען דיין דא זאגט דער דיין גיב אין איר לון דש זיא האבן דיר איין וואנד
גישלאגן אונט גיב אין אך אכט גולדן אז דוא בישט איבר דען וואשר
גיפארן · איין מאל ביגאב עש זיך דש צו זיא קאם אליעזר עבד אברהם
דא פילן זיא איבר אין אונט שלוגן אים איין וואנד · דא קאמן זיא מיט
אים פר דעם דיין דא שפראך דער דיין גיב אין איר לון דש זיא דיך
האטן בלוטן גימאכט · דא גינג דער אליעזר הין אונט פיל איבר דען
דיין אונ׳ שלוג אין אך וואל אונ׳ מכט אים בלוטן דא זאגטן זיא וויש זאל
דאש זיין · דא זאגט דער אליעזר דער לון דש איר דער דיין מוז געבן
אז איך אים האב בלוטן גימאכט דען זעלבין לון נעמט איר איין אז איר
מיך האט בלוטן גימאכט · אזו ביהלט איך מיין געלט דז איך אייכש
נישט בידרפט צו געבן · דער נאך האטן זיא איין סדר אונטר איבן
ווער זיך איין פרעמדן מאן בעט צו איינר סעודה דעם באמן זיא אל
זיין קליידר פום לייב איין מאל וואר איין ברייליפט אין דער שטאט דא
קאם אליעזר עבד אברהם אך דער צו אונ׳ זעצט זיך אך אן דעם טיש
דא וראגטן אין דיא לייט ווער אין גיפרייט העט דא טייטט ער אויף

אייבן אונ׳ זאגט דער האט מיך גפרייט דא לויף דער זעלבין פלוקש הין בויש דען ער פֿארכֿט זיך אן וועט אים זיין קליידר אויש ציהן אונט דער באך פראגטן זיא אין ווידר ווער אין גפרייט העט אזו טייטט ער ווידר אויף אייבן דא לויף דער זעלבין אך ארויש דען ער פֿארכֿט זיך אך אן וועט אין זיין קליידר אויש ציהן· אונט דער באך פֿראגטן זיא אין ווידר אזו ווי ער אביר אויף אייבן דא מיט זיא אל איין ארויש לופֿין דען זיא פֿורכֿטן זיך איר קליידר אונ׳ דער אליעזר בליב אליין דא אונט אש דיא סעודה אליין אויף· דער באך וואר איין בעט אין סדום ווען איין גשט קאם דא לייגטן זיא אין איביין ווען ער צו לנג אין דען בעט וואר אזו שנידן זיא אים דיא פֿיש אב ביז ער גרעכֿט וואר אין דאש בעט לאר· וואר ער דען צו קורץ אז דאש בעט אזו דיבטן זיא אין אויש זיין גליד אזו לנג ביז ער גרעכֿט וואר אין דאש בעט· דא קאם אך איין מאל אליעזר עבד אברהם צו איבן אזו שפראכֿן זיא צו אים קום לייג דיך אין דש בעט שלופֿין דא שפראך ער ווידר איך האב איין נדר גטון זונדר אונזר מוטר שרה גשטארבן אישט דאש איך קיינן בעט וויל לייגן דען ער פֿארכֿט זיך אך פֿאר איבן זיא ווערן אין זיין פֿויש אב שניידן אביר זיא ווערן אין לעבגר מאכֿן· אונ׳ דער באך האבין זיא אך איין סדר ווען איין עני קאם צו זיא אזו גאבן זיא איבן איטליכֿר איין מינץ אונ׳ שריב זיין נאמן דרויף ווער זיא אין גגעבן האט אביר קיינר טארף אים קיין שטיק ברוט געבן דער ווארטן דש ער זאלט הונגאר שטערבן אונ׳ ווען ער נון גשטארבן וואר דא קאם איין איטליכֿיר ווידר אונט נאם זיין מינץ ווידר דא זיין נאמן דרויף גשטבדן וואר· איין מאל דא גאב איין יונק פֿרויא איינם עני איין שטיק ברויט דש ער דאש לעבן זאלט ביהלטן דא ווארן זיא עש גוואר דא נאמן זיא דיא יונק פֿרויא אונט שמירן זיא מיט הוניק אונ׳ בונגן זיא נקיט אויש אונ׳ לייגטן זיא אויף דאש דאך דא קאמן דיא בינן אונט אשן דען הוניק אונ׳ צו שטאכֿן זיא דיא גוטה יונק פֿרויא צו טוט דרויף שפריכֿט דער פסיק ויאמר ה׳ זעקת סדום ועמורה כי רבה דאש אישט טייטש גוט דער העד שפריכֿט איך האב גיהערט דש גשרייא פֿון סדום ועמורה דש אישט גרויש דש מיינט דאש ווארט פֿון רבה דאש אישט ריבה דאש מיינט פֿון וועגן דער ריבה דען איין יונק פֿרויא היישט בלשון הקודש ריבה:

קיז מסכת נדרים פרק אין בין המודר

מעשה רבי עקיבה שפריכֿט ווען איינר מבקר חולי אישט אזו טוט ער איין גרושן מצוה אלש אז ער איין גייב מאכֿט לעבן אובטר ישראל · איין מאל וואר רבי עקיבה איין תלמיד קראנק אונ׳ ניאט דער וואר אים מבקר חולי דא גינג רבי עקיבה הין אונ׳ וואר אין מבקר חולי דיא וויל ער האט מיט אים גלערנט אונ׳ ווא ער בון צו אים קאם דא שפראך דער תלמי׳ד מיין ליבר רבי איר האט מיר מיין לעבן דער לעבקט אזו וואל האט איר מיר גיטאן אז איר זייט צו מיר גיגנגאן דש איר האט מיך מבקר חולי גיוועזן · גלייך דער נאך דרשת רבי עקיבה אונ׳ זאגט ווען איינר איינם ניט מבקר חולי אישט אזו איז עש גלייך אז ער איינם מענשין מיאת אישט אובטיר ישראל אונ׳ אזו וויל אז דער רבי עקיבה האט דען תלמיד מבקר חולי גיוועזן אזו וואר ער גיזונט גיווארדן דער הלבן איר ליבן לייט אזו מוז עש יוא אזו איין גרושן מצוה זיין דש ביקור חולים :

קיח מסכת נדרים פרק כל כנוי

מעשה גישאך עש זאגט שמעון הצדיק ער זאגט אל איין טאג אישט מיר קיין רעכֿטיר נזיר צו הבדן קומן דער אין לשם שמים גיטון האט דען איין מאל קאם איין הים̄שיר וויבר יונגלינג פֿון לבט דרום דער האט איין הים̄ש אן גיזיכֿט אונ׳ הים̄שן איינן אובט גולד געל האר דיא ווארדן פֿיין גיקרייזלט דז עש גאר איין וויבר הים̄שיר יונגאר וואר אונ׳ ער גינג הין אונ׳ ליש דיא האר אב שביידן דא האט ער קיין גישטלט אין דא זאגט איך ווידר אין ווארום איין זון האשטו דיין האר לאשין אב שביידן וויש האשטו גיזעהן · דא זאגט דער יונגלינג איך וויל אייכֿש זאגן איך בין איין פֿאטרש הירט גיוועזן אובט האב איין מאל דיא שאף גיטרענקט זא האב איך אין דען ברונן גיזעהן דא האב איך דען שייטין פֿון מיינם אן גיזיכֿט גיזעהן דא הוב איך גידולֿט זיך וויא איין וויבר יונג בין איך איך וויל נאך מיינש הערצין לושט גין וויל איך אזו הים̄ש בין · דער נאך האב איך מיך ווידר בידאכֿט וויא עש איין גרושן עבירה אישט ווען זיך איינר אזו גאר הופֿרטיג ביכֿט אונ׳ לוט זיך פֿר פֿירן בום יצר הרע אונ׳ האב ווידר דען יצר הרע גיזאגט זיך דוא רשע דוא וועלשט מיך איצונט גר גערן מאכֿן זינדן · אזו וויל איך דיר דאך ניט פֿאלגן דוא וועלשט מיך גערן פֿר פֿירן אויף דען עולם

אך פֿר לארן זיין · וויא וואל דער מענש ניט אין אלש ערד אונ׳ ווערום אישט בייא דער עבודה שווער איך דז איך מיך איין האר וויל לאשן אב שניידן פֿון וועגן דז דוא מיך ניט זאלשט פֿר פֿירן דער נאך בין איך ביאר היפש אונ׳ ווען איינר ניט היפש· אישט אזו פֿר פֿירט אין דער יצר הרע ניט· אלזו בלד איך זולכיש פֿון דעם יונגן גהערט האב אזו בין איך אויף גשטנדן אונ׳ האב אין אויף זיין הייפט גקושט אונ׳ האב גזאגט מיין זון אלש איין נזיר אלש דוא בישט זא זאלן זיא זיך אל מערן אונטר ישראל דען דיין נזירות אישט אלש לשם שמים. אונ׳ ניט פֿון הופֿרט וועגן וויא אן מענכן איצונט בעוונת ווינט דיא עש פֿון וועגן דער לייט טונן אונ׳ ניט פֿון וועגן לשם שמים :

## קיח מסכת סוטה פרק המקנה

מעשה מן פֿינט אין דער גמרא. וויא איין מענש מעסט אויף דיזר וועלט דז מיינט וויא ער הנדילט אויף דער וועלט הנדילט ער רעכֿט אדיר אונרעכֿט אזו ביצאלט אין הקב״ה ווידר· אלש איר דעש גלייכן אך וינדן בייא דער סוטה דז הייסט איין אב קערן דיא בייא איינם אנדרן מאן ליגט וויא זיא טוט אזו טוט מן איר ווידר· דען איין ורויא ווען זיא וויל מזנה זיין אזו שטעלט זיא זיך אויף דיא טיר דש מן זעהן זאל וויא זיא היפש אישט דז אידר מאן זאל לושט צו איר האבן· דער גלייכן טוט מן איר ווידר ווען מן זיא דער ווישט דז זיא בייא איינם גלעגן אישט דא שטעלט מן זיא אויף דיא פֿורט פֿון בית המקדש דש דא האט גהיישן שער נקנור דער ווארטן דש אידר מן איר שאנד זאל זעהן· דער נאך גיט איין הור הין אונ׳ טוט זיך וויישן שלייאר אויף איר הייפט אויף דש מן איין לושט צו איר האבן זאל· דער גלייכן גיט דער כהן הין ווען ער איר דיא פיטרן וואשר צו טרינקן גיבט דש זיא אויף שוועלן זאל· דא רייסט ער איר דיא שלייאר ווידר אב פֿון הייפט דש זיא פֿור אידר מן בארהפטיג שטין מוז· דער נאך גיט איין הור הין אונ׳ מאכט איר פנים היפש דער הלבן ווערט איר פנים אך גל ווען זיא דיא פיטרן וואשר טרינקט· זיא גיט אך הין אונ׳ שמירט גוטן וואשר אין איר אויגן דער ווארטן דאש זיא וואל שמעקן זאל· דער הלבן דרינגן אן איר דיא אויגן צו קאפא איין רויש ווען זיא דיא פֿיטרן וואשר טרינקט· זיא ולעכֿט איר האר היפש איין דז זיא וואל זאל גצירט זיין· דער הלבן ווען דער כהן איר דיא פיטרן וואשר צו טרינקן גיבט זא ולעכֿט מן איר דיא האר ווידר אויף· זיא ווינקט איינם מיט

אירן

אירן ויבגאר דש איינר זאל צו איר קומן · דער הלבן ווען זיא דאש
וואשר טרינקט זא ואלן איר דיא בענגל אב · זיא טוט איין היפשן גירטל
אן אונ׳ שלוסיל אן דען איין היפשן גירטל צירט איין מענשן דער הלבן
גיט דער כהן הין אונ׳ בנעמט איין הערין זייל אונ׳ קניפט עש איר איביר
אירי ברישט דש איר גאר ווא טוט · ווען זיא בייא איינם ליגט אזו
שפרייטט זיא איר פויש דאר ווייט פון איין אנגדור · דער הלבן פאלין
איר דיא פויש ווידר אויש · זיא ליגט איינם אויף אירן בויך דער הלבן
ווען זיא דאש וואשר טרינקט אזו גשוועלט איר דער בויך · זיא גיבט
אירים זובה איר לייא גוטן שפייז צו עשן דער הלבן אישט איר קורבן
דש זיא ברענגקט איין עשן שפייז פון איינר בהמה דש זעלבין אישט
איין מוש גערשטן · זיא גיבט דעם זובה דען בעשטן ווין דען זיא ויגדן
קאן אין דען שינן זילברן בעכיר אונ׳ גולדן בעכיר דער הלבן גיבט איר
דער כהן פיטור וואשר צו טרינקן אויש ערדן כלים · זיא לושט ביאן
צו זעהן ווען איינר בייא איר ליגט · דער הלבן טוטש הקב״ה איר דאש
פנים געל ווערט אופין בערליך דש עש אידרמן זיכט · דער הלבן איר
ליבן ווייבר זעכט אן דיא גשיכט · אונ׳ דש קיינן פרויא דיא זיך איבר
זיכט · דש זיא בייא איינם ורעמדן וועלד ליגן · דען עש בלייבט דאך
ניט לנג פר שווינגן :

### קיט מסכת פסחים פרק עשרה

מעשה ויר ארלייא טעט רבי זיין קינדור צוואה דא ער שטורב
דש ערשט ער פר בוט זיין קינדור זיא זאלטין ניט
וואנן אן איינם אורט דש היישט נבב אורזך הלבן דיא זעלבן לייט זיין
איידל ליצנים אונ׳ מן לערנט נישט גוטש פון אין נייארט איידיל ביזן
שטיק · דש אנדר זיא זאלטין זיך ניט אויף איינם בעט זעצין פון
איינר גוי אין אירם הויז דען פון ווענן דאש מעשה דש וואר איין מאל
גשעהן · רב פפא דער האט איין מאל איין גוי גיהט דיא וואר אים
חייב גוועזן אונ׳ ער האט זיא אלי טאג גימאנט אונ׳ וואר צו איר אין איר
הויז גנגנאן · איין מאל אויף איינם זונטאג דא גינג דיא גוי הין אונ׳ נאם
איר זון אונ׳ ווירגט דש ער שטורב אונ׳ ליגט אין אונטר דאש בעט אונ׳
וויא בון דער רב פפא קאם אונ׳ מאנט דיא גוי אום דאש געלט דא זאגט
דיא גוי ליבר זעצט איך דא איין נידור אויף דאש בעט איך וויל גן אונ׳
וויל אייך דאש געלט ברענגאן אויז דער קאיר אונ׳ ער זעצט זיך איין
נידר אויף דאש בעט אונ׳ וויא זיא בון ווידר אויש איר קאיר קאם דא

שריא זיא אוויא אוויא דוא האשט מיר מיין זון אום גיבראכֿט · דא זלוך
דער גוט רב פפא אויש דעם לנט · דער הלבן זולטן זיא זיך ניט אויף
איינם בעט זעצין אין איין ניי הויז · דאש דריט זיא זולטין קיין מכם
איבר וארן דען פֿיל לייכֿט זיא ווערן דער ווישט ווערדן אונ׳ וועט אין אל
איר מוזן בעמן · דש פֿירט זיא זאלטין זיך פֿר קיינם אוקסין שטעלין
ווען ער אויש דער ווייד גיט פֿון וועגן דען שטון דער זיצט אים צווישן
דיא הערנבור דווקא אין ניסן אונ׳ אן איינם שווארצין אוקשן :

## קכ מסכת ברוכת פרק שלישי

**מעשה** נישאך אן איינם חסיד דער גאב אן איינם ערב ראש השנה איין שילינג איינם עני אוואש גוטש ווילן דען
עש וואר דש זעלבין יאר איין גרוש יקרות דא צורנט זיין וייב זער
איבר אין דש ער ביט אין זיין הויז דרפֿט גין אונ׳ גינג הין אונ׳ לייגט זיך
דיא נכֿט אויף דאש בית חיים פֿר פֿארכֿט זיינש וייב דא הורט ער
דיא נכֿט וויא צוויא פילצילש דיא ווארדן טוט אונ׳ רידדן מיט איין
בנדור קום מיר וועלן אום שוועבן אונ׳ וועלן הערן היבטור דען פֿור
הנג פֿון הקב״ה וייש דאש יאר זאל גישעהן · דא שפראך דיא אנדור
איך קאן ניט אויף שטין דען איך בין בגראבן אין איינר דעקין פֿון
ראריו גיא דוא הין אונ׳ זאג דוא מיר וואש דוא ווערשט הערן דא גינג
זיא איין ליין אונ׳ דא זיא בון ווידר קאם דא זאגט זיא ווידר אירי חברתה
איך האב גיהערט ווענכיר דאש יאר זיין תבואה וועט זעהן ואר הלב
מרחשון דאש ווערט דער ברד אלש דער שלאגן · דא דאש דער חסיד
הורט דא זעהט ער זיין תבואה נאך הלב מרחשון דא דער שלאגט דער
ברד אל דיא תבואה דיא פֿר הלב מרחשון וואר גיזעהט אונ׳ דש חסיד
תבואה דיא ער נאך הלב מרחשון גיזעט האט דיא גישאך גאר ניקש ·
דאש אנדר יאר דא גינג דער חסיד ווידר אויף דען בית חיים אונ׳
וואלט ווידר עפוש הערן דא הורט ער ווידר וויא דיא צוויא פילצילש
מיט איין בנדר רידן קום מיר וועלן הערן וויש דאש יאר ווידר גישעהן
ווערט אין דער וועלט · דא שפראך דיא אנדר איך האב דיר דאך פֿור
גיזאגט איך קאן ניט גין איך ליג אין איינר דעקין פֿון ראריו אין גיבונדן
גיא דוא הין אונ׳ זאג מיר וויש דוא ווערשט הערן דא גינג זיא הין אונ׳
קאם דער נאך ווידר אונ׳ זאגט איך האב גיהערט ווענכיר דז יאר נאך
הלב מרחשון זעהט דער ווערט דער ברד גאר דער שלאגן וויא בון
דער חסיד דאש הורט דא זעהט ער אל זיין תבואה ואר הלב מרחשון

דא דער שלוג דער ברד אל דיא תבואה דיא נאך הלב מרחשון וואר
גזעט זינדר דען חסיד גשאך ביקש וויל ער פֿר הלב מרחשון האט
גזעט· דא פֿראגט אין זיין ווייב ליבור וויא גיט עש צו דש דיין תבואה
אישט ביקש גשעהן אונ׳ דען גנצן עולם איז דיא תבואה גשלאגן
ווארדן דא זאגט ער איר דיא שמועה גנץ וויא עש אים ווער צו גנגאן
אונ׳ וויא דיא פילציליש מיט אײן אנדר גרעט האבן אונ׳ וויא דיא אײן ניט
האט גקענט גן פֿון ווענן דש זיא וואר אין אײן דעקין פֿון ראריך
בגראבן· ניט לנג דערנאך בגאב עש זיך דש דאש חסיד ווייב אונ׳
דיא אײן פילציליש מוטר דיא אין רארין גגראבן וואר מיט אײן אנדר
צענקין וויא דיא ווייבר סידיר איז דא ווארף דאש חסיד ווייב דער
פֿרויאן פֿיר קום איך וויל דיר ווייזן וויא דיין טאכֿטיר ליגט אין גבונדן
אין אײן דעקין פֿון רארין· צום דריטן יאר דא גינג דער חסיד ווידר
אויף דאש בית חיים אונ׳ וועלט ווידור הערן ווייש דיא צוויא פילציליש
מיט אײן אנדר ווערן רידן דא זאגט ווידר דיא אײן פילציל צו דער
אנדור קום מיר וועלן הערן וואש דאש יאר וועט גשעהן דא זאגט דיא
אנדר לאש עש בלייבן דען דיא לייט האבן עש שון גהערט וויש מיר
מיט אנאנדר גרעט האבן:

קכא מסכתה ברוכת פרק שלושה

**מעשה** גשאך אן אײנם דער האט גהייסן זעירי דער האט
דער וירטן אײן זאטיל טעש אויף צו היבן געבן ביז ער
ווידר אויז זיינם רבי הויז ווידר קעם דיא וויל דא שטורב דיא זעלבין
וירטן דא גינג ער נאך אויף דאש בית חיים אונ׳ גינג אויף איר קבר
אונ׳ פרוגט זיא ווא זיין זאטיל טעש ווער דא זאגט זיא ווידר אין דוא
פֿרעגשטו נאך דיין זאטיל טעש דיא דוא מיר האזט אויף צו היבן געגבן
ביז דוא אויש דיין רבי הויז ווידר קומשט איך לוש דיך ווישן דז איך זיא
וואל האב אויף גהובן גיא דוא אײן היים זא ווערשטו זיא וינדן אין אײנם
לאך דא דער רינגל פֿון דער טיר אײן גיט דא זוכֿט ער אונ׳ פֿאנט זיא
וויא זיא אים גזאגט האט:

קכב מסכת פרק תפילת השחר

**מעשה** גשאך דש דא קאם אײן תלמיד אין דז בית המדרש
אונ׳ קאם צו רבי יהושע אונ׳ פֿרוגט אין ליבור רבי
זאג מיר דיא תפילה דש מן אורט אם אובנט צו נכֿט דש מיינט

תפילות

תפילות ערבות׳ מוש מן זיא אורן אדר מאג מן זיא אורן· דא זאגט רבי
יהושע ווידר מן מאג זיא אורן אבר מן מוש זיא ניט אורן· דא גינג
דער תלמיד ווידר פֿון אים אונ׳ גינג צו רבן גמליאל דער וואר עבן ראש
ישיבה אונ׳ פֿראגט אין אך אוב תפילת ערבות מן מושט אורן אודר
מן זיא ניט מוש אורן· דא זאגט ווידר רבי גמליאל מן מוש זיא אורן· דא
זאגט דער תלמיד ווידר רבי גמליאל האט מיר דאך רבי יהושע גיזאגט
מן מוש זיא ניט אורן ווען מן וויל דא מאג מן זיא ניט אורן· דא שפראך
רבי גמליאל ווידר דען תלמיד· ווארט ביז דיא רבנים אל אין דאש בית
המדרש קומן· דא וויל איך הערן וויא זיא עש הלטן אונ׳ וויא בון דיא
רבנים אל אין בית המדרש זיין דא קאם דער תלמיד ווידר אונ׳
פֿרוגט איש תפילת ערבות דש מן זיא מוש אורן אודר מאג מן זיא אורן·
דא שפראך רבי גמליאל ווידר מן מוש זיא אורן· דא זאגט רבי גמליאל
איז איינר אובטר אייך דער דא ווידר מיך קריגט מיט דער הלכה· דא
זאגט רבי יהושע ניין עש איז קיינר דער דא ווידר דיך איז דא זאגט
רבי גמליאל ווארום זאגשטו ניין עש זייא קיינר ווידר מיך. הוט מן דאך
פֿון דיינן וועגן גיזאגט דוא האבש גיזאגט דיא תפילה ערבית מן מוש
זיא ניט אורן אונ׳ בישט דאך ווידר מיך גיוועזן דא גיא ולוקש אונ׳ שטעל
דיך דא הער. אונ׳ זאג עש אוב דוא עש גירעט האשט אודר ניט· דא
זאגט רבי יהושע ווידר רבן גמליאל איך וויל אייך זאגן וויש עש אישט
ווען איך לעבט אונ׳ איר ווערט טוט דא קענט איך זאגן עש ווער ניט
וואר ווארם דער טוט קענט מיך ניט היישן ליגן זאגן· אביר איצונדר
וויל איך לעב אונ׳ אך לעבט וויא קאן איך אייך דען היישן ליגן· דא
שטעלט זיך רבן גמליאל אונ׳ דרשת אונ׳ רבי יהושע דער מושט נעבן
הער גין אונ׳ דרפֿט ניט דרשן אונ׳ רבי חוצפית דער וואר רבן גמליאל
המתורגמן אונ׳ דרשת אזו לנג ביז אידרמן ברונז וואר אונ׳ זאגטן ווידר
דען רבי חוצפית המתורגמן שטיא שטיל אונ׳ הער אויף צו דרשן· אונ׳ זיא
זאגטן וויא לנג וועלט איר רבי יהושע נאך מצער זיין· קומט מיר וועלן
רבן גמליאל אב זעצן פֿון זיינם נשיאות אונ׳ וועם וועלן מיר אן זיינם
שטאט זעצן· זאלן מיר רבי יהושע אן זיינם שטאט זעצן דער
אישטו איין גירושר צענקיר דער מעכט רבן גמליאל אין מצערן זיין אלש
רבן גמליאל אין מצער האט גיוועזן· זאלן מן מיר דען זעצן רבי עקיבה
דער האט קיין זכות אבות ניט אונ׳ רבן גמליאל דער מעכט אין שעדיגן
דש ער מעכט שטערבן· בייארט מיר וועלן רבי אלעזר בן עזריה זעצן
דער אישט איין חכם אונ׳ איין עשיר אונ׳ ער האט זכות אבות אך ער

אישט

אישט איין חכם ווען מן איין עפיש ורעגט זא קאן ער עש אתרן׳ זיין·
ער אישט איין עשיר ווען מן עפיש בייא דען מלכות אויש צו ריכטן
האט אזו קאן ערש וואל מיט געלט אויש ריכטן· אונ׳ ער אישט אך איין
עשיר מיט זכות אבות ער האט גוטן עלטרן געהט דער מיט דאש רבן
גמליאל אים ביקש טון קאנט ווען ער שון איין עין הרע אן אים געהט זא
שטעט אים ביקש· דא גינגן דיא רבנים הין צו אים אונ׳ זאגטן צו
אים רבי עש ווער אונש גאר ליב דש איר ראש ישיבה וואלט ווערדן דא
זאגט דער רבי אלעזר ווידר איך וויל מיך ואר בראטין מיט מיינם הויז
גזינד דא גינג ער הין אונ׳ פראגט זיין ווייב אוב ער זאלט ראש ישיבה
ווערדן דא זאגט זיין ווייב ויליכט גיט עש דיר אך וויא עש רבי גמליאל
גנגנאן אישט אונ׳ מארגן זעצט מן דיך אך ווידר אב· דא זאגט ער ווידר
זיין ווייב איך וויל דיר זאגן דאש שפריך ווארט גיט ווען מן אויש איינם
היפשן כלי איין טאג טרינקט ווען מן עש שון דען אנדרן טאג צו
ברעכט זא ליגט ניט וויל דראן· אלזו אישט אך ווען איך בוין איין טאג
ראש ישיבה בין אוב מן שון מארגן ווידר אב זעצט דא ליגט ניט וויל דראן·
דא שפראך זיא ווידר דוא בישט אביר יונג אונ׳ האשט נאך קיין גרא
האר אויף דיין קאפא אונ׳ עש גיברט איין ראש ישיבה דאש ער אלש
זאלט זיין אונ׳ דוא בישט ערשט אכטצעהן יאר אלט דא געשאך אים
איין נס דש אים אכטצעהן צייל האר אויף זיינם קאפא וואקשין דש
אידר מן מיינט דש ער ווער גאר אלט דש ער וואל ווירדג ווער דש ער
ראש ישיבה זאלט זיין אונ׳ דש אישט דש רבי אלעזר גיזאגט האט איך
בין אלש איין זון פון זיבנציק יאר אביר איך בין ניט אלזו אלט אלש
זיבנציק יאר· ניט לנג דער נאך דא קריגטן רבן גמליאל אונ׳ רבי
יהושע ווידר אין בית המדרש איבר איין הלכה אונ׳ דיא חכמים געבן
רבי יהושע רעכט· דא זאגט רבן גמליאל זא וויל איך גין אונ׳ וויל רבי
יהושע מחולה פרייאן אונ׳ וויא ער אין רבי יהושע הויז קאם דא זאך
ער וויא זיין ווענד שווארץ ווארן· דא שפראך רבן גמליאל אן דיין
ווענדין זיך איך וואל אש דוא איין קולר בישט וויל דיין ווענט אזו שווארץ
זיין· דא שפראך רבי יהושע ווידר רבן גמליאל וויא דען דור דש דוא
פרנס איבר זיא בישט דען דוא ווייששט ניט וויא דיא לייט איר שפייז
איבר קומן· דא שפראך רבן גמליאל ווידר רבי יהושע איך האב צו
פיל ווידר דיך גירעט ליבר זייא מירש מוחל דא וואלט אין רבי יהושע
ניט מוחל זיין· דא שפראך רבן גמליאל ליבר זייא מירש מוחל פון
מיינש פאטירש ווען דא ווער אים רבי יהושע מוחל:

## קכג מסכת נדרים פרק רבי אליעזר

מעשה גישאך דש איינר דער האט איין ווייב דיא קונט זיין
שפראך ניט וואר שטין דען ער וואר פון בבל קומן
אין ארץ ישראל אונ' האט דאש ווייב אין ארץ ישראל גינומן· איין מאל
שפראך ער ווידר זיא קאך אונש הייט לינזן דא קאכט זיא אים
צווייא לינזן דען זיא האט גימיינט וויל ער האט גיזאגט לינזן קוכן
אלזו האט ער צווייא לינזן גימיינט דא וואר ער גאר צורנג איביר זיא·
דען אנדרן טאג זאגט ער ווידר זיין ווייב קאך אונש דען האבין פול
מיט לינזן דא גינג זיא הין אונ' קוכט דען הבן פול מיט לינזן דאש קיינן
קענט מער דריין גין דען ער האט גימיינט זיא זאל קוכן לינזן וויא דער
סדר איז דש מן לינזן פפלעגט צו קאכין דא וואר ער נאך צורניגר·
דען אנדרן טאג זאגט ער ווידר זיא ברענג מיר צווייא בוציען דש
מיינט צווייא קערבש דא בראכט זיא אים צווייא לייכטיר זיא האט עש
אלזו פר שטנדן. דא וואר ער גאר צורנג אונ' זאגט ווידר זיא שלאג
דיא לייכטיר אויף דער בבא דאש מיינט אויף דער טיר דש הייסט
בבא דא גינג זיא הין אונ' שלוג זיא דיא לייכטיר בבא בן בוטה אויף זיין
קאפא דען זיא האט עש פר שטנדן זיא זאלט אין דיא לייכטיר אן זיין
קאפא אן צווייא שלאגן· דא זאגט ער ווידר זיא ליבי טאכטיר ווארום
שלאגשטו מיך דא זאגט זיא ווידר מיין מאן דער האט עש מיך גיהייסן
איך זאל דיא לייכטיר בבא אן זיין קאפא שלאגן אזו האב איך עש גיטאן·
אונ' דער בבא דער זאש עבן אונ' וואר דן ישראל אים משפט דא
שפראך ער מיין טאכטיר דוא האשט גיטאן דיין מאנש ווילן ווייש ער
דיך גיהיישן האט הקבה זול מכן אויש גן צווייא זין פון דיר דיא זאלן
זיין אלש בבא בן בוטה:

## קכד מסכת מגילה פרק ראשון

מעשה גישאך דאש רבא אונ' רבי זירא דיא עשן מיט איין
אנבדור אן דער סעודה פון פורים אונ' דא זיא נון
גאר פריליך ווארדן אזו שטונד רבא אויף אונ' שעכטיט רבי זירא וויא
עש נון צו מארגנש וואר דש ער ווידר ניכטרן וואר דא האט ער גרוש
חרוטה דרויף דש ער אים האט מאית גיוועזן דא טעט רבא אלזו לנג
תפילה ביז ער ווידר לעבנדיג ווארד· דאש אנדור יאר אם פורים
קאם

קאם רבא ווידר צו רבי זירא אוב׳ שפראך צו אים קום מיר וועלין ווידר סעודת פורים הלטן אוב׳ וועלין זיך ווידר שעכטין אן אנבדר דא שפראך רבי זירא עש אישט ניט אל צייט דא אײנם אײן נס געשיכט דש אײנר ווידר לעבנדיג ווארט :

## קכה מסכתה כתובת פרק הנושא

מעשה געשאך דא רבי שטערבן זאלט דא רופט ער זײנן קינדר צו אים אוב׳ זאגט צו אינן מײן ליבור קינדור איך ליג דא אוב׳ ווער שטערבן דא וויל איך אײך צוואה טון זײט געווארנט אן אײער מוטיר אוב׳ לושט אײן ליכט ברענן בײא מײנם טיש אוב׳ לושט אײן טיש גריכט זײן אוב׳ אײן בעט אויף געברײט זײן דען איך וויל אלי פרײטג צו נכט ווידר אין מײנם הויז קומן אלש ער אך ווידר קאם אן אײנם פרײטג צו נכט דא זאס ער אין זײנן שטובן דא קאם דיא נוך פויארן אוב׳ קלאפט אן הויז אן אוב׳ וואלט אין געבערד הביין גן דא שפראך דיא מײט מן לוט ביזאנט אבײן דען רבי זיצט הינן· דא ער דאש הורט דא פר שוואנד ער אוב׳ קאם ניאן ווידר צום שבת בון אן דעם זעלביגן טאג דש רבי זאלט שטערבן דא קאם אײן שטים פון הימל אוב׳ זאגט וועלכר דער דא בײא דעם טוט פון רבי וועט זײן דער ווערט קומן אין דאש גן עדן דא וואר אײן וועשיר דער אום לון וועשט דער וואר אלי טאג בײא רבי וויל ער קרנק וואר אוב׳ זאך וויש ער טעט אוב׳ אן טאג אז רבי אן שטורב דא וואר ער ניט בײא אים אוב׳ דא ער הורט וויא דאש שטים אלזו גרעט האט וועלכיר בײא רבי טוט אישט דער קום אין דאש גן עדן אוב׳ ער וואר עבן דען זעלביגן טאג ניט בײא אים געוועזן דא געהילט ער זיך גאר איבל אוב׳ גינג דיא שטעג הינויף אוב׳ פיל דיא שטעג אײן הראב דש ער טוט וואר דא קאם אײן שטים פון הימל אוב׳ זאגט דער וועשיר דער קומט אך אין דאש גן עדן בײא רבי וויא וואל דש ער ניט איז בײא דען טודן רבי טוט געוועזן אישט · אוב׳ וויא רבי נוך קרנק וואר דא גינג רבי חיי אך צו אים אוב׳ וואלט אים מבקר חולי זײן דא זאך ער וויא רבי זער וויינט· דא שפראך רבי חיי ווידר רבי ווארום ווײנשטו האבן מיר דאך געלערנט ווען אײנר שטערבט אין פרײדן דאש אישט אײן גוטר סימן ואר אײנן · אביר ווען אײנר שטערבט טרויאריג אוב׳ ווײנט דאש אישט קײן גוטר סימן · דא זאגט ער ווידר איך וויין דרום דש איך קײן תורה מער לערנן קאן אוב׳ דש איך קײן מצות ניט מער הלטן קאן · אוב׳ אן דען

זעלבין טאג דא רבי שטורב דא האטן דיא רבונים גאר תענית געוועזן אונ׳ טעטין אן תפילה פור אין אונ׳ מכטין איין חרם אונ׳ זאגטין וועלכיר דער דא זאגט דש רבי גשטורבן אישט דער זול דער שטאכין ווארדן אין איין שווערט דא גינג דיא מייט פון רבי אויף דעם באדים אונ׳ זאגט דיא רבונים דיא אובטין זיין דיא וועלין גערן רבי בייא אים האבן · אונ׳ דיא מלאכים אין היאול דיא וועלטן גערן רבי אך בייא אינן האבן דאש גוט געב דש דיא אונטרשטן איברשטן דיא איביר ווינדין אונ׳ דש רבי מיכט לעבן בלייבן אונ׳ דא נון דיא רבונים זאכין דש רבי אושט אופט צו שטול גין אונ׳ אושט אלזו אפט דיא תפילין אויש אונ׳ אן טון דען ער האט זיין חליות. אין בויך אונ׳ דער שטול גנג ווער אין גאר זער מצער דא זאגטן זיא ווידר וועלט גוט דש דיא אויברשטן דיא אונטרשטן איבור ווינדין אונ׳ באך דעבוק טעטן זיא אלש תפילה פור רבי דש ער ביט שטערבן זאלט דא באם דיא מייד איין קרוג אונ׳ ווארף אין דיא שטעג איין ראב דא הורטן דיא רבונים דאש גפולדיר אונ׳ דער שראקין אונ׳ הורטן אויף צו לערבן אונ׳ דא זיא אויף הורטן צו לערבן אזו שטורב רבי דא זאגטן דיא רבונים ווידר בר קפרא זיך ווייש רבי טוט וויא ער וואלט זעהן וואש. ער טוט אזו זאך ער וויא ער טוט ווארדא מכט ער קריעה הינטר זיך הינטר דער טיר דען ער דרפט עש ניט פר דיא רבונים טון אונ׳ ער זאגט דיא אויברשטן אונ׳ דיא אונטרשטן האבן מיט איין בנדר גצעבקט אונ׳ דיא אויברשטן האבן גוואנן דא זאגטן דיא רבונים. וויא אישט אין דען רבי גשטארבן דען זיא פר שטונדן עש וואל אן זיין רידן דא זאגט ער ווידר איך זאג עש דאך ביט דען ער פורכט זיך פר זיין היזת. אונ׳ דא רבי וואלט שטערבן דא ריכטט ער זיין צעהן פינגאר גיגן דען היאול אויף אונ׳ שפראך הער אל דער וועלט עש אישט צוווישן צו פאר דיר דש איך מיך מיט דען צעהן פינגאר זער אין דייבר תורה גמיט האב אונ׳ האב. אל מיין טאג קיין הנאה גהט פון דיזר וועלט אפילו מיט דעם קליינשטן פינגאר וויא וואל איך דיין דאך בין געוועזן עש זאל זיין דיין ווילן דש איך זול מנוחה האבן אים קבר דא קאם איין בת קול אונ׳ זאגט רבי האט מנוחה אים קבר אונ׳ אישט ברייט

לעולם הבא :

קכו מסכת סנהדרין פרק ארבע מיתות

**מעשה** עש פֿרוגט טורנוסרופוס הרשע רבי עקיבה ליביר זאג דוא מיר וויש אישט דער טאג פֿון שבת מין אז איין אנדרן טאג דש איר אין אזו הוך ערט׳ דא זאגט רבי עקיבה ווידר וויש בישטו מין אז איין אנדרן מאן דש מן מוז דיך מין ערן דאש איין אנדרן פֿון וועגן דער הער ווילש האבן דש מן זאל דיך ערן הקב״ה וויל עש אך האבן דש מן דען שבת זאל ערן דא שפּראך דער רשע ווידר ווער ווילש איך זאגן דאש עש עבין דער טאג זייא תאמר עש זייא איין אנדרן טאג דש דוא ניט מיינשט דש עש דען זעלבין טאג זייא וויא ווישטו עש דש עש דען טאג עבן שבת היישט. דא שפּראך רבי עקיבה ווידר דאש קאן מן ביוועהרן פֿון דעם בך סמבטיון דען דאש זעלבין וואשר דאש ווארפֿט איידל שטיין איבר זיך איין גנצאן וואך דז מן ניט קאן איין ריבר פֿארן אוב׳ אן שבת שטיט עש גנץ שטיל וויא איין אנדר וואשר אוב׳ רוט אך וויא הקב״ה זעלברט אך רוט׳ נאך מין קאן איך דיר עש ביוועהרן פֿון דין פֿאטירש קבר דש רייכֿט איין גנץ וואך דען איין גנץ וואך איז מן אין דן אים גיהנום זונדר אן דען טאג אזו רויכֿט עש ניט דען אם דעם. טאג דען שבת זא רואן דיא רשעים אים גיהנום דאר מיט קאנן מיר דירש ביווייזן דש דער טאג עבן שבת הישט דא זאגט טורנוסרופוס דוא האשט מיך זער גלעשטרט אובט פֿאר שמעכֿט:

קכז מסכת קדושין פרק ראשין

**מעשה** גישאך אן איינם גוי אן אשקלון דער היש דמה בן נתינה עש בינאב זיך איין מאל דש ישראל בידרפֿטין איין אבן טוב אין דען אפוד דער וואר וואל ווערט זעכֿציק טויזנט גילדן איין טייל לייט זאגן וואל אכֿטציק טויזנט גילדן דא מושטין ישראל צו דעם דמה בן נתינה גין דער וואר איין גרושר עשיר דער האט דען שטיין׳ אוב׳ וויא זיא בון צו זיא גינגאן דא פֿראגטן זיא אין אוב ער ניט אזו איין שטיין העט׳ דא זאגט ער יוא איך האב אין אביר דער שליסל פֿון דעם גיוועלב ליגט אונטר איינן פֿאטרש קאפּא אוב׳ ער שלאפֿט איצונדר אוב׳ איך דרף אין ניט אויף וועקין דען מאן זאל פֿאטיר אובט מוטר ערן׳ אוב׳ ישראל ווידר איין וועקגן אובט וואר זיין פֿאטיר מכבד אוב׳ העט וואל פֿיל קעבן דראן גיוויבן נאך וואר ער אזו פֿרום אוב׳ וואלט

דען פֿאטיר ביט אויך וועקן · ווא וואל איך ווייש דאש איר אין מושט האבן איבונדר אונ׳ ווען איך אין דעש מאל ביט פֿר קויפֿט אזו קריגט איר וואל איין אנדרן נאך דעמנוך ויל איך דיא עבירה ניט טון דש איך ויל מיין פֿאטיר וועקן · אזו גינגן זיא הין אונ׳ קויפֿטן אנדרש וואו אזו איין שטיין · דא שאדיר אין אום פֿיל טויזנט גולדן · דאש אנדר יאר דא בישערט אים הקב״ה דער גאנן איין רוטה קויא דז מן האט גיבראכֿט אין בית המקדש צו קרבן אונ׳ מן מושט אך אייבן האבן אונטר ישראל אונ׳ זיא גינגאן ווידר צו אים אונ׳ וואלטין זיא אים אב קויפֿן דען מן ויבט גאר זעלטן איין רויטה קויא דיא גאר רויט מושט זיין · דא זאגט דער דמה איך ווייש וואל ווען איך איבונדר וועלט אל דאש געלט האבן דאש אונטר ישראל אישט אזו מושט איר מיר דרום געבן אביר איך בגער עש ניט בייארט ויל בגערן דרום אזו פֿיל אז איר האט מיר ווען געבן דאש פֿר גנגאן יאר אום דען אבן טוב אזו פֿיל בגער איך איבונדר פֿר דיא קויא וייל איך ניט האב וועלן מיין פֿאטר אויך וועקן אזו האט עש מיר גישט אום אכֿטציק טויזנט גולדן דיא זעלבין אכטציק טויזנט גולדן בגער איך אום מיין רויטה קויא דיא איך אונטר מיין הירט קויא ביקומן האב אונ׳ זיא מושטן אין וואל דרום אזו פֿיל געבן · אונ׳ ויא עש אלזו דיא רבנים הערטין דא זאגטן זיא זיך דוך ווען אייבר שון ניט אויך דיא מצוה גיבאטן איז אונ׳ טוט דיא מצוה דא בישערט אים הקב״ה דוך דער פֿיר אזו איין גרושן לון מכל שכן דען דיא מצות גיבאטן זיין אובט הלט זיא דש אים הקב״ה פֿיל מין דער פֿיר בישערט דען עש זאגט רבי חנינה עש איז גרעשיר דען לון פֿון דעם דער איין מצוה טוט אי ער אישט אויך דיא מצוה גיבאטן אלש אייבר דער איין מצוה טוט אונ׳ אישט ניט גיבאטן דרויך אלז דיזר דמה דער הלבן ליבן לייט טוט פֿאטיר אונ׳ מוטר ערן · דא טוט אים הקב״ה ווידר בישערן · אונ׳ טוט אים זיין לעבן אלזו לענגר מערין :

## קכח בבא בתרא פרק חזקת הבתים

**מעשה** גישאך אן איינם מאן דער הורט פֿון זיינם וייב וויא זיא איר טוכֿטיר שטרופֿט דען זיא וואר איין אופֿגעטפורליך טמאה אזו הורט דר מאן וויא זיא איר טוכֿטיר שטרופֿט אובט זאגט אלזו מיין טאכֿטיר ביט זייא אלזו איין אופֿין בורליך איין הור טוא אך וויא איך האב גיטאן איך בין אך איין הור גיוועזן אונ׳ האב צעהן קינדר גיהט אזו זיין ביין קינדיר איידיל ממזרים גיוועזן דיא איך האב

מיט.

מיט אנדרן מאנן גיהט אונ׳ האב ביט אין אז איין זון מיט איין רעכטן מן
גיהט אונ׳ איינמן האט דאך נישט דער פֿון גיוויסט אלזו הייאליך בין איך
איין הור גיוועזן אזו זאלשטו אך הייאליך איין הור זיין · אובט דער מאן
האט עש אלז גיהערט וויא זיין וייב האט גירעט אונ׳ דאש טעט אים
גיר וויא אונ׳ דרפֿט זיך דאך ניטש אן נעמן דש זיין וייב וואר אשת
איש גיווארדן אונ׳ דער מאן ביקווערט זיך אזו גאר הרט דאש ער פֿור
לייט קרנק ווארד אונ׳ וואלט שטערבן דא טעט ער צוואה אל איין גוט
זול ביט אין אלש איינר פֿון מיינן קינדיר ירשון אונ׳ זאגט אביר ביט
וועלכיר זון עש ירשון זאלט אונ׳ אלזו שטורב דער גוט מאן · אונ׳ וויא ער
בון טוט וואר דא וואלט איין איטלכיר דש מומן אליין ירשון אונ׳ אזו קאמן
זיא בור רבי בנאה דער וואר ראש ישיבה צום זעלבין מאל ער זאלט
מאכן וועלכיר דאש מומן זאלט ירשון דא שפראך דער רבי ווידר צו
אינן דאש איז איין שווערן זך אונ׳ דיא זך אישט מיר פֿר הולן דען איך
בין קיין נביא דז איך זעלט וישן וועלכיר אייער פֿאטר גימיינט העט ·
דוך טוט איר איינש אונט גיט אל מיט אנבדר אויף אייערס פֿאטירש
קבר אונ׳ בעמיט אייער איטליכר איין שטיין אין דיא הנט אונ׳ קלאפט
אויף אייערש פֿאטירש קבר אונ׳ שפרעכט ווידר אין ליביר פֿאטיר
זאג אונש וועלכיר דיין רעכטר זון אישט דער דיין מומן אליין ירשון
זאלט אונ׳ דש טעט דער רב דרום דש ער זיא וועלט פֿר זוכן אוב זיא
עש טון וועלטן אז זיא אלזו איין עזות קייט ווערן אן אירים פֿאטיר
ברוכן אונ׳ דא דורך וועט ער דער קענין וועלכיר דש ביט טון וואלט דז
ווער דער רעכט זון זיין אלש עש אך גישאך דא גינגאן זיא אל הין זיין
קינדיר בון דעם רב אויף דאש פֿאטירש קבר מיט שטיינן זונדר
איינר דער וואלט ביט גין דער זאגט וויש גידענקט איר אייך אז איר
אונזרים פֿאטיר אזו איין גרושן חרפה אובטיר דעם קבר אן טון איך
וויל אויף דען קבר ביט גין אונ׳ זעליט איך וישן דש איך קיין פפעניק
פֿון מיין פֿאטירש גוט זעלט ירשון דא מרקט דער רב וואל דאש דער
וואר דער רעכט זון אונ׳ זאגט דער זאל דאש מומן גאר ירשון דען האט
אייער פֿאטיר גימיינט · אונ׳ מיט דער חכמה ברענגט דער רב דש
צו וועגן דש ער וואר גיווארוועלכיר דער רעכט זון וואר דען וויש פֿון
בטויאיר אישט דאש האטש ביט אים הערצין דש עש זיינם איינן
פֿאטיר אזו איין גרושן חרפה זעלט אן טון זונדר וויש הורן קינדר זיין
דיא פֿרעגן נישט דער נאך אובט מכין איינם בחרפה. ווען ער שון
אובטיר דען קבר ליגט:

**מעשה** גישאך דא האמן מרדכי דש פפערט ברוכט אונ' דיא
גוטן קליידר דא זאגט המן צו מרדכי קום הער אונט
טוא דוא דיא קליידר אן אונ' זעצט דיך אויף דאש פפערט דער מלך
וויל עש האבן · דא זאגט מרדכי ביין איך מוש פאר איין הארלאשן אב
שניידן דען עש איז ניט דער סדר דאש מן זאלט אזו מיט לנגאן הארן
פר דעם מלך גין · דיא וויל גינג דיא אסתר המלכה הין אונ' פר בוט
אלי שערר דש קיינר מרדכי זאלט שערן דען דער המן מושט זעלבשט
מרדכי שערן דא הולט דער המן איין שער אין זיינם הויז אונ' שערט
אים אונ' וויא ער נון שערט אזו זיפצט המן גאר זער דא פראגט אין
מרדכי ווארום ער אלזו זיפצט דא זאגט ער ווידר וויא זאל איך ניט
טרויארג זיין ווען איך גידענק וויא איך אזו גאר גיוואלטיג הוך בין גיאכט
גיוועזן בייא דעם מלך מער אז אנדרן יועצים אל אונ' איך מוש איצונדר
איין באדיר אונ' איין יודן שעריר מוש זיין · דא שפראך מרדכי ווידר
אין אייא דוא רשע דוא בישט דוך וואל צווייא אונ' צוואנציך יאר באדיר
גיוועזן אין איינם דורף דאש הייסט קרצום וויא שטעלשט דוא דיך
איצונדר אזו גאר הוך · וויא ער נון גיבאט האט דא טעט המן מרדכי
אן דיא קינגליכן קליידר דער נאך שפראך המן ווידר מרדכי נון
שטייג אויף דאש פפערט דא זאגט מרדכי איין ביין זיין מיר גאר
שוואך ווארן פון פאשטין דש איך ניט קאן אלזו הוך שטייגן אזו בוקט
זיך המן אונ' מרדכי שטייג אויף המן אונ' דער נאך אויף דאש פפערט
אונ' רייטט אונ' שפאטיט דען המן דא זאגט המן ווידר מרדכי ווארום
שפאטשטו מיינר שטיט דאך גישריבן בנפול אויבך אל תשמח דאש
אישט טייטש ווען דיין ווינט פאלט אזו זאלשטו דיך ניט פרייאן אונט
דוא פריישט דיך מיינר וויל איך בין אזו שפל בין גיווארדן · דא זאגט
מרדכי ווידר המן דוא רשע ווישטו ווא דער פסיק שטיט בייא איינם
ישראל אביר בייא איינם רשע אש דוא בישט שטיט גישרבן ואתה על
במותימו תדרוך דאש אישט טייטש אויף דיין היך דוא זאלשט אים
טרעטין · אונ' וויא זיא נון רייטן דא שריא המן פר מרדכי ככה דאש
אישט טייטש אזו זאל מן איין מאן ערן · אונ' וויא זיא נון פר המן הויז
רייטן דא שטיבט המן טוכטיר אויף דער שטעגן אונ' גידוכט זיך דער
דא רייטט דער אישט גיוויש איין פאטיר דען דער מלך אזו מכבד
אישט אונ' דער נעבן אין גיט דער ווערט גיוויש מרדכי זיין אונ' נוף דיא
שטעג

שטענן אנויף אונט באם איין טיפֿין פֿול מיט זבל אויש דעם בית
הכיסא אונ׳ ווארף עש אויף המן איר פֿאטיר דען זיא מיינט עש ווער
מרדכי דא זאך המן איביר זיך דא זאך דיא טאכֿטיר וויא עש איר
פֿאטיר איז דא פֿיל זיא פֿון דיא שטענן איין ראב אונ׳ פֿיל דען האלז אב
אונט פֿיל צו טוט:

## קל ברוכת פרק אין אומרין

מעשה געשאך אן איינם חסיד דער גינג איבר פֿעלט אונט
דא עש צייט ווער צו אורן דא אורט ער אויף דעם
פֿעלט אונ׳ וויא ער אורט דא קאם דא הער צו רייטן איין הגמון אונט
דער הגמון דער גרישט דעם חסיד אונ׳ דער חסיד דער דנקט דען
הגמון ניט אונט שווינג שטיל דא וורטט דער הגמון ביז ער אויש
געאורט האב אונט דא ער נון אויש געאורט האט דא זאגט דער הגמון
ווידר דען חסיד זאג אן דוא בוזוויכֿטר דא איך צו דיא האב צו
געשפראכֿן ווארום האשטו מיר ניט געענטפֿרט ווען איך אך איצונדר
הין מעך גין אונ׳ שלגן דיר דיין קאפא אב ווער ווע׳לט מיר עפיש דרום
טון׳ דא זאגט דער חסיד אדוני איך ביט דיך ווערט מיר איך וויל איך
וואל ענטפֿרן אונ׳ הוב אן ליביר הער ווען איר דא שטענט פֿאר איין
קינג דער ביארט בלוט אונט פֿלייש ווער אונ׳ רידד מיט אים אונ׳ עש
קעם איין אנדריר אונט שפרעך אייך צוא ווערשטו אך אים
ענטפֿרטן׳ דא זאגט דער הגמון ניין איך ווער אים ניט ענטפֿרטן׳
ווען דוא אים העשט אביר געענטפֿט וויש ווער עש דיר דרום
געשעהן׳ דא זאגט דער הגמון איך העט מיך מוזן פֿערכֿטין דער מלך
העט מיר איין קאפא געהויאן דרום׳ דא זאגט דער חסיד גון זעך מה
דוך ווען דוא ווערשט געשטנדן בייא איינם מלך דער בייארט בלוט
אונ׳ פֿלייש אישט דער הייט לעבינדיג אישט אונט מארגן טוט אישט
נאך דעננוך העט ער דיר דיין קאפא לאשין אב שלאגן׳ מכל שכן וקל
והומר איך בין דא געשטנדן פֿר דעם מלך דער דא אישט געהייסן איין
מלך איביר אלן מלאכים דער דא ווידר פֿלייש נאך בלוט אישט אונט
דער דא איביגליך לעבט אונ׳ שוועבט אונ׳ ביט פֿר געגליך אישט וויא
זעלט איך דיר דען געענטפֿרט האבן דען איך העט מיך דאך מוזן
פֿערכֿטן ווען ער ווער צורנג געווארדן אז העט ער מיך גאר מאית
געוועזן׳ וויא נון דש דער הגמון דאש הורט דש אים דער חסיד אזו

וואל האט געענטפֿרט האט׳ דא וואר ער ווידר וואל צו פֿרידן מיט דעם חסיד אונ׳ זאגט צו אים דוא האשט מיר גאר וואל געענטפֿרט אונט אזו גינג דער חסיד ווידר מיט שלום אין זיין היים אין זיין הויז דער הלבן זאל אין מיטלכֿיר יוד זיין תפילה בכוונה טון׳ אזו קומט ביקש בית דער פֿון :

קלא מסכת חגיגה פרק ראשון

מעשה גשאך איינר האט געהיישן רב דימה בר אבייה דער וואר גאר געוואנטליך אונ׳ וואל ביקנט בייא דעם מלאך המות איין מאל זאגט דער מלאך המות ווידר זיין קנעכֿט גיא הין אונט ברענג מיר איין פֿרויא דיא הייסט מרים דיא דא פפֿלעגט אלי וייבר צו פלעכֿטן׳ דא גינג דער קנעכֿט הין אונ׳ ברוכֿט אים דיא מרים דיא דא פפֿלעגט דיא קינדיר צו פלעכֿטין אונ׳ ער האט אין גלייך פֿר שטנדן דא זאגט דער מלאך המות איך האב דיך דאך געהיישן דיא מרים ברענגאן דיא דא פפֿלעגט דיא וייבר צו פלעכֿטן אונ׳ ווארום האשטו דען מיר דיא מרים געבראכֿט דיא דא קינדיר פלעכֿיט דא זאגט דער קנעכֿט אזו גיב מיר זיא ווידר הער איך וויל זיא ווידר לעבנדיג מכֿן׳ דא זאגט דער מלאך המות ווידר זיין קנעכֿט ביין וייל זיא יוא דא אישט זא לוש זיא דא דען זיא דער פֿילט דאך דיא צאל׳ דא זאגט דער מלאך המות ווידר זיין קנעכֿט ליביר זאג דוא מיר וויא האשטו זיא קענען טיטן וויל איר צייט אישט נאך ניט געוועזן דש זיא האט זעלן שטערבן׳ דא זאגט דער קנעכֿט איך וויל דירש זאגן זיא זאס עבין בייא דען פֿייאר אונ׳ האט דען שיר שטעקין אין דער הנט אונ׳ וואלט דאש פֿייאר שארן דא לײגט זיא דען שיר שטעקין אין דעם פֿייאר דא פֿר בראן דער שיר שטעקין אים פֿייאר אונ׳ דא דער שיר שטעקין אישט פֿר ברנט אזו אישט איר מזל אך פֿר ברנט דא טוט איך זיא׳ דא זאגט רב דימי הבט איר דען דאש מאכֿט צו טון׳ דא זאגט דער מלאך המות שטיט ניט אין קהלת געשריבן ויש נספה בלא משפט דאש אישט טייטש מענכֿיר שטערבט זונדר געריכֿט׳ דאש איינר מוש פֿר זיינר צייט מוש שטערבן אביר איך גיב אין ניט אובטר דיא טוטן ביז זיין צייט האט זעלן זיין דש ער האט זעלן שטערבן אונט הלט אין דער וויל בייא מיר דער נאך גיב איך אין אובטר דיא טוטן לייטן׳ דער הלבן זאל קיין פֿרויא דען שיר שטעקין פאר ברענגן זונשט פֿר ברענגט זיא איר מזל:

## קלב מסכת ערובן פרק כצר

**מעשה** רבי פרידה דער האט איין תלמיד דער וואר איין גרושר עם הארץ אונֿ אלש וייש ער מיט אים לערנט דאש מושט ער פֿיר הונדרט מאל מיט אים לערנן אי ערש קענט ביהלטן · איין מאל האט רב פרידה שון פֿיר הונדרט מאל מיט אים גלערנט דא רופֿט מן אים עבן צו איינר מצוה דא קאנטש דר תלמיד דאך נאך ניט וויש ער האט מיט אים גלערנט · דא זאגט רב פרידה צו דעם תלמיד ויא קומט עש דז דוא עש איצונדר ווינגר קאן אז איין אנדר מאל וויא וואל דז איך האב נון ויר הונדרט מאל מיט דיר גלערנט · דא זאגט דער תלמיד וידר זיין רבי פֿון דעם מאל אן אז מן האט אייך צו דער מצוה גרופֿט · דא האב איך קיין אכֿטונג דארויף גיהט דען איך האב גידוכֿט איצונט וועט דער רבי גין · דא זאגט דער רב פרידה ליבר זון האב נאך דיין אכטונג דרויף איך וויל נאך פֿיר הונדרט מאל מיט דיר לערנן אונֿ לערנט אך נאך פֿיר הונדרט מאל מיט אים ביז ערש קונט דא קאם איין שטים פֿון הימל אונֿ זאגט צו רב פרידה וועלכֿיש איז דיר ליבר דש דוא נאך ויר הונדרט יאר זאלשט לעבן · אדר דוא אונֿ דיא דיינן גיבירט זאלשט גלייך אין דאש גן עדן זאלשט קומן · דא זאגט רבי פרידה איך וויל ליבר דאש איך אונט מיין גיבירט אין דאש גן עדן זאל קומן · דא זאגט הקבֿה געבט דעם צדיק אלי בייד דאש גן עדן אונֿ פֿיר הונדרט יאר נוך לעבן דער הלבן ליבן נייט זאל אייבר אך גאר וואל לערנן מיט זיין תלמידם :

## קלג מסכת ברוכת פרק שלישי

**מעשה** נישאך דאש זיך רבי יוחנן אל וועגן זעצט אויף דיא תפֿורט פֿון דען אורט ווא דיא וייבר צו טבילה גין דען ער זאגט ווען דיא וייבר ווערדן קומן אונט ווערן צו טבילה גין זא זאלן זיא מיך אן זעהן דער ווארטן דש זיא דיא בכֿט וועןזיא בייא איר מאנן ווערן ליגן אזו ווערן זיא אל איר גידנקין אויף מיך האבן אונֿ דש זיא אך זאלן אזו היפשין קינדר האבן אז איך בין אונֿ אז זיא זאלן אך אזו וואל זאלן לערנן אז איך דען עש העבקט פֿיל אן דער מחשובה וועןמן אונֿ וייב בייא אננדיר ליגן דען וועןזיא הוו עפיש ביז גידענקין האבן אזו גראטן דיא קינדיר ביט וואל · דער נאך אביר להפך אך

ווען דיא מחשובה פון מאן אובט פון וויב גוט אישט זא גראטן דיא
קינדיר אך וואל דער נאך · אלש מיר גיפינדן בייא אלישע כהן גדול
וייב דיא וואר אך גיווארנט אן איר טבילה גין דא בישערט איר אך
הקב״ה איין זון דער ווארט גיהייסן רבי ישמעאל כהן גדול דער וואר איינר
אונטר דען עשרה הרוגי מלכות דען דער אלישע דער וואר איין פרומר
יוד אביר זיין קינט דיא שטורבן אים גלייך וויא זיא גיבארדן ווארן איין
מאל שפראך זיא צו אים ווארום האבן אלי דיא וועלט זין אובט איר
האבן קיין זון ניט דא שפראך אלישע איך וויל דיר זאגן דש מאכט ווען
דיא וייבר טבילה גין זא זיין זיא גאר צויכטיג אוב׳ זיא האבן גוטן גידנקין
ווען זיא בייא אירה מאבן לינן צו איינם תלמיד חכם דא גירוטין דיא
קינדר וואל דור נאך · דא שפראך דאש וייב אזו וויל איך אך נון מער
גוטן גידנקין האבן אוב׳ דא זיא נון טבילה גינג אוב׳ וואלט ווידר היים צו
הויז גינג דא בינעגנט איר איין חזיר דא גינג זיא ווידר צו טבילה דען
זיא פורכט זיך זיא ווער דיא גאנץ נכט גידנקין אויף דאש חזיר האבן ·
דאש אנדר מאל בינעגנט איר איין איזל אזו גינג זיא אך ווידר צו טבילה
דאש דריט מאל בינעגנט איר איין מצורה דא גינג זיא אך ווידר צו
טבילה אובט דא הקב״ה נון דאש זאך אז זיא אזו צויכטיג וואר דא זאגט
הקב״ה ווידיר דען מלאך מטטרון גיא הין אובט שטעל דיך גיגן איר
ווען זיא אויש דער מקוה גיט דאש איר נישט אין גישיכט דען זיא זאל
דיזן נאכט טראגן ווערדן איין קוישטליכין מאן דער זאל איין כהן גדול
זיין · זיין דא נידרט דער מלאך מטטרון אובט שטעלט זיך
פור איר · אובט דיא גוט פרויא וואר דיא זעלביג נאכט וואל פורכטיג
מאל טבילה גנגאן אובט ווייא זיא נון דען מלאך זאך דאש ער זא
היפש דא שטונד וויא איין מלך דא דער שראק זיא אובט מיינד עש
ווער איר מאן אוב׳ וואלט ווידר טבילה גין דא שפראך דער מלאך דוא
דרפשט ניט ווידר צו גין דען איך בין דער מלאך מטטרון הקב״ה האט מיך
הער גישיקט איך זאל דיר זאגן ער האט גיזעהן דיין גוטן גידנקין דש
דוא האשט גיהט זא זאל איך דיר זאגן דאש דוא הייבט איין זון טראגן
ווערשט ווערן דער דיך זער פרייאן ווערט דיא גוט פרויא וואר גאר זער
דער שראקין אוב׳ גינג אלזו מיט גרושן ורייידן איין היים אוב׳ ווארט דיא
נכט טראגן אוב׳ זיא האט אלי גידנקין דיא זעלביג נכט אויף דען מלאך
אוב׳ גיוואן איין זון דער וואר גיהייסן רבי ישמעאל כהן גדול אוב׳ וויא עש
גיבארן ווארט דא קאם דער מלאך אוב׳ הוב דש קינט אוב׳ וואר דער
גיפאטיר אוב׳ דער מלאך לערנט דש קינט אלש וואש ער קאנט

דאש ער קונט ווישן וויש אונטן אונט אובן זולט גישעהן אונט ער
קונט אין דעם היאול גן ווען ער וואלט אונ׳ דאש בישערט איר הקבה
וויל זיא זא גר גוטן גידנקין גיהט הבן דען עש העבקט אלש אן דער
מחשובה ווען מאן אונ׳ וויב ביא אנבדור ליגן דען אן וואש זיא גידענקין
אזו ראט דאש קינט דער נאך :

קלד מסכת ברוכת פרק שלושי

מעשה. גישאך עש וואר איין מאל איין גיוואלטיגיר מלך דער
האט גאר איין שין וויב. אונ׳ זיא הטין קיין קינדור מיט
איין אנבדור אזו טעטן זיא גרושן תפילה. דש אין הקבה זאלט איין זון
בישערן דער דיא מלוכה קענט ביהלטן נאך אירים טוט אונ׳ וויל זיא
זא זער הקבה באטין דא וואר אין דיא פיט גיוורט אונ׳ דיא מלכה
ווארד טראגן אונ׳ גיוואן איין זון דער וואר גאר שווארץ וויא איין מור בון
רעכטיר ארט וויא נון דאש דער מלך זאך דא וואר ער גאר טרויאריג
אונ׳ וואר גאר אן מוטיג וויל ער יוא אזו איין מור האט זיין וויב גיואנן אונ׳
זיא זיין אזו גאר שינן לייט · אונ׳ ער בידוכט זיך דאך הין אונ׳ הער דש
ער גידוכט זיך איך האב דאך איין מור ביא מיר דער וועט גוויש ביא
מיינם וויב גילעגן זיין · אונ׳ דער מלך בירופט זיינן יועצים אונ׳
בינערט דיא מלכה אום איר לעבן צו ברענגאן אונ׳ ביקאם דיא מלכה
גאר וינט לסוף דיא יועצים ווארדן גרושן חכמים דיא דא ביקנט
ווארן אין דיא ווישהייט דער נטואר אונ׳ ביזנן זיך ביט לנג אונ׳
שפראכן ווידר דעם מלך אדוני מלך ביט פר גנך דיך אן דער קינגן
דז דוא זיא וואלשט מאית זיין וילייכט ווערשטו אן שולדיג בלוט ואר גישן
אונ׳ מעכשט זיא הייט דן לאזן זיין אונ׳ מארגן העשטו דאך ווידר רויאן
דרויף דש דוא זיא האשט לאזן מאית זיין · מיר ווען דיר אייבר לייא
זאגן ויל לייכט האט זיא אן דען מורן גידאכט דא זיא אישט ביא דיר
גילעגן אונ׳ האט פיל לייכט אל איר גידנקין אן דען מורן גיהט אונ׳ מיר
פינדן אך אין דיא שריפטן ווא רויף דיא פרויא איר גידנקין האט ווען
זיא ביא אירן מאן ליגט דער נאך גראטן דיא קינדור · דער הלבן ביטן
מיר דיך דוא וועלשט דעם הנדיל ואר רעכט נאך הערן וויא עש איין
גישטלט הוט · נון וויא דאש דער מלך הורט דא גידאכט ער יוא וויא
לייכט מעכט עש וואר זיין דען איך האב איין מורן אן איין טאביל גימולט
דיא פור מיינם בעט העבקט וויא דיא שרים ומלכים גימיינליך
פסילים פפלעגן צו האבן פור אירן בעטר דא ווערט דיא מלכה

זלייפֿט אים בייא ליגן גידנקין אויף דען מורן גיהט האבן · אונ׳ פֿרעגט
די מלכה פֿום ווייטום מיט גרושים חכמה ליבה מלכה וויא מאג דאך
דאש צו גין דש איך אונ׳ דוא זיין אזו גאר שין לייט אונ׳ מיר האבן אזו איין
שווארצן מורן צו איינם זון ביקומן · דא זאגט די מלכה און גיפֿערד
איין ליבור הער איך וויל אייך זאגן וויא דאש צו גיט דא מיר זיין בייא
אנכנדור גלעגן דא האב איך מיך איבר מיך גיזעהן אונ׳ האב דען מורן
אן דער טאֿביל גיזעהן אן גימאלט אונ׳ האב אל מיין גידנקין אויף דען
מורן גיהט · דער הלבן הלט איך האב איך איין מורן ביקומן האב דען
די ווייבר קעכין זיך גאר בלד ור זעבן אונ׳ וואו רויף זיא איר גידנקין
האבן אזו האבן זיא די קינדור דער נאך · וויא נון דער מלך דאש
פֿון דער מלכה הורט דא גידאכֿט ער אן די יועצים וויא זיא אים רעכֿט
גיראטן האבן אונ׳ דער מלך גיוואן די מלכה ווידר זער ליב אונ׳ האטן
דאש קינט גאר ליב דער הלבן זאל מן גוטן גידנקין האבן אזו ביקומט
איינר אך גוטן קינדור אונ׳ דרויף שפרעכֿן די חכמים הרהורי עבירה
קשה מעבירה דש אישט טייטש איינר דער איין גידנקין האט איין
עבירה צו טון דער אישט ארגיר דען דער די עבירה טוט מיט דען
הענדין אודר פֿויש דען דער גידנקין דער האט זיין וואכינג אים מוח
אונ׳ די נשמה הענגט אך אן מוח דא ואר און רייניגט ער די נשמה
אביר דער איין עבירה טוט דער פֿאר און רייניגט זיין איינגן לייב · דער
הלבן זעצט זיך רבי יוחנן פֿור די טיר דש מקוה דא די ווייבר טבילה
גינגאן דור ווארטן דש די ווייבר איר גידנקין אויף אין זאלטן האבן דען
דער גידנקין קומט בֿון דעם מוח הער אונ׳ דער זאמן דא דש קינט
דער פֿון בישאפֿין ווערט דש קומט אך אויש דעם מוח דער הלבן
זאלן די ווייבר איר גידנקין האבן ווען זיא בייא די מאבן ליגן צו איידיל
תלמידים חכמים זא גיראטין די קינדור אך גאר וואל דור נאך אונ׳
דש אישט אך דעם טעם דש איין וויב זא אופֿט מוש ווידר טבילה גין
אלש איר עפיש בינעגנט עש זייא וויש עש וועל ווען זיא אנדרש וויל
ורום זיין אונ׳ וויל רעכֿט טבילה גין דען וויש זיא בינעגנט אזו גידענקט
זיא דארן ווען זיא בייא דעם מן ליגט אונ׳ דער נאך גיראט דאש קינד
דער נאך זונדרליך צווייא ארלייא זיין ווען זיא איר שון בינעגנט אזו
בידרף זיא ניט ווידר צו טבילה גין · דאש ערשט אישט איין פֿפֿערט
ווען עש איר שון בינעגנט אזו בידרף זיא ניט ווידר צו גין דען ווען זיא
שון אן איינם פֿפֿערט גידענגט ליגט ביט פֿיל דראן דען איין פֿפֿערט
האט איין ווייט ורליך הערץ אזו זאל זיא אך איין זון קרייגן דש איין ורליך

ווייט

ווייט הערץ זאל האבן אין דער תורה׃ אונ׳ דש אנדר אישט ווען איר
אין תלמיד חכם בינענט אזו בידרך זיא אך ניט ווידר צו טבילה גן
אדרבה זיא זאל אל צייט אן אים גידענקן׃ אונ׳ דש איז אך אז דיא
חכמים האבן אין תקונה גימאכט ווען איינם איין ווייב שטערבט דש
ער מוז ווערטן שלש רגלים דז אייבט דש ער מוז דרייא יום טובים
ווערטין אי ער ווידר איין ווייב נעמט אודר דש ווייב מוש אך ווערטין׃
דש האבן זיא גימאכט דער הלבן דער מאן האט זיין גידנקין אלש אויף
דעש ערשט ווייב׃ אונ׳ דש אישט דער נשמה איין גרושן צער דען
אין דאש ערשט יאר דא גיט דיא נשמה פון דעם טוטן אונ׳ גיט אין
היאול אונ׳ קומט ווידר אין דעם קבר אונ׳ אזו מוש זיא צוועלף חדשים
ליידן אונ׳ נאך דיא צוועלף חודשים דא גיט זיא אין היאול אונ׳ בלייבט
אובן דרום האבן זיא דיא חכמים גימאכט דז איינר זאל אין שלש רגלים
קיין ווייב ניט נעמן אונ׳ דש ווייב אויך קיין מאן ניט נעמן ווען ווארום
עש איז איין גרושר צער דיא נשמה אונ׳ נאך דיא צוועלף חדשים
האט זיא בון אירדין גיליטן פון הקבה גלובט זייא ער איבג דער ביצאלט
איטליכן נאך זיינם פר דינשט׃ דער הלבן קנט איר וואל גידענקין
דש פיל אן דער נשמה הענקט אונ׳ הענקט אך פיל אן דער מחשבה
דש מאן אונ׳ ווייב זאלן האבן ווען זיא בייא אנגדר ליגן דער הלבן איר
פרומה ווייבר הלט אייך דער נאך דא ווערט איר אך ביקומן פרומה
קינדר דיא דא ווערן לייכטן אין דער תורה אלי צייט׃ אונ׳ איר
ווארצלן ווערדן זיך אין גן עדן ווארצלין גאר ווייט׃ דאש זאגן איך אייך
צו גיזייט׃ אמן סלה

קלה מסכת בבא מציעה פרק הזהוב

מעשה גישאך דש רבי אליעזר דער קריגט מיט זיינן חברים
אונ׳ אלש וויש רבי אליעזר מטהר וואר דא ווארדן עש
דיא חכמים מטמא אונ׳ וואלטן רבי אליעזר ניט גיוואכן געבן׃ דא
בראכט רבי אליעזר אל דיא תשובת דיא אין עולם ווארדן נאך וואלטן
זיא אים ניט גיוואכן געבן דא לערנן זיא עבן בייא איינם בוקש
הארן באם דא זאגט רבי אליעזר האב איך אנדרש וואר דש דיא הלכה
אישט וויא איך זאג דא זאל זיך דער בוקש הארן באם אויש רייסן מיט
זיינר ווארצל פון דיזר שטט׃ דא גישאך איין נס דש זיך דער בוים
מיט דען ווארציל אויש ריס פון זיינר שטאט אונ׳ שטעלט זיך איבר
הונדרט אילן ווייט פון דער שטט׃ איין טייל זייט זאגן פיר הונדרט
אין

אילן וויט דא קעבט אן וואל דער קעבן אז ער ווארהאט דער רבי
אליעזר נאך שפראכן דיא חכמים מיר קערן זיך נישט אן דען בוים
מיר געבן דיר ניט גיוואנן · דא שפראך ווידר רבי אליעזר האב איך
אנדרש ווארמיט מיינר הלכה דא זאל זיך דער שטראם וואשר פר
קערן אונ׳ זאל היבטר זיך לופן וויא ער איצונדר פיר זיך לופט דא
גישאך איין נס דז דער שראם היבטר זיך לוף׳ דא זאך מן אביר דז ער
ווארהאט רבי אליעזר דא זאגטן דיא חכמים ווידר מיר קערן זיך דאך
אך ניט אן דען שטראם וואשיר · דא שפראך ער ווידר האב איך
ווארמיט מיינר הלכה דא זאלן דיא ווענט פון דעם בית המדרש איין
פלן אונ׳ זאלן ביווערן צווישן אונש ווער ווער האט · דא הובן דיא
ווענט אן אונ׳ בינגן זיך אונ׳ וואלטין איין פלן דא שריא זיא רבי יהושע
אן אונ׳ שפראך אוב שון דיא תלמידים חכמים מיט אנבדר קריגן אין
דער הלכה וועלט איר אייך דרום צווישן זיא לייגן · דא שטונדן דיא
ווענט אלזו שטיל שטין אונ׳ וואלטין זיך ניט ווידר אויף ריכטן פון
רבי יהושיע כבוד ווענן וויל ער זיא האט אן גישריאן · אונ׳ וואלטן אך ניט
איין פאלן פון ווענן כבוד רבי אליעזר · דא הוב רבי אליעזר ווידר אן
האב איך אנדרש ווארמיט מיינר הלכה אזו זאל איין בת קול קומן פון
הימל אונ׳ זאל ביווערן צווישן אונש ווער דא ווארהאט · דא קאם איין
בת קול פון הימל אונ׳ זאגט וויש וועלט איר קריגן מיט רבי אליעזר דיא
הלכה אישט אלש וויא רבי אליעזר דא שפראכן דיא חכמים ווידר מיר
קערן זיך אך ניט אן דען בת קול דען הקבה האט אין זיינר תורה
גישריבן אחרי רבים להטות דש אישט טייטש דיא הלכה אישט אל וועגן
וועם אייבר מיט פיל גרינט דא אישט דיא הלכה אל וועגן וויא דיא פיל
לייט זאגן אונ׳ ניט וויא איינר זאגט · אונ׳ דער הלבן וועלן מיר אין ניט
גיוואכן געבן · דא גיפאבט עבן דאש זעלבינג מאל רבי נתן אליהו הנביא
דא פראגט דער רבי נתן אליהו הנביא ליבור זאג מיר וויש האט דיא
זעלבינג צייט הקבה גיטאן דא דער קריג אישט צווישן דיא תלמידים
חכמים גיוועזן · דא זאגט ער הקבה האט עש גיזעהן אונ׳ האט גילאכט
אונ׳ האט גיזאגט זיא האבן מיך איבור זיגט מיין קינדור ישראל רב יכול
ווידר הקבה ניט גירעט · דא גינגאן דיא חכמים הין אונ׳ טעטן דען
רבי אליעזר אין חרם דא זאגטן דיא חכמים ווער זאל לאשן ווישן דאש
רבי אליעזר אין חרם אישט ווילייכט זאגטש אים איינר דער ניט רואה
איז דער צו דש ער איאש זאגט · דא זאגט רבי עקיבה איך וויל גין אונ׳
ווילש איאש לאשן ווישן · דא גינג רבי עקיבה הין אונ׳ קליידר זיך נאבן
שווארץ

שווארץ אלש ווער ער איין אבל אונ׳ זעצט זיך פֿון אים. ויר איגן וויט· דא פֿראגט ער אים ניבור ווארום האשטו הייט איר שווארץ קליידר אן אז איין אנדרן טאג· דא זאגט ער ווידור ניבור רבי מיך דונקט דיינן חבירים האבן זיך פֿון דיר אב גישיידן אונ׳ האבן דיך אין חרם גיטון· אונ׳ דא ער דאש הורט דא גינג ער הין אונ׳ טעט זיין שוך אויש אונ׳ צו ריס זיינר קליידר אונ׳ זעצט זיך אויף דיא ערד אונ׳ טרויארט גלייך אז ווער איין מת פֿר אים גילעגן אונ׳ שריא גאר זער· אונ׳ אין דער זעלבין צייט אז מן האט אים אין חרם גיטון דא ווער דער גנץ עולם גישלאגן דש דריט טייל מיט איל בער אונ׳ דש דריט טייל גערשטן אונ׳ דש דריט טייל מיט ווייץ דש אלש כליון ווער גיווארדן· איין טייל לייט זאגן דער טייג אז דיא ווייבר האבן אין דיא הענדן דער ווארד אך אל כליון גיגנגאן אזו איין ביזר טאג איז גיוועזן דאש זעלבין מאל דא מן דען רבי אליעזר אין חרם האט גיטאן· אונ׳ אלש וואש דער רבי אליעזר דען זעלבין טאג האט אן גיזעהן דאש פֿר ברענט אלש· אונ׳ דער נשיא אובטר איבן דער ווער רבן גמליאל דער האט אין העלפֿין אין חרם טון דער ווער דער צו זיין שוואגר זיינש ווייבש ברודר· איינש טאגש דא ווער דער רבי אליעזר גיזעשן אונ׳ האט תפילה גיטון דא ווער רבן גמליאל עבן אין איינם שיף אויף דעם ים. דא ווער איין גרושר ווינט גיקומן אונ׳ האט וועלן דש שיף אום קערן דא האט רבן גמליאל גיזאגט מיך דונקט אז מירש אזו איבל גיט דש קומט מיר הער פֿון רבי אליעזר בן הורקנוס וויל איך אין האב אין חרם גיטון· דא הוב ער אן אונ׳ טעט תפילה אונ׳ זאגט הער אל דער וועלט עש אישט צו ווישן צו פֿר דיר דש איך דש ביט פֿון מיינם כבוד וועגן גיטאן האב אונ׳ אך ניט פֿון מיינם פֿאטרש כבוד הלבן נייארט פֿון דיינר כבוד הלבן דש זיך ניט זאלן קריגן מערן צווישן ישראל דש זיך אייבר ניט זאל קריגן מיט פֿיל לייטן· אונ׳ וויא ער אלזו איין גרושן תפילה טעט דא הורט דש ים. אויף צו וויאן אונ׳ ווער ווידר גנץ שטיל· דא וואלט דש רבי אלעזרש וויב דען מאן קיין תחינות מער לאשן זאגן דען זיא פֿורכטיט זיך ער ווער אירן ברודר רבן גמליאל אום דש חיות ברענגאן וויא אים שיר דש מאל גישעהן ווער· איינש טאגש איין מאל דא קאם איין ענייפֿר איר טיר אונ׳ בעטיט אום איין שטיק ברוט דא גינג זיא הרויש אונ׳ וואלט אים איין שטיק ברויט געבן דיא וויל זיא הנויש גינג דיא וויל פֿיל רבי אליעזר אויף זיין פנים אונ׳ זאגט תחינות דא קאם דש וויב אונ׳ ואנד אים דש ער זאגט תחינות דא זאגט זיא ווידר אין אוויא שטיא אויף דוא האשט מיר מיין ברודר אום

דאש חיות גיבראכט · אונ׳ וויא עש בוא באך איין וויל אן שטון אזו קאם איין געשרייא רבי אליעזר דער האט בון רבן גמליאל אום דאש חיות גיבראכט · דא זאגטן דיא לייט ווידר זיא וויא האשטו עש געווישט אז דיין ברודר אישט גשטארבן · דא זאגט זיא איך האב אלזו מקבל געוועזן פֿון מיינם פֿאטיר דש אל דיא פפֿורטין זיין צו גלאסין זובדר דיא פפֿורט וועןמן איינם צו און רעכֿט אין חרם טוט · דער הלבן זאל קיינר ווידר איין גנץ קהל טון דען וויא וואל אז דער רבי אליעזר איין קעשטליכֿר מן אישט אונ׳ האט דאך פֿר הקבה געוואכן געהט באך דענוך האטן זיא אים אין חרם גיטון דען מן זאל ניט ווידר איין גנץ קהל טון ווען אין שון דוכֿט ער האט רעכֿט גיטון אונ׳ זאל דיא פֿרום לייט בייא אים האן אונ׳ זאל גידענקין וואל וואש צום לעצטין דער פֿון קומן קאן :

קלו בחיי היביא המעשה פרשה תרומה דף ק

מעשה געשאך עש פֿורן איין שיף פֿול מיט סוחרים איברים אונ׳ זיא האטן דאש שיף פֿול מיט סחורה אונ׳ בייא דיא סוחרים אין שיף דא וואר אך איין גרושר תלמיד חכם בון דיא סוחרים קאמן צו רידן מיט אנבדור וויא איטליכֿר זיין סחורה האט גיקויפֿט · דא פֿראגטן זיא דען יודן אך ווא זיין סחורה ווער דא זאגט ער ווידר איך האב מיין סחורה בייא מיר דא זוכֿטין דיא סוחרים נאך דיא סחורה דען זיא מיינטן ער האט איידיל אבנים טובות בייא אים אונ׳ זיא קאנטן נישט בייא אים פֿינדן · דא שפאטיטן זיא אים דש ער קיין סחורה ניט העט דא זאגט דער תלמיד חכם וויש שפאטיט איר מיינר מיין סחורה דיא איך בייא מיר האב דיא איז פֿיל בעשיר אז אייערן סחורה דיא איר אין דען שיף האט · נון עש בינאב זיך אז זיא בון ווייטר אויף דש ים פֿורן דא קאמן גזלנים איביר זיא אונ׳ נאמן איר אל איר סחורה דיא זיא הטין אין דען שיף אונ׳ דא זיא נון קאמן אויף דש לנט דא וואר זיא גנץ ארים אונ׳ הטין נישט צו עשין אונ׳ נישט צו טרינקן אונ׳ הטין אך קיין קלייד ניט אן צו טון · וויש טעט דער תלמיד חכם ער גינג אין דער שטט אונ׳ גינג אין דש בית המדרש ארין דא הורטן דיא לייט וויא ער אזו איין קעשטליכֿר מאן אישט · פֿלוקש קליידן זיא אין אונ׳ גאבן אין אך פֿיל געלט אונ׳ דיא קעשטליכֿר לייט דיא אין דער שטט ווארן דיא גינגאן מיט אים ארויש אונ׳ וויא בון דיא סוחרים זעהן אזמן דען יודן אזו איין גרושר כבוד טעט אזו גינגאן

זיא

זיא ווידר צו אין אונ' בעטן אין מחילה אז ער פון זיא אזו וואר פר שפאט
גיווארדן אונ' באטן אין ער זאלט פר זיא ביטן דיא שטאט לייט אז מן
זאלט אין עפיש צו עשין געבן אז זיא ניט זעלטן הונגיר שטערבן דען
ער האט וואל גיזעהן אז מן דש אירן האט גינומן אין שיף · דא זאגט דער
תלמיד חכם האב איך עש אייליש ניט פור גיזאגט דז מיין סחורה
אישט בעשיר אז אייערן סחורה דען אייער סחורה האט איר פר לורן ·
אונ' מיין סחורה האב איך נאך · אונ' נאך מין איינר דער מיט סחורה
הנדלט דער גיווינט ניט אל צייט אין מאל גיווינט ער אין מאל ור לירט
ער אונ' ווען ער שון גיווינט אזו וייש ער ניט אוב אין דער גיווין בלייבט
אדיר ניט אביר דיא תורה דיא בלייבט איביג אויף דען עולם אונ'
אויף יענם עולם דער הלבן האב איך וואר גיהט מיט מיינר סחורה
דיא איך בייא מיר האב :

קלז פרק ששי היביא המעשה הזאת בשני חכמים

מעשה גישאך עש זאגט רבי יוסי בן קסמא איך בין איין מאל איבור פעלט גיגנגאן דא אישט מיר איינר ביגעגנט
דער האט מיר שלום גיגעבן אונ' איך האב אים ווידר שלום גיגעבן דא
האט ער מיך גיפראגט ליבור רבי וואו זייט איר הער · דא האב איך
ווידר גיזאגט איך בין אויש איינר שטט דא איידיל תלמידים חכמים
אונ' סופרים אינן זיצן · דא זאגט דער מן ווידר מיך ליבור רבי וועלט
נוט איר זעלט בייא אונש וואנן אין אונזר שטט אונ' איך וועלט דיר געבן
הונדרט טויזנט גילדין אונ' אבנים טובת ומרגליות גיבונגן דא הוב איך ווידר
אן גיזאגט מיין זון ווען דוא מיר שון געבשט אל דש געלט אונ' אל דיא
אבנים טובות ומרגליות דיא אין דער גנץ וועלט אישט · דא וועלט איך
דאך ניט וואנן ביארט אין איינר שטאט וואו מן תורה לערנט · דען
ווען דער מענש שטערבט דא בלייטן אין ניט קיין געלט נאך זילביר
נאך אבנים טובות נאך פערליך ביארט דיא תורה דיא גיט מיט אים
אויף יענן עולם אז דער פסוק גיט אין דיינם גין אויף יענן עולם דא
וועט דיך דיא תורה פירן אונ' וועט מיט דיר גין אין דיינם ליגן אים
דיינן קבר דא וועט דיך דיא תורה היטן אונ' אין היינם אויף אבט וואכן
דש מיינט אויף יענום עולם דא ווערט דיא תורה דיין פיר שפריך
זיין פור הקבה דער הלבן ורעג איך ניקש נאך געלט · אלש אך דוד
האלך אין זיין ספר תהלים גיזאגט האט הקבה שפריכט ווידר דען
קינג דוד עש איז מיר פיל ליבר דיין תורה דיא דוא פור מיר לערנשט

וועדר אלי טויזנט אונ׳ הונדרט גילדין אונ׳ הקבה שפריכט צו מיר אישט דש געלט אונ׳ גולד איך קאן אײנם רייך מאכן ווען איך וויל דער הלבן זאל איין מענש אל צייט תורה לערנן אונ׳ זאל ניט נאך געלט שטין דען ווען אײנר שון מײנט ער האט ויל געלט דא קאן אינש הקבה אל צייט גרינגליך שידן דש ער וליקש דרום קומט · אונ׳ אך ווען אײנר דיא תורה לערנט זא קאן אין הקבה בלד רייך מאכן אז איר וואל דא פון דיא צוויא מעשים האט גיהערט · דער הלבן זול איין איטליכר זעהן דש ער דיא תורה מערט אונ׳ זאל זיך פר לאזין אונ׳ פר טרויאן אויף גוט דער אלמעכטיג דער אימש וואל בישערן קאן אל צייט :

## קלח

מעשה גישאך עש גינגאן איין מאל דרייא מאנן איבר ועלט און אײנם ערב שבת אונ׳ עש וואר שפאט דז שיר שבת זעלט זיין דא שפראך אײנר ווידר דען אנדרן וייש ווען מיר טון דער וועג איז זער מסוכן מיט גזלנים אונ׳ אך פיל בײזן חיות לויפן אין דיזם וואלד עש איז ויל בעשיר דש מיר פורט גין אונ׳ קומן פון דיזם בויבזן ווען דא מיט דש מיר אונזר חיות קענטן מציל זיין ווען דור דש מיר זעלן דען שבת היטון אונ׳ זאלן היא בלייבן אונ׳ דיא גזלנים אדור דיא בײזן חיות דיא זיין אונש מזיק · דער נאך וואר אײנר אונטר אינן דער שפראך איך וויל ניט פון הינן ווייכן ביז שבת אויז גיט אונ׳ וויל ניט מחלל שבת זיין · דען הקבה האט זעלבש דען שבת גיבאטן דש מיר אין זאלן הוטן · דער הלבן וויל איך ניט פון הינן ווייכן דען הקבה קאן מיך דענוך ביהיטן ואר אלין בײזן · דיא אנבדרן צוויא גינגאן פארט אונ׳ ווארן מחלל שבת אונ׳ דער בליב דא אליין אונ׳ וואלט ניט מחלל שבת זיין אונ׳ שלוג דא אויף זיין גיצעלט אין דעם פעלט אונ׳ ריכט זיין טיש אונ׳ מכבד שבת אונ׳ וויא ער נון עשן וואלט דא קאם איין גרושר בער דער זיין לעב טאג קיין מענש האט גרעשיר גיזעהן אונ׳ דער בער דער זעצט זיך נעבן דען חסיד אונ׳ וויא דער חסיד דען בערן זאך אזו גאב ער אים איין שטיק ברוט צו עשן אונ׳ דער בער אש מיט אים אונ׳ דער חסיד וארכט זיך ניקש פור אים אונט דא נון דער חסיד גיגעשן האט דא בענשט ער אונט לײגט זיך אין בידור אונט שלוף אונט דער בער לײגט זיך אך בייא אים איין בידור אונ׳ שלוף אך אונ׳ וויא נון דער חסיד אבטוואכט דא זאך ער דען בערן בייא אים ליגן דא וואר ער ורוא דאש דער בער אים נישט גיטאן האט אונבט

לובט

לובט הקבה זיין הייליגן נאמן דאש ער אים בישיראט האט פֿר דען בערן · צו מארגנש אורט דער חסיד ווידר אונ׳ ריכֿטיט ווידר זיין טיש אונ׳ אש ווידר מיט אים. דער בער אונט צו אבנט ווידר דעש גלייכֿן אונט וויא נון שבת אויז וואר דא אורט ער מעריב אונט מכֿט הבדלה אונ׳ גינג פֿר זיך זיין שטרויש אונט דער בער גינג אלש אך מיט איבן זיין שטרויש דיא זעלבין נכֿט · אונ׳ אין דיא זעלבין נכֿט גינגאן דיא גזלנים אויף דעם פֿעלד אונט פֿאנדין עבין דיא צווייא דיא דא העטין מחלל שבת גיוועזן אונ׳ בינגלת דיא צווייא אונט נאמן אל איר גוט · אין דעם קאם דער איין חסיד אך דער צו מיט דעם בערן · אונט וויא דער בער זאך דיא צווייא דא שפראנג ער אויף זיא צו מיט גרושן צורנן אונ׳ צו רויש זיא אלי ביידי דיא דא האטן מחלל שבת גיוועזן · וויא נון דש דער חסיד זאך דא דער שראק ער גאר זער דען ער פֿארכֿט זיך זייבראך · אונ׳ דיא וויל קאמן אך דיא גזלנים אונ׳ פֿראגטן ווער בישטו דא זאגט ער איך בין איין יוד דען ער וואלט זיך פֿר קיין יוד ניט פֿר לייקבן דען ער פֿר טרויאט צו הקב״ה דער אים האט בישעראט פֿר דען בערן · דער ווער אין אך בישעראן פֿור דיא גזלנים זא שפראכֿן זיא ווא קומשטו הער דא זאגט ער איך קום פֿון הויז דעש קינגש דא זאגטן זיא פֿון וואנן קומט דיר דער בער הער אדיר ווער האט דיר דען בער געגעבן · דא זאגט דער חסיד דער קינג האט מיר אים מיט גיגעבן דש ער איין גלייטש מאן זאל זיין דש מיר קיינר ביקש טון זאלט · דא זאגט איינר ווידר דען אנדרן וויא גאר ליב מוז דער קינג דען מאן האבן דש ער אים דען בערן מיט געבן האט צו אייבם גלייטש מאן · דא שפראך דער אנדר פֿיליכֿט מעכֿט ער אונש פֿר ראטן וויא מיר גזלנים זיין אונ׳ דער קינג מעכֿט אונש לאשן הענגאן · מיר ווען אים אל אונזר געלט געבן דא מיט דאש ער ביוארט מעכֿט שוויגן שטיל · אונ׳ אלזו גאבן זיא אים דאש מאן אלש דש ער זיא ניט זעלט פֿר מסרן אונט בילייטטן אים איין היים אין זיין הויז · אונט וויא נון דער חסיד שיר איך היים קאם אין זיין הויז דא גינג דער בער ווידר זיין שטראש ווידר הין וועק · דער הלבן זול איין איטלכֿין דען שבת הלטין אונט לאשין הקב״ה וואלטין דער קיין אין דוך וואל בישעראן פֿור גזלנים אונ׳ בייזן טירן · וויא איר אין דיזים מעשה האט טון גאר וואל מארקין אונ׳ שפירן אונ׳ זאל זיך ניט לאשן פֿר פֿירן :

מעשה גשאך אן איינם דער היש רבי יהושע דען טרויאט איין טרוים ווא ער זאלט איין חבר האבן אין גן עדן דער היש ננוס בן איש כפר אוב׳ וויא ער בון צו ווארגנש אויף שטובד דא גידאכֿט ער אן זיינם טרוים אוב׳ גינג צו שטאט צו שטאט ביז ער גיוואר ווארט ווא דער ננוס זאש וויא נון רבי יהושע קאם אן דיא שטאט דא דער ננוס דרינן זאש׳ דא קאמן אים דיא עלשטן לייט דיא אין דיא גנצן שטאט אבטגנאן אוב׳ ווארן אים זער מכבד אוב׳ וואלטין אים מיט זיינם תלמידים צו עשין אובט צו טריבקן געבן׳ דא זאגט רבי יהושע צו אינן איך וויל ניט עשין נאך ניט טריבקן׳ איך וויל פֿור גן צו איינם דער היישט ננוס בן איש כפר דער זאל מיין חבר זיין אין גן עדן דא וויל איך פֿון אין זעהן וואש פֿר איין גוטן ווערק ער אן זיך האט דאש ער זוכה אישט אין גן עדן דער נאך וויל איך עשן אוב׳ טריבקן מיט אייך׳ דא זאגטן דיא עלטשטן ווידר דען רבי יהושע וויש האט איר מיט דען ננוס שיקן ער אישט ניט ווערט דאש ער בייא אייך שטין זאל׳ דא שפראך רבי יהושע נאך דעבוך וויל איך אין זעהן וויא וואלדש איר אין אל פֿר אכֿט׳ דא לופֿן דיא לייט צו דען ננוס אוב׳ זאגטן צו אים ער זאלט צו רבי יהושע קומן ער וואלט זייבר וואש דא לכֿט דער ננוס דען ער גלובט אין ניט אוב׳ וואלט ניט קומן אלזו גינגאן דיא לייט ווידר צו רבי יהושע אוב׳ זאגטן ליבר רבי ער וויל ניט קומן ער מיינט איר שפאטן זייבר׳ דא שטובד רבי יהושע אויף מיט אל זיין תלמידים אוב׳ מיט אל דיא קוישליכֿן לייט דיא אין דיא שטאט ווארן אובט גינגאן צו דען ננוס אין זיין הויז׳ אוב׳ וויא דער ננוס דען רבי יהושע זאך דא דער שראך ער נאר זער אוב׳ גינג דען רב אבט גנאן אוב׳ פֿיל אים אויף זיינן פֿיש אוב׳ שפראך צו אים וויש ביט״ט דש אזו איין קעשטליכֿר רב דער דא אישט גגליכֿן צו איינם מלך צו מיר אין מיינם הויז קומט אוב׳ איך בין אזו נאר שופֿל מער אלש קיין מענש׳ דא זאגט רבי יהושע צו אים ליבר זאג דוא מיר וויש דיין גשעפֿט זיין אויף דיזר וועלט דער הלבן בין איך העער גקומן דאש איך דיך דש זעלבג וויל פֿרעגן׳ דא שפראך דער ננוס ליבר רבי איך בין בעוה איין גרושר עבי אוב׳ האב בישט מיין אלש איין גארטן דא ארבט איך אלי טאג דרינן׳ אוב׳ האב איין אלטין פֿאטיר אוב׳ איין אלטין מוטיר אובט זיא זיין אלי בייד אזו אלט דש זיא אלי בייד ניט קעבן פֿון דער שטאט גן׳ אוב׳ איך ווארט זיא

אלי

אלי בייד מיט קליידר אונ׳ מיט עשן אונ׳ מיט טרינקן אונ׳ היב זיא אונ׳ טראג זיא ווא עש זיא פֿון ניטן טוט· אונ׳ אויש דעם גארטן דער נער איך זיא· דא ענטפֿרט אין רבי יהושע וואל מיר דאש איך זאל איין געזעלין חבר האבן אין גן עדן· דען עש אישט קיין גרעשיר מצוה אלז דש מן פֿאטיר אונ׳ מוטיר זאל ערן· דא טוט אים ווידר הקב״ה לאבן לעב טאג בישערן· אלש דער פסוק זאגט כבד את אביך ואת אמיך למען יאריכון ימיך דש איז טייטש ער פֿאטיר אובט מוטיר אים ווילן דש דוא לנג לעבן בלייבשט:

קם

**מעשה** געשאך אן רבי מאיר דער וואנט צו בבל אונ׳ ער גינג אלי יאר אויף גען ירושלים אונ׳ אובטר וועגן וואר ער אל מול צו דער הרברג ביא איין קצוף דער היש יודא דער האט איין פֿרום וייב דיא טעט דען רבי מאיר גרוש ער אן ווען ער צו איר קאם דען ער וואר איין גרושר קעשטליכר מאן וויא מיר אך וואל פֿון אין הערן אין דער גמרה מיט עשן אונ׳ טרינקן הילט זיא אים גאר וואל אונ׳ הילט אים איין איינן בעט אונ׳ אלש וואש ער בידארפֿט· דא בינאב עש זיך איין מאל דש דיא יודן שטורב אונ׳ דער קצוב דער נאם איין אנדיר וייב אונ׳ ער ביפֿול איר ווען רבי מאיר ווערט קומן אזו זאל זיא אין אך גרושר ער אן טון וויא זיין ערשט וייב האט געטאן אונ׳ וויא נון רבי מאיר ווידר צו אים קאם צו דעם קצובה דא גינג ער אין זיין הרברג וויא זיין סדר וואר· דא זאך ער זיא איין אנדרן וייב דרינן וואר דאש ער ניט קענבית· דא פֿרעגט רבי מאיר ווא איז דעש בעל הבית וייב· דא ענטפֿרט זיא אים זיא איז לנג געשטארבן אונ׳ דער קצוב האט מיך גנומן צו איינם וייב· אביר ער האט מיר ביפֿולן ווען דא ווערט קומן רבי מאיר דא זאל איך אין גאר זער מכבד זיין אונ׳ זאל אין גאר פֿרייבט ליך אנטפֿנגאן אובט דאש וועלט זיא גערן טון מיר ווידר דיא ערשטן פֿרויא· וויא נון דש רבי מאיר הורט אז דיא ערשטן פֿרויא געשטארבן וואר גינג ער אויש דעם הויז אובט געהילט זיך גאר איביל אום זיין גוטן וירטן דש זיא געשטארבן וואר· דא קאם דער קצוב אונ׳ פֿאנט דען רבי מאיר פֿר זיינם הויז שטין אונ׳ דער קצוב אנטפֿינג אין אונ׳ זאגט ליביר רבי ווארום גיט איר ניט אין מיינם הויז וויא אייער סדר אישט וויא קומט אז איר דש מאל ארוישן שטיט איך האב דאך איינר פֿרויאן ביפֿולן זיא זאל אייך אזו וואל הלטין אז מיין ערשט וייב· דא גינג דער

רבי

רבי מאיר מיט אים אין זיין הויז הבין דא גינג דיא פֿרויא אונ׳ הולט בון
וואש זיא בדרפֿט אין הויז אונ׳ מכֿט אין עסיש צו עשין אונ׳ גאב אין גוטן
גיטרענק אונ׳ טעט אים גרוש ער אן מיט אלן דינגאן · אונ׳ דער רבי
מאיר וואר איין היפשר מאן אונ׳ דש וויב דיא גיוואן איין גרושן לושט צו
אים אונ׳ האט אים גאר ליב אונ׳ זיא וואשטעש אביר ניט וויא זיא טון זאלט
דש ער זעלט אין נכֿט בייא איר ליגן · עש וואר איין מאל איין נאכֿט
דא וואר ניאץ דער היים דא מאכֿט זיא אים גוטן שפייז אונ׳ זיא טעט
אים גאר גודליך אונ׳ זיא טראנק מיט אים אזו לנג ביז ער טרונקין וואר
דש ער ניט וואשטע וייש ער טעט אונ׳ דיא פֿרויא ליש אים שלופֿין
גין אונ׳ זיא לייגט זיך בייא אים דש ער ניט גיוואר ווארד אין אירן בייא ליגן
אודר אן אירם אויף שטין · צו מארגנש דא ער בון ווידר אויף שטובד
דא טעט ער זיין תפילה וויא זיין סדר וואר צו טון אונ׳ וויא ער בון איש
גיאורט האט ריכֿטיט אים דיא ווירטין דען טיש אונ׳ אש אונ׳ טראנק מיט
אים אונט זיא טריב פֿיל שימפא מיט ווארטין איביר דעם טיש מיט
אים דש זיך רבי מאיר פֿר וואנדרט דש דיא פֿרויא אזו גאר עזות זייא
אונ׳ ער שעמיט זיך פֿר איר אונ׳ וואלט זיא ניט אן זעהן · דא שפראך
דיא פֿרויא ליבר רבי ווארום שעמיט איר איך איצונדר אלזו זער האט
איר דאך היינט דיא גאנצין נכֿט בייא מיר גישלאפֿן אונ׳ איר האט אייך
ניקש גישעמט אונ׳ ווארום שעמט איר אייך איצונדר אזו גאר זער · דא
דער שראך רבי מאיר גאר זער אונט זאגט דאש אישט ווארליך ניט
גישעהן · דא זאגט זיא דיא פֿרויא דעם רבי מאיר אזו פֿיל סמנים דז
ער אן זיין לייב האט דש ער איר גלויבן מושט · וויא ער נון הורט דאש
עש בעוה וואר אישט דא שריא ער גאר זער אונ׳ גיהלט זיך גאר איביל
אונ׳ זאגט אוויא וויא האב איך אל מיין תורה אונ׳ אל מיין מצות דיא איך
אל מיין טאג גיטאן האב אונ׳ האב פֿיל דריביר גיארבט אונט איצונדר
האב איך זיא אל אויף איין מאל פֿר לורן אונ׳ מוש אין גיהנום דרום ליידן
אונ׳ זאגט איך וויל גין צו דעם ראש ישיבה אונ׳ וויל אים מיין קומר קלאגן
וויש ער מיך היישט דש איך זאל טון צו דער גרושר עבירה דאש וויל
איך גערן טון · אונ׳ גינג איין היים מיט גרושר קלאג אונט זיין מנטיל
צו רישן אונ׳ ערד אויף זיין קאפא גישפרייט · דא קאמן אל זיין גזינד
אונ׳ פֿראגטן אין וייש אים גישעהן וואר דא זאגט ער אים דיא שמועה
וויא עש אים ווער גנאנגן דא דער שראקין דאש גזינט גאר זער אונ׳
פֿרעגין אין וייש ער העט אין זין צו טון · דא זאגט ער איך וויל גין צום
ראש ישיבה אונ׳ וויל איאש זאגן אונ׳ אלש וייש ער מיך ווערט היישן דש
וויל

וויל איך אלש טון · דא פֿר ווערטין אים אל זיין גזינט ער זאלט עש
בליבן לאשין וויל ערש יוא ניט האט גטון מיט גוטן ווילן וויל ער יוא קיין
ווארט ניט דרום גוויסט האט דא ווערט אים הקנה פֿר געבן דאך
וואלט ערש ניט טון אונ׳ גינג צום ראש ישיבה אונ׳ זאגט עש אים וויא
עש אים ווער גגנגאן מיט דער פֿרויאן דער הלבן וועלט ער תשובה
הבן פֿון אים · דא שפראך דער ראש ישיבה קום מארגן ווידר זא
וויל איך זוכן דער נאך וויש דיין תשובה אישט · צו מארגנש קאם
דער רבי מאיר ווידיר דא זאגט דער ראש ישיבה איך האב דער נאך
גזוכט אונ׳ האב גפֿונדן דש דיך דיא חיות רעות זולן עשן דש אישט
דיין דין דען דוא פֿר דינט האשט · דא שפראך רבי מאיר אישט
דער דין אזו דא וויל איך אין גערין אויף מיך מקבל זיין · אלש בלד דא
גבוט דער ראש ישיבה צווין שטערקין מאנין דש זיא דען רבי מאיר
זאלטין אין איין ווילדן וואלט פֿירן דא בייזן חיות דארינן זיין אונ׳ זאלטין אין
אן איינם בוים בינדן · אונט זיא זאלטין אך אויף איינם הוכן בוים
שטייגן אונט זאלטין זעהן וויא עש אים גינג אוב אין דיא חיות עשן ·
אונ׳ ווען נון דיא חיות אין געשן הטן אזו זאלטן זיא אים דיא ביין
ברענגאן זא וואלט ער אום אין קלאגן וויל ער האט אויף זיך מקבל
גוועזן דין שאים · אלזו פֿירטן זיא אים אין איין וואלד וויא דער ראש
ישיבה האט גהיישן אונט באנדין אין אן איינם בוים אונט אין דער
מיטר נכט דא קאם איין גרושר ליב אונ׳ ברומט אונ׳ שמעקיט אן אין
אונ׳ גינג ווידר איין וועק דא זאגטן דיא צוויא מאנן דען ראש ישיבה
וויא אים דער ליב ניקש גטאן האט דא זאגט דער ראש ישיבה מן זאל
אים נאך איין נכט דא גבונדן לאשין · דיא אנדר נכט דא קאם דער
ליב ווידר אונ׳ ווענדד דען רבי מאיר אום אונ׳ גינג אביר איין וועק זיין
שטרויש · דא זאגטן זיא עש אביר דען ראש ישיבה וויא דער ליב ווער
ווידר דיא נכט גקומן אונ׳ העט אים אביר ניקש גטון דא זאגט דער
ראש ישיבה מן זאל אים נאך דיא דריט נכט לאשין גבונדן · דיא דריט
נכט קאם דער ליב ווידר אונט ביש רבי מאיר איין ריפא אויש זיינם
לייב אונ׳ אש ניקשט מין דער פֿון אלש איין איל בער גרוש אונ׳ ליש אים
ליגן דא נאמן דיא צוויא דען רבי מאיר אונ׳ פֿורטין אין פֿר דען ראש
ישיבה דא ליש ער אים ווידר היילן אונ׳ וויא נון רבי מאיר אין היים
קאם אין זיין הויז דא קאם איין שטים פֿון הימל אונט זאגט רבי מאיר
דוא בישט ברייט צו עולם הבא דער הלבין זאגט דער פסוק אישה רע
סר ממות דאש אישט טייטש איין בייז ווייב דאש אישט ביטרר אלש דער

טוט · דער הלבן זעלט וואש דען רבי מאיר גישאך וויא וואל דש ער קיין ידיע דער בייא גיהט האט אכל שכן ווען איינר חו דיא עבירה באיזיד טעט דער הלבן איר ליבן לייט זאל זיך איין איטליכר פיר זעהן · דש עש אים חו אך ניט טוט גישעהן :

## קמא

מעשה אלכסנדר מוקדון דער וואר איין גיוואלטיגר קיניג דש ער דען גנצים עולם ביצוואנגן אונ׳ וויא ער נון דען גנצים עולם ביצוואנגן האט · דא זאגט ער צו זיינן קנעכטן אונ׳ הערין זיא זאלטין אין פאר איין גוט הלטין אונ׳ זאלטין אין אן ביטן דא זאגטין זיינן ווייזן אונטר דיא קנעכטן ווידר אין ער ווער נאך ניט גיוואלטיק איבר ירושלים אונ׳ איבר דש בית המקדש דא צוג ער הין אונ׳ ביצוואנג אך ירושלים אונ׳ וואלט האבן זיא זאלטן אין אן ביטן פאר איין גוט דא זאשן דרייא חכמים פיר אים · דא שפראך דער איינר ווילשטו ווידר דיינם הערן טון אין זיינם הויז גיא אויש זיינם הויז זא וויל איך דיך פר איין גוט הלטן אונ׳ זיין הויז אישט היאול אונ׳ ערד · דער אנדר שפראך דוא בישט קיין גוט דער גוט האט היאול אונט ערד בישפין אונ׳ דוא ניט · דער דריט שפראך ווארט איין קליין וויל איך האב נאך עפיש צו שיקן דער נאך וויל איך דיך פאר איין גוט הלטין · דא שפראך דער אלכסנדרוס וויש ווער עש דען · דא שפראך דער חכם איך האב איין שיף אויף דעם ים גין אונ׳ דאש שיף וויל איצונדר אונטר גין · דא שפראך דער מלך איך וויל דיר פלוקש איין שיף אכטגיגאן שיקן דש דיינם שיף זאל איין הילף זיין · דא שפראך דער חכם ליבר קיניג אי דאש שיף קומט אזו אישט דאש שיף אונטר גיגנגאן · טוא אביר דאש שיק מיר איין ווינק ווינט דש עש פלוקש הין וועק קומן קאן · דא שפראך דער קיניג וואו זאל איך דען ווינט נעמין · דא שפראך דער חכם ליביר קיניג ווען דוא יוא קיין ווינט צו גיוואלט האשטו זא בישטו אך קיין גוט ניט דען עש שטיט גישריבן דש גוט האט בישפן היאול אונ׳ ערד · אונ׳ דיא לייט אויף דיא ערדן · דא שטונד דער מלך אויף אונ׳ גינג איין היים צו זיינם וויב אונ׳ זאגט איר וויא עש גיגנגאן ווער · אונ׳ באט זיין וויב זיא זאלט אין פאר איין גוט הלטין · דא זאגט זיין וויב ליבר מאן דאש וויל איך גערן טון · אביר דוא האשט איין פיקדון דען האט מן דיר אויף צו הלטין געבן דען גיב דוא פאר ווידר דער נאך וויל איך דיין ווילן טון אונ׳ וויל דיך פאר איין גוט הלטין דא זאגט

דער

דער מלך וויש אישט דען עש פֿאר איין פיקדון דא שפראך דש ווייב
דיין נשמה דיא האט דיר הקב״ה געבן דיא זאלשטו פֿאר ווידר געבן·
דא שפראך דער מלך ווידר ווען איך דיא נשמה זאל ווידר געבן וויש
זאל איך דען טון ווען איך ווער קיין נשמה האבן· דא שפראך זיין
ווייב דוא בישט דייבר זעלבש ניט מעכטיג אונ׳ ויא וולשטו דען איינש
מעכטיג זיין אונ׳ וולשט איין גוט זיין· דא ער נון דאש הורט דא שטאט
ער זיך אונ׳ ליש פֿון זיינם בזן גידנקין אב:

קמב

# מעשה

גישאך אן איינם דער היש רבי טרפון דער האט
איין מוטיר דיא קאנט ניט גין פֿאר עלטיר ווען אונט
ער טרוג זיא ווא זיא הין וואלט אונ׳ וואו זיא הין בגערט אונ׳ ער גאב איר
אל צייט דאש בעשט צו עשין אונ׳ צו טרינקין אונ׳ אלש דאש גוט טעט
ער איר אש בייארט צו טון אישט מיט גנצים פֿלייש אונ׳ מיט גרושר
מיא אונ׳ ארבייט· איין מאל גינגאן דיא חכמים צו רבי טרפון מוטר אונ׳
פֿראגטן זיא וויא עש איר גינג אוב איר אך איר זון פֿיל גוץ טעט אונ׳ אוב
עש איר אך נישט אב גינג דש עש איר עפיש גיברעך· דא דנקט
זיא דעם זון אונ׳ וואשטט ניט וויא זיא אים לובן קאנט אונ׳ וויא גרושר
ארבייט אונ׳ מיא ער מיט איר האט· דא שפראכן דיא חכמים אונט
ווען ער באך טויזנט מאל אזו פֿיל טעט דאך טעט ער ניט גינוג· דען
פֿאטיר אונ׳ מוטיר צו ערן דש האט קיין שיעור מן קאן עש ניט צו פֿיל
טון· איין מאל קלאגט רבי ישמעלש מוטיר איביר אירן זון· ער וויל זיא
ניט ערן וויא זיא עש האבן וועלט פֿון אין· אונ׳ דיא חכמים· שעמטן
זיך פֿור אין דאש זיא אימש זעלטן זאגן דען ער וואר איין קוישליכר
תלמיד חכם אונ׳ ער ערט זיין מוטיר ניט אונ׳ זיא פֿראגטין דיא אלטין
מוטיר וואש דיא קלאג דען זייא דא זאגט דיא מוטיר ליבה פֿריינט דא
מיט טוט ער ניט מיין ווילן ווען ער אויש דען בית המדרש קומט מיט
זיינם בחורים זא וויל איך אים דיא פֿויש וועשין דש וויל ער ניט ליידן
אונ׳ טוט מיר קיין גיבלין דארין אונ׳ ערט מיך ניט דער מיט· דא זאגטן
דיא חכמים וויל זיא עש יוא האבן וויל אונ׳ הלט עש פֿאר איין
כבוד זא זאלט ער זיא יוא לאשן וועשין דען ער ווער
זיא אך מכבד דאר מיט:

מעשה גשאך אן איינם מאן דער זאש אין ארץ ישראל אונט ער וואר דער בעשט בייא דעם אלך אונ׳ וואר איין רייכר פֿרומר מן · אונ׳ ער וואשטט אל דינג וואש גשעהן זולט אונ׳ דא ער בון אלט וואר׳ דש ער בון שטערבן זאלט אונ׳ ער האט איין זון דער היש רבי חנינה דער קונט כל התורה אונ׳ ווען ער זאלט בון שטערבן דא שיקט ער נאך דען זון אונט טעט אין צוואה דאש ער זאלט תורה לערנן טאג אונט נכֿט אונ׳ הלט אך דיא מצות אונט זייא דיא עניים גטרייא דען ער אונ׳ זיין מוטיר ווערן שטערבן אין אכֿט טאגן אונ׳ דיא שבעה ימים ווערן עבן אויש זיין אם ערב פסח אונ׳ ער זאלט ניט זער אום זיא טרויארן · אונ׳ ווען ער פֿון דיא שבעה ימים אויף שטיט דא זאל ער אויף דעם מרק גן אונ׳ וויש ער אם ערשטן פֿייל פֿינט דאש זאל ער קויפֿן · ווען אן עש וועלט שון טייאר געבן · ווער עש עפיש אז מן קעגט אויף ציהן אזו זעלט ערש הלטין אונ׳ זעלטט עש אויף ציהן מיט גרושן ערן דען עש ווערט דיר דיין מיא גאר וואל ביצאלן · אביר ער וועלט אים ניט זאגן וויש עש זיין ווער · אונ׳ וויא ער בון זיין צוואה אויש האט גטון אזו שטורב ער אונט זיין וויב אויף איינם טאג וויא ער בון גזאגט האט אונ׳ דער זון רבי חנינה דער הילט וויא אים זיין פֿאטיר צוואה האט גטאן · אונ׳ וויא עש בון אם ערב פסח קאם דש ער פֿון שבעה ימים אויף שטון דא גינג ער אויף דעם מרק דא בגעגנט אים איין אלטיר מאן דער האט איין הימש זילברן כלי פֿייל דא שפראך רבי חנינה וויא וילשטו מיר דש זילברן כילה געבן · דא שפראך דער מאן אום אכֿטציק גילדן אונ׳ ער בוט אים זעכֿציק גילדן דרויף דא שפראך דר אלט מאן איך גיב עש ניט לסוף ער קויפֿט עש ווען עש שון טייאר איש גוועזן בייארט דז ער זין פֿאטרש צוואה זול הלטין · אונ׳ דיא ערשט נכֿט פֿון פסח דש מן זעלט דען סדר זאלט געבן דא זעצט ער דאש כילה אויף דעם טיש אונ׳ וויא ערש אוין טעט דא פֿאנט ער נאך איין כילה דרינן אונט ער טעט דאש אנדר כילה אך אויף דא פֿאניט ער איין פֿראש אין דען כילה זיצן אונט דיא פֿראש וואר גאר פֿריליך אין דעם כילה מיט טנצין אונט מיט שפרינגאן אונ׳ ער גאב דיא פֿראש צו עשן אונט צו טרינקן · אונט אי עש פסח אויש גיט אזו וואר עש איין גרושיר פֿראש דרויש דאש עש ניאיר אין דאש כילה קעניט גין אונט דער רבי חנינה דער מאכֿט דען פֿראש איין קליין

שענקלין דש ער דען וראש דרינן זעצט אונ׳ נאב אים עשן אונ׳ צו
טרינקין דש אים דער שענקלין אך צו קלין וואר׳ אונ׳ ער בויאט
אים איין קאיר דז ער דיא פֿראש איגן זעצט אונ׳ ער הילט דיא פֿראש
אזו גאר וואל מיט עשין אונ׳ טרינקין דש ער אלש מיט דער פֿראש פֿר
צערט וויש ער ניהט העט אונ׳ דש טעט ער אלש דרום דש ער זיין
פֿאטריש צוואה ניט וועלט שוועכין אונ׳ ער וואר אזו גאר ארים דש ער
נישט מין האט ניהט׳ דא גינג זיין וויב מיט אים אין דיא קאיר אונ׳ זאגט
ווידר דיא פֿראש ליבור פריינט מיר קענן דיר ניאן צו עשן געבן דען
מיר האבן נישט מין מיר האבן אלש איבור דיר פֿר צערט דא הוב דיא
פֿראש אן צו רידן מיט איגן אונ׳ שפראך ליבור רבי חנינה גיגלט דיך
ניט אזו איבל וויל דוא מיך האשט אויף געצאגן אונ׳ דער נערט האשט׳
בינער דוא פֿון מיר וויש דיין הערץ בינערט דש זאל דיר ווערדן אונ׳
וויל דירש געבן׳ דא זאגט רבי חנינה איך בינער וויטר נישט מין דען
דש דוא מיך ווילשט כל התורה לערנן׳ דא שפראך דיא פֿראש יוא
דש זאל דיר ואר היישן זיין אונ׳ לערנט אין כל התורה אונ׳ לערנט אין אך
שבעים לשונות דש ער קענט אליר לייא שפראך ואר שטין אונ׳ אלזו
לערנט ער אין ער נאם איין פפייאר אונ׳ שריב עטליכֿיר ווערטיר
דרויף אונ׳ ליש רבי חנינה איין עשן דא קונט ער אלש אונ׳ קונט אך
שבעים לשונת דאש ער אלי שפראך קענט פֿאר שטין עש ווער
חיות אוביר עופות אונ׳ דער וראש שפראך ווידר רבי חנינה וויב
דוא האשט מיך וואל גיהלטין אונ׳ איך האב דיר דאך ניט גלונט דער
הלבן וויל איך דיר לונן׳ אונ׳ וויל בלד פֿון דיר שיידן׳ אביר איר זאלט
מיך בילייטן ביז אן דען וואלד אילבי אונ׳ דא ווערט איר זעהן וויש איך
אייך וויל געבן אונ׳ זיא גינגאן מיט איר ביז אן דעם וואלד אונ׳ דא זיא בון
אן דעם וואלד ווארדן דא הוב דיא פֿראש אן אונ׳ שריא איין הוך
גשרייא אונ׳ רופט אלר לייא חיות אי זיא אויש שריא דא זען בון אליר
לייא חיות דא אונ׳ עופות דיא ווערדיר ציל נאך מאש העטן דא גבוט
איגן דיא פֿראש דש איין איטליכֿר זאלט אבנים טובת אונ׳ ארגליות
גבינגן ברענגאן וויש איין איטליכֿש טראגן קאנט אונ׳ גבוט אך איגן
דש זיא זאלין אך אליר לייא גוטן קרייטר מיט זאלן ברענגאן אונ׳ גוטן
ווארצילין דעם וויב דש זיא פֿיל דינגש מיט היילן קאן אונ׳ לערנט אך
איר ווארצו איין איטליכֿש גוט אישט אונ׳ היש דאש אלש אין רבי חנינה
הויז טראגן אונ׳ וויא בון דיא פֿראש וועלט פֿון איגן גין דא זאגט זיא נאט
יתש דער מוז זיך איבור אייך דער בראן דיא ארבייט דיא איר מיט מיר

גיהט האט אונ׳ איר האט מיך ניט גיבֿרונט ווער איך בין דוך וויל איך עש
אייכֿש זאגן איך בין אדם הראשון זון אונ׳ ער האט מיך מיט לילות גיהט
אין דען הונדרט אונ׳ דרייסיק יאר דש ער בֿון חוה גישיידן אישט אונ׳
הקבה האט מיר גיוואלט גיגעבן דש איך מיך מאג פֿר שטעלן אונ׳ פֿר
ענדרן אין וויש פֿר איין גשטלט אודר פֿורים איך וויל · אונ׳ באם
רשות בֿון אינן אונ׳ גינג הין וועק · אונ׳ זיא גינגן אך איין היים אונ׳ זיא
ווארדן רייך אונ׳ זעליג אונ׳ ווארד וואל גיהלטין ביא דעם מלך וויא זיין
פֿאטיר אך וואר גיוועזן · אין דען זעלבין טאגן דא האט דער מלך פֿון
ישראל קיין ווייב אונ׳ ער וואר איין גרושר רשע דא קאמן דיא עלטשטן
פֿון ישראל צו אים אונ׳ זאגטן ווידר אין ער זעלט דוך איין ווייב נעמן
דען עש ווער ניט פֿיין אז איין מלך זעלט קיין ווייב ניט האבן · דער
ווארטן זאגן זיא אישו דש ער זאלט פֿרום ווערדן · דא זאגט דער מלך
זיא זאלטין אין אכֿט טאגן ווידר קומן זא וועלט ער זיא ווידר תשובה
געבן · אונ׳ אין דען זעלבין.אכֿט טאגן שטערבט רבי חנינה הלכות עופות
אונ׳ דרשת זיינן תלמידים אויש הלכות.עופות דא קאם איין
שווארציא ראב אונ׳ באט הקבה דש ער זאלט רבי חנינה ביהיטן פֿר
דען גרושן מומן דש ער האבן ווערט אונ׳ רבי חנינה פֿר וואנדרט זיך
דש דער ואגיל זעלכיש טעט דען ער.פֿר שטונד דז דער ואגיל זעלכיש
רידד · אונ׳ דער נאך קאם נאך איין ואגיל אונ׳ שריא אך וויא דער
ערשט ואגיל אונ׳ באט אך הקבה דש ער וועלט רבי חנינה ביהיטן פֿר
דען גרושן מומן אונ׳ רבי חנינה אונ׳ זיינן תלמידים ואר שטונן וואל
וויש דיא פֿיגל מיט אנגנדר גירעט העטן דען זיא פֿר שטונדן אך דיג
שפראך וויא דיא פֿראש אין גערבט האט וויא איר אובן וואל גיהערט
האט · אונ׳ דען זעלבין טאג דא גינגאן דיא עלטשטן ווידר.צום מלך
אונ׳ וואלטן איר תשובה האבן פֿון ווייב נעמן וויא ער זיא בישיידן האט
זיא זאלטין אין אכֿט טאגן ווידר קומן אונ׳ וויא זיא אים ורוגטן דא קאם
איין גרושר ואגיל אונ׳ טרוג איין גרויש האר אין זיינם מויל אלש דש האר
איידל גולד ווער אונ׳ דש האר וואר אזו לנג אז דער מלך וואר אונ׳ דער
ואגיל ווארף דש האר אויף דען אכסיל פֿון דעם מלך אלזו הוב דער מלך
דש האר אויף אונ׳ זאגט צו דיא עלטשטן פֿון ישראל ער וועלט קיין אנדר
ווייב נעמן דען דיא דש האר אישט גיוועזן · אונ׳ ער גיבוט ישראל זיא
זאלטין לונן אונ׳ גידענקין אונ׳ זאלטין אין ברענגאן דיא דש האר אויף
איר קאפא גישטנדן אישט · ווא אביר ניט דא וויל ער הו׳ אל פֿון ישראל
אום לאזן ברענגן · דא דער שראקין ישראל גאר זער דען זיא וואשטן

ניט וזא זיא דאש מעכש גיפינדן ווערדן בון ווארן איין טייל אובטיר ישראל דיא האטין רבי חנינה גאר ויינט וויל ער אזו ביקנט ווער מיט דעם מלך אונ׳ זיא זאגטן ווידר דען מלך עש ווער קיינר גיט דער צו אונ׳ בעשיר אז רבי חנינה דער דיא דאזיג מלכה זולן קאנט דען ער ווער איין גרושר לערניר אונ׳ אך איין גרושר חכם דען זיא מיינטין ווען ער זיא ניט קעניט ביקומן אזו ווער דער מלך פֿיינט קריגן׳ נון דער מלך ליגט עש אים אויף אז ער זאלט ציהן אונ׳ דיא מלכה זוכן אונ׳ ער טאר ניט ניין דער צו זאגן זינשט העט אין דער מלך גלייך מאית גיוועזן׳ אלזו גאבן זיא אים איינן מיט אזו וואלט ער ביאבן מיט אים האבן אונ׳ ער גינג אליין פֿארט אונ׳ זיין תלמידים טעטן אים לויה נאך ביז פֿר דיא שטט אונ׳ ער נאם צוועלף גילדן מיט אים אונ׳ דרייא לויב ברויט אויף צערונג אונ׳ ער היש זיינן תלמידים ווידר איין היים גין אונ׳ ער גינג אין וועלד אין איידל שביא ביז איבר דיא קביא דש ער גאר מיד וואר׳ אונ׳ לייגט זיך אן איינם בוים צו רואן דא הורט ער איין ראב שרייאן אונ׳ קלאגט וויא זיא אין דרייא טאגן העט ניקש גיגעשן׳ דא דאש רבי חנינה הורט דא גינג ער הין אונ׳ גאב דיא ראב איין שטיק ברויט צו עשן דא זיא איר לעבן ביהילט׳ דען אנדרן טאג הורט ער איין הונט שרייאן דער קלאגט וויא ער העט אין זעקש טאגן ניטש גיגעשן דא גינג ער הין אונ׳ גאב אין אך איין שטיק ברוט צו עשן דש דער הונט דש לעבן ביהילט׳ דא האט ער נון קיין בישן ברוט מער דען דריט טאג גינג ער אויש דעם וואלד דא שיינט דיא זון גאר הייש דא קאם ער אויף איין שיבן וויז דא ואנד ער אליר לייא גוטן בשמים דרויף וואקשין דש ער דער פֿון אש דש ער זיך ווידר דער קוויקט זיין לעבן אונ׳ קאם אן איינם גרושן בך דא ואנד ער וישר דיא וישטן נאך פֿיש אונ׳ פֿינגאן איין גרושן פֿיש דש זיא אים ניט קענטין אויש דעם וואשיר ציהן דא הולף ער אין דש זיא דעם פֿיש אויף דש לנד בראכֿטן דא וואר עש איין שינר גרושר פֿיש אונ׳ רבי חנינה קויפֿט אים דען פֿיש אב אום צוועלף גילדן אונ׳ ווארף אין גלייך ווידר אין דש וואשר דא וואר דער פֿיש ווידר בשמחה דש ער וואר ווידר דער ליזט גיווארדן אלזו גינג רבי חנינה וייטר דא זאך ער איין שטט פֿר איר ליגן דא גינג ער הניין דא וואר עש עבין דיא שטאט דש דיא מלכה דינן וואנט דא דש היפש האר זואר דער פֿין גיקומן׳ אונ׳ ער וואר אזו לנג חוקר ודורש נוך דיא מלכה ביז ער גיוואר ווארט ווא דיא מלכה וואר אונ׳ גינג פֿר דש הויז ווא דיא מלכה איבנ׳ אישט דא זאך דיא מלכה אין גיפֿערט

צום פֿענשטיר הינויש דא זאך זיא דען רבי חנינה פֿור אירם הויז
שטין דא קונט זיא אים ווא ער אזו איין גרושר חכם זייא מיט כ״ר בון
זיא זאגט ווידר דיא יועצים דונטין שטיט איין קעשטליכֿר מאן לאט אים
פֿאר איך אלזו ווארד ער איין גלאשין · ווא ער בון פֿאר זיא קאם דא
טעט ער זיין ווארד געגן דיא מלכה ווא ער עש בון וואל קאנט ווא עש
זיך אך טוט גיבירן קעגן איין מלכה אונ׳ הילט דיא מלכה אך דיא זך פֿיר
ווא עש שטין מיט דיא יודן ווען זיא ביט דען מלך בעם דא קעמן חו אל
דיא יהודים אום דש חיות דא זאגט דיא מלכה יוא איך האב דיין ריד
פֿאר שטנדין איך וויל מיט דיר דש איך נייארט יהודים מציל בין אביר
איך וויש וואל אז דוא איין גרושט חכם בישט אזו וויל איך דיך צווייא
ביט ביטן ווען דוא ווילשט מיר זיא צו ווענן ברענגן אזו וויל איך מיט דיר
ציהן ווא ביט אזו וויל איך ביט מיט דיר ציהן · דיא ערשט ביט וויל איך
דיך בעטן דש דוא מיר צווייא קריגליך מיט וואשר צו ווענן ברענגשט
איינש מיט גן עדן וואשר אונ׳ דש אנדר מיט גיהנום וואשר אונ׳ ווען
דש גישעהן אישט אזו וויל איך דיך אום דיא אנדר ביט ביטן · דען זיא
מיינט עש ווער ביט מיגליך צו קריגן אז דער אמת איז · בון מיין גוטר
רבי חנינה דער ווער גאר טרויארג · דען זיא זאגט צו אים איך וויש
וואל אז דש האר אישט פֿון מיר גיקומן דען איך האב איך איין מאל
גיצוואגן אין מיינם גארטין דא אישט איין וואגל גיקומן אונ׳ האט מיר איין
האר גינומן דרום זע אך אז דוא מיר דש צו ווענן ברענגשט אזו וויל
איך מיט דיר ציהן · בון וואש טעט דער רבי חנינה ער גינג פֿר דיא
טיר אונ׳ ווער גאר טרויארג אונ׳ טעט תפילה פֿור הקב״ה דש ער זאלט
דאך דש וואשר ביקומן · דש ער דיא יהודים קענט מציל זיין פֿר
דעם טוט אונ׳ ער ווער אזו איין וויטן ווענג גיצוגן אונ׳ העט פֿיל סכנה
גיהט אונ׳ ער זעלט ביקש אויש ריכֿטן · אין דעם קאם דער ראב צו
פֿליהן דער ער האט איין שטיק ברוט צו עשן געבן דיא אין דרייא טאגן
ביקש האט גיגעשן אונט רופֿט רבי חנינה מיט זיינם נאמן אונט
שפראך ליבור רבי קוינט איר מיך נוימן איך בין דער ואגל דער איר
אין דער נערט האט אין וואלד מיט אייערים ברוט דש איר מיר האט
צו עשן געבן · אונ׳ איך האב גיהערט אייער קלאג מיט דעם וואשר
דער הלבן הענקט איר מיר צווייא קריגליין אן מיינן פֿליגל אזו וויל איך
פֿליהן אונ׳ וויל אייך דאש וואשר צו ווענן ברענגן דא מיט דש איר דיא
גזרה קענט מציל זיין · אלזו ווער דער רבי חנינה גאר פֿרויא דא ער
דש הורט אונ׳ באנד דען פֿאגל דיא צווייא קריגליך אן דיא זייט ווא זיא

עש

עש נון הון וועלט אלש בלד פלוך דער פאגיל אין דז גיחבוס אונ פילט דז
איין קריגלין אונ פור גרושר היץ דא פאר ברענט ער אל זיין פעדרן·
דא פלוך ער פלוקש צום בך דער אויש דעם גן עדן לויפט אונ פילט
דש אנדר קריגל אך מיט וואשר אונ פון דען גן עדן וואשיר ווארדן זיין
פעדרין ווידר וייש ווי פאר אונ ער וואר ווידר גיהיילט אונ וולוק אלזו
פארט אונ בראכט עש רבי חנינה מיט גרושר פרייד אונ רבי חנינה
בראכט עש דיא מלכה מיט גרושר שמחה· דא זאגט דיא מלכה ווידר
איך וויל עש פאר זוכן אוב דיא וואשר גירעכט זיין וויא זיא זאלן זיין:
אונ גינג הין אונ נאם דאש וואשר אויש דעם קריגל פון גיהנום אונט
שיטט עש אויף איין האנט דא פר בראנט עש איר דיא הנט שיר גאר
אב דא נאם זיא ביהענט ווידור דש וואשר אויז דען גן עדן אונ שמירט
זיך דיא הנט ווידר דער מיט דא וואר זיא ווידר גיהיילט דיא האנט וויא
פור דא דער קענט זיא וואל אז דיא בייד וואשרן רעכט ווארדן· אונ
הוב ווידר אן איצונדר וויל איך דיך אום דיא אנדר ביט ביטן איך בין
איין מאל אויף דעם ים גיפארן דא האב איך איין שון גולדן פינגרלין
מיט איינם קעשליכן אבן טוב אויש דער הנט פר צעט אין ים ווען
דוא עש מיר קאנשט ווידר צו וועגן ברענגאן דער נאך וויל איך מיט
דיר ציהן ווא הין דוא ווילשט דען זיא מיינט עש ווער ביט אינליך ווידר
צו קריגן אביר הקבה דער הולף אין דאך· אלזו גינג דער רבי חנינה
ווידר טרוארנג פר דיא שטט אן דש וואשיר אונ טעט ווידר זיין תפילה
פור הקבה דא קאם דער גרוש פיש דער ער דער ליזט האט פון
דען וישר אונ שפראך איין ליבור רבי קענט איר איך ביט איך בין דער
פיש דען איר איך דער ליזט האט פון דיא פישר וויש איר בינערט דז
וויל איך אייך ברענגאן· דא זאגט רבי חנינה איך מוז דש פינגרלין
האבן אז דיא מלכה האט איין מאל אין דש ים לאשן פאלין ביהענט וואר
דער גוט פיש ווידר איין וועק צו דעם לויתן אונ זאגט אים וויא ער
אים איין מאל גיהאלפין דער מאן פון דען פישר אונ העט אים זיין
לעבן ביהלטין נון האט ער אים גיבעטן דיא מלכה העט איין מאל איין
פינגרלין אין דש ים לאשן פאלין דש וועלט ער גערן ווידר האבן דער
הלבן ביט איך אייך אז איר דעש פינגרלין רבי חנינה ווידר אכטיט
דא שיקט דער לויתן נאך אלין פישן אונ פראגט זיא בייא חרם
וועלכיר העט דש פינגרלין דער זולט עש ווידר געבן דא קאם איין
פיש אונ שפיא דש פינגרלין ווידר אויש אלזו נאם דער גרוש פיש
דש פינגרלין אונ בראכט עש רבי חנינה אונ שפיא עש אויף דעם

לאנד · דא קאם עבן איין ווילד חזיר אונ׳ שלאנד דש פֿינגרליין ווידר
איין · דא הוב ער רבי חנינה ווידר אן צו שרייאן אונ׳ טעט ווידר
תפֿילה פֿר הקב״ה דא קאם דער הונד דער ער אך מיט זיינם ברוט
דער נערט האט אים. וואלד דער שפראך ליבור רבי קענט איר מיך
ניט דא זאגט רבי חנינה ניין דא זאגט דער הונט איך בין דער הונט
דער איר דער נערט האט אין וואלד דער שפראך ליבור רבי דרום
בין איך איצונדר קומן אונ׳ וויל אייך ווידר דינן וואר צו איר אייער
בדרפֿט דא זאגט רבי חנינה איצונדר קומשטו מיר עבן ווילקום דען
איך האב דא איין פֿינגרליין פֿרלורן דא אישט קומן איין ווילד חזיר אונ׳
האט מירש איין גשלונדן · דא לוף דער הונט דען חזיר נאך אונ׳ צו
ריש דש חזיר אין צוויא שטיקן אונ׳ רבי חנינה פֿאנט זיין פֿינגרליין
ווידר אונ׳ צוג דער מיט צו דער מלכה דא דער שראך דיא מלכה גאר
זער דען זיא האט גמיינט עש ווער ניט מגליך דש ערש ביקומן קאן ·
אונ׳ האט גזאגט איך האב דירש צו גזאגט ווען דוא מיר דיא צוויא
שטיק צו וועגן ווערשט ברענגאן אונ׳ דוא האשט מירש גבראכט דרום
וויל איך אך האלטן וויא איך דיר האב צו גזאגט אונ׳ וויל מיט דיר ציהן
אונ׳ אזו צוג זיא מיט אירן יועצים צום מלך אונ׳ אזו גפֿילט אים דיא
מלכה גאר וואל · אונ׳ שיקט רבי חנינה נאך לייטן דש ער זיא זאל
ברייאן אויף זיין בריילפֿט · אונ׳ וויא נון דיא חכמים זעהן דש רבי
חנינה ווידר אויש אונ׳ איין גינג בייא דעם מלך הויז דא ווארטיטן זיא
אויף אין אונ׳ שלאגן אים צו טוט · וויא דש דיא מלכה גוואר ווארט דא
דער שראך זיא גאר זער אונ׳ גינג בהענט צו אים אונ׳ זאגט ער אישט
ניט טוט אונ׳ נאם וואשר אויש דעם גן עדן אונ׳ שמירט אין מיט דא
ווארד ער ווידר לעבנדיג אלש ווער ער נין טוט גוועזן · דא נאם עש
דעם מלך אונ׳ דיא חכמים גרוש וואנדיר דאש אים דיא מלכה
לעבנדיג גמאכט האט אונ׳ דער מלך שפראך איך וויל זיא ניט בעטן
דען זיא שלאג מיך אך פֿור צו טוט אונ׳ מאכט מיך ווידר לעבנדיג · דא
שפראך דיא מלכה איין ליבור הער קינג איך ביט דיך טוא עש ניט
דען ווען איך איינם לעבנדיג מך זא מוש ער איין גאנציר צדיק זיין
אונ׳ גאטש פֿארכטיג זיין אביר דער קינג דער וואלט עש ניט גלויבן
אונ׳ ער גבוט איינן פֿון זיינם קנעכטין דען אין אושטיט טוט שלאגן ·
דא נאם דיא מלכה דאש וואשיר אויש דעם גיהנום אונ׳ גוש עש אויף
אים דא פֿר בראנט ער אונ׳ ווארד איידל עשן אונ׳ פּולבֿיר · דא זאגט
דיא מלכה נון זעכט ליבן הערן ווער דער קינג רעכט פֿרום גוועזן אזו

ווער

זוער ער ווידר לעבנדיג גיווארדן · אביר איך זיך וואל דש ער איין רשע
אישט גיוועזן · ווייא זיא בון זאגן דש רבי חנינה איין זעלכיר חכם וואר
אונ׳ ורום וואר אונ׳ זיין ווייב וואר אים גישטארבן דא בראטטין זיא זיך
מיט איין אנכדר דש זיא רבי חנינה צו איינם מלך איביר ישראל מכן
אונ׳ גאבן אים דיא מלכה צו איינם ווייב אונ׳ ער ריכטיט ישראל לנגי
צייט דער הלבן האט ער זיין צונג וואל אן גילנגט · דש ער דיא מלכה
ביקאם : סליק

קמד

**מעשה** גישאך אין טאגן דוד המלך ע״ה דא וואר זיין זון שלמה
באך גאר קליין דא גינג איין אלטיר מאן אם ווינטר
אויף דער גאסין אונ׳ פֿאנד איין שלנג אויף דער גאסין ליגן דיא וואר
שיר דער פֿרארין · אונ׳ דער אלט מאן גידאכט זיך אין זיין זין · עש
שטיט דאך גישריבן מן זאל זיך איבר אל דינג גאטש דער בראן · אונ׳
נאם דיא שלנג אונ׳ טעט זיא אין זיינם בוזים אונ׳ וואלט זיא ווארמן ·
אונ׳ וויא נון דיא שלנג צו זיך זעלבש קאם דא טעט זיא זיך אום דעם
אלטן מנש לייב גרינגשרום אונ׳ דיא שלנג דרוקט אין אזו הערט דאש
ער וואר שיר גישטורבן אונ׳ דער אלט מאן שפראך ווידר דער שלנג
איי ווארום טושטו מיר אזו ביז אונ׳ ווילשט מיך טיטן אונ׳ איך האב דיר
דאך גוטש גיטאן אונ׳ האב דיך דער ליזט פֿון טוט ווען איך העט ניט
גיטאן אזו ווערשטו דאך דער פֿרארין · דא שפראך דער אלט מאן ווידר
דער שלנג · איך וויל מיט דיר פֿאר רעכֿיט קומן אוב דוא מירש צו
רעכֿטין דש טושט · דא זאגט דיא שלנג יוא איך וויל עש גערן טון אונ׳
פֿאר וועמן וועלין מיר אביר קומן · דא שפראך דער אלט מאן פֿאר
דען נעשטין דער אונש ביקומן ווערט · דא גינגן זיא מיט איין אנדר
דא ביגענט אים צו ערשטן איין אוקש · דא זאגט דער אלט מאן צום
אוקש שטיא שטיל אונ׳ ריכֿט אונש אלי ביידן אונ׳ הוב אן אונ׳ זאגט וויא
ער דיא שלנג האט בישירמט פֿון איר טוט · אונ׳ איצונדר וועלט דיא
שלנג אין ביז טון אונ׳ וועלט אים אום ברענגאן · דא ענטפֿרט דיא
שלנג איך טוא עש צו רעכֿטין דען עש שטיט גישריבן אין דער תורה
איין וינטשפֿט וויל איך מכן צווישן דעם מענשין אונ׳ צווישן דער
שלנגן · דא שפראך דער אוקש דיא שלנג האט רעכֿט אוב דו איר
שון גוטש גיטון האשט אונ׳ זיא טוט דיר ביז דער גגן דען עש איז דער
סדר אזו אין עולם ווען איינר איינם גוטש טוט אזו טוט מאן אים ווידר

ביז דער גנאן · דען איין הער דער טוט מיר אך אזו דען איך ארבייט
אים איין גנצין טאג אים אקיר אונ׳ טוא אים ויל גוטש · אונ׳ אן אבנט
מען אן עשן ויל אזו עשט ער דש בעשט אונ׳ גיבט מיר איין וויניג האביר
שטרוא · איין הער ליגט אים בעט אונ׳ ליגט איך אין הוף אין שטרוא אז
עש אויף מיך רעגנט · דער הלבן אישט דער סדר אלזו דרום האט
דיר דיא שלנג רעכט גטאן דש זיא דיך וויל אום ברענגן וויא וואל דש
דוא איר לעבן ביהלטן האשט · דעם אלטן מאן דען טוט דיא רייד גאר
וויא אונ׳ גינג ווייטר דא בגעגנט אים איין איזל דא קאמן זיא אך פאר
דעם איזל אונ׳ הובן אן צו רידן וויא זיא פר דעם אוקשן אך גרעט
האבן דא זאג דער איזל אך דען פסק וויא דער אוקש · דא גינג דער
אלט מן פאר דוד המלך אונ׳ קלאגט איבור דיא שלנג דא זאגט דוד המלך
דיא שלנג האט רעכט ווארום האשטו ביט דיא תורה גהלטן דא
שטיט דרינן גשריבן איין פינטשפט וויל איך טון צווישן דיר אונט
צווישן דיא שלנגן · אונ׳ זאגט ער קענט אים ביט העלפן ער זעלט
זיא ביט גווארנט האבן ער העט זיא לאשן איטשטערבן וויל זיא יוא
זיין פיינט אישט גוועזן · דא גינג דער אלט מאן מיט ווינגדיגן אויגן
פון דעם מלך · אונ׳ וויא ער נון ווייטר גינג דא פאנט ער דען יונגן
שלמה המלך בייא איינם ברונן אויף דעם פעלד אונ׳ עש וואר אים
איין שטעקין אין ברונן גפאלן דא היש ער דיא קנעכטן דיא ער בייא
זיך העט זיא זאלטן דעם קיבאלפום דעם ברונן ווייטר גראבן דער
מארטין דש דאש וואשיר ווערט אין ברונן לויפן אונ׳ ווען דען ברונן
פול ווערן אזו ווערט דער שטעקין ארויף ווידר שווימן דא מיט דש ער
אים ווידר לנגן מאג · וויא נון דער אלט מאן דש זאך דא גדאכט ער
זיך דש מוז איין קלוגר מן זיין איך וויל פר אים אך קומן ויליכט קענט
ער מיר בישיראן פר דיא שלנג · אונ׳ הוב אך אן צו זאגן זיין שמועה
ויא עש אים איז גגאנגן מיט דער שלנגן דא זאגט ער זייט איר ביט
בייא איינם פאטיר גוועזן · דא זאגט דער אלט מאן יא ער האט אביר
גיזאגט ער קונט מיר ביט העלפן · דא שפראך דער יונג שלמה גיט
ווידר מיט מיר צו אים אלזו גינגן זיא מיט אננדור מיט שלמה פר דען
מלך דוד אונ׳ האט דען שטעקין אין דיא הנד דז ער זיך אן הילט · אונ׳
דא זיא נון קאמן פר דעם קינג דוד דא הוב שלמה אן ווידר דען
פאטיר ווארום שפרעכשטו ביט דש רעכט אויז צווישן דען מאן אונ׳
דער שלנגן דא זאגט דוד המלך איך וויש קיין רעכט דריבר אויש צו
שפרעכן עש גשיכט אים רעכט ווארום האט ער ביט גהלטן וואש

אין דער תורה גשריבן שטיט · דא שפראך דער יונג שלמה ליבר פאטיר גיב מיר רשות דז איך מאג דען דין איוש שפרעכן צווישן דיא ביידן · דא שפראך דוד המלך ליבר זון ווען דוא עש קאנשט דא טוא עש פרייא · דא שפראך דער יונג שלמה ווידר דער שלנג ווארום טושטו איינם בייז דער דיר גוטש גטאן האט · דא שפראך דיא שלנג הקב״ה האט מירש גבוטן איך זאל דעם מענשין דיא פערש בייסן · דא שפראך שלמה ווידר ווילשטו דען דיא תורה הלטין אונ׳ וואש דרינן שטיט גשריבן · דא זאגט דיא שלנג אוייא יוא גאר גערן · דא שפראך שלמה ווידר דיא שלנג ווען דוא ווילשט יוא הלטן וואש אין דיא תורה שטיט אלזו גיא פון דעם מאן אונ׳ שטעל דיך בייא דעם מאן אויף דיא ערט · ווען עש שטיט גשריבן אין דער היילגן תורה זיא זאלין שטין דיא צווין מאנן דיא דא קריגן האבן מיט אננדר דרום מושטו אך בייא אים שטין · אובט דיא שלנג שפראך אוויא יוא איך בין עש וואל צו פרידן אונ׳ גינג פון דעם מענשין אונ׳ שטעליט זיך בייא אים · דא הוב שלמה אן ווידר דען אלטין מאן טוא דוא אך דיא שלנגאן וויא עש שטיט גשריבן אין דער היילגן תורה דען עש שטיט יוא אין דיא תורה דוא זאלישט איר דען קאפא צו קוועטשין דרום טוא דוא אך וויא עש שטעט גשריבן אין דיא תורה אונ׳ זיא וויל דאך אך דין תורה אויף זיך מקבל זיין · אונ׳ דער גוט אלט מאן האט אין שטעקין אין דער הנד דש ער דראן מושט גין אז ער איז גאר אלט ווער אונ׳ הוב זיין שטעקין אויף אובט שלוג דיא שלנג צו טוט אלזו בישיראט דער גוט שלמה דען אלטין מאן פון דער שלנגאן מיט זיינר גרושן חכמה דער הלבן זאלמן קיין ביזן קיין גוטש טאן וויא עש דען אלטין מאן אך גגנגאן אישט :

קמה

מעשה גשאך אין צייטן דוד המלך דא שיקט ער איוש זיינם הייפט מאן יואב דער שטערקיר העלד ער זעלט אים גווינן דיא גרושן שטאט רבות בני עמון · אונ׳ דא בלעגרט ער זיך זעקש חדשים אום דיא שטאט אונ׳ ער קאנט זיא ניט גווינן אונ׳ ער האט מיט זיך צוועלף טויזנט איוש דער ווילטן מאנן שטרקין העלדין : אונ׳ נאך דיא זעקש חדשים זאלטן זיך דיא הייפטלייט פון ישראל צו איין נבדר אונ׳ שפראכן מיר זיין לנגי צייט היא נון בייא אננדר גלעגן אונ׳ האבן ניקש אויש גריכט אובט מיר קענן דיא שטאט דאך ניט גווינן אובט וואלטין אל דיא הייזר אים פעלט אל צו פר ווישטן · דא

שפּראך יואב וואש האט איר דא אין זין · דא זאגטן דיא הייפֿלייט איר
האבן אין זין איר וועלן איין היים ציהן דען ווען איר שון לבן דא לינן
איר ריכֿטן דאך ניקש אויש · דא שפּראך יואב מיין ליבר פֿריינט
דאש זאליט איר ניט טון זאלטין איר אזו איין היים ציהן אונ׳ זאלטין לער
איין היים קומן צו אונזרום קינג דוד אזו ווערן אלי פֿעלקיר אויך אונש
שפּאטין אונ׳ ווערן איביר אונש ציהן · ביארט העריש איר צו מיר אונ׳
פֿאלגט איר מיינם ראט ווארפֿט איר מיך מיט דיזים בוים אין דער
שטאט הניין אונט בלייבט איר נאך הרויש פֿירצינג טאג זעכֿיט איר
קיין בלוט אויש דער שטאט ניסן אלזו זעלט איר ווישן דש איך בין צו
טוט גיפֿלין · זעכֿט איר אביר דאש בלוט ארויש לויפֿן זא זייט ווישן דש
איך האב דאש מיינשט פֿון דער שטאט אום גיבראכֿט אלזו דרינגט
איר אך פֿלוקש אביין דען וועלין מיר זיא גיווינן דען איך וויל מיינם
קינג ניט אין לער איין היים קומן פֿון דיזר שטאט ענטפֿר איך וויל
זיא דער ווערבין · אביר וויל דער פֿיר שטערבן · דא דש דיא הייפֿט
לייט הורטן גיפֿיל עש אים גאר וואל · אונט ער נאם זיך בייא אים
טויזנט רוטן גילדן אונ׳ זיין גוט שווערט · אונ׳ ער ליש זיך אין דער שטאט
שליידרן מיט דעם הולֿן בוים אונ׳ ער פֿיל גאר הערט היראב אונ׳ פֿיל
אויף זיין שווערט אונ׳ צו בראך דאש שווערט אין צווייא שטיקן · אונט
ער פֿיל אין איינר אלמנה הויז דיא האט איין יונגאן טאכֿטיר אונ׳ דיא
האט איין מאן אונ׳ דיא זעלבינג טאכֿטיר גיפֿאנט דען יואב ליגן אין איר
הוב אונ׳ ער וואר גאר שוואך פֿון דעם הרטין פֿאלין אז ער אין איר הוב
אלזו הארט פֿאל אונ׳ וואר שיר גישטארבן אונ׳ זיא נאמן אין אונ׳ פֿירטן
אין אין דאש הויז הניין אונט לאבטין אין אז ער ווידר צו זיך זעלברט
קאם · דא פֿראגטן זיא אים ווער ער וואר אדיר ווא ער הער קאם ·
דא זאגט ער איך בין פֿון גישלעכֿט עמלק אונט דיא יודן האבן מיך
גיפֿנגאן גיהט אונ׳ זיא בראכֿטן מיך אירן הייפֿט מאן · דא גיבוט ער אין
זאל מיך אין דיא שטאט ארייַן ווארפֿין דער הלבן ביט איך איך לאשט
מיך בייא איך הינן בלייבן אונט צונג צעהן גולט גילדן ארויש אונ׳ גאב
אירש אן זאלט אין גוטה שפּייז דרום קויפֿן · אונ׳ ער בליב אלזו בייא
דער אלמנה זיבן טעג אונט נאך דיא זיבן טעג דא וואלט ער גין אונט
וואלט דיא שטאט ביזעהן דא וואלטן זיא אין ביט לאשן גין אין זיינן קליידר
אונ׳ ליהן אין אנדרן קליידר דא ביזאך ער דיא שטאט גאר וואל וויא זיא
אזו גאר גרוש וואר אונ׳ זער שטערק אונ׳ האט וואל וירצינג אונ׳ הונדרט
מארק דרינן אי איבר שעניר אז דער אנדר · אונ׳ ער ביזאך אך אלי
טור ·

טור׳ דא קאם ער בייא איינם שמיד דא שפראך יואב צו דעם שמיד׳
קאנשטו מיר אזו איין שווערט מאכן וויא דאש דאזיג איזט דש איך צו
בראכן האב וויא בון דער שמיד זאך דאש שווערט דא דער שראך ער
זער אונ׳ פֿר וואנדרט זיך זער אונ׳ שפראך קיין זעלכיש שווערט האב
איך אל מיין טאג ביא גיזעהן׳ דא שפראך יואב מך מיר אזו איין
שווערט איך ווילש דירש רעכליך אונ׳ ערליך ביצאלן אלזו מכט דער
שמיד אים איין גוט שווערט׳ אונ׳ וויא עש יואב אין זייבר הנד נאם
דא צו בראך ערש אין צווין שטיקן אונ׳ אלזו טעט ער דרייא שווערטיר
נאך איין נכדר דיא ער אל צו בראך׳ דער נאך מאכט אים דער
שמיד אייבש דעש זיין גלייכן ווארד ני גיזעהן ווארדן פֿיל בעשיר אונט
שטערקיר אלש זייבש איז גיוועזן׳ דא שפראך יואב ווידר דען שמיד
ווען וילשטו צום ליבשטן האבן אשט איך זאל מיט דעם שווערט צו
טוט שלאגן דא שפראך דער שמיד יואב דער יודן הייפט מאן׳ דא
שפראך יואב זיך וואש לינט היבטר דיר דארטן דא זאך זיא דער שמיד
היבטיר זיך׳ דא גינג יואב הין אונ׳ שלוג אין זיין קאפא אב׳ דא שפראך
יואב ווידר דען שמיד וויא איז דיר דען דער קאפא איז אין נאך ביט
גאר אב גיוועזן דא זאגט ער מיר איז אז איין קלער שביא דרן איך מעך
לויפֿן׳ דא גאב אין יואב נאך איין טריט דש איין שטיק דא הין פֿיל אונ׳
דאש אנדר שטיק דארטן הבויז׳ אונ׳ דער נאך גינג יואב אין איין
הויב דא פֿאנד ער ויבן הונדרט שטערקיר מאנן דרינן דיא דא וואל
גרישט זיין גיוועזן דיא שלוג ער אל צו טוט דאש קיינר איבר בליב דער
פֿון דער נאך שטעקיט ער זיין שווערט ווידר איין אונ׳ גינג ווידר איין
היים׳ דא קאם דאש גישרייא אין דער שטאט וויא ויבן הונדרט
מאנן דוישן אין הויב צו טוט וואר גישלאגן אונ׳ ביאץ וואשטיט ביט ווער
עש גיטאן האט אונט שפראכן דאש האט קיין אנדר מענש גיטאן
זונדר אשמדי׳ אונ׳ יואבש וירטן פֿראגט אין אוב ער בישט גיהערט
האט ווער עש גיטאן האט אזו שפראך ער ביין ווער וויל מירש זאגן
ווער עש גיטאן האט׳ אונ׳ צוג אביר צעהן גילדן רוטן איין פֿיר אונט
גאבש זייבר וירטן דאש מן אים זעלט גוטה שפייז דרום איין קויפֿן
וואש מן בידרפֿט׳ אונט בליב אביר נאך צעהן טאג בייא איר אונט
גינג דער נאך ווידר אויז דעם הויז אויף דעם מרק אונט האט זיין
שווערט אין זייבר הנד אונט שלוג ווידר ויבן צעהן הונדרט מאנן צו
טוט אונ׳ דאש שווערט קלעבט אים אן זייבן העבדן פֿון דעם דם דש
ערש ניט קעבט איין ראב ברעבגאן אונ׳ לוף פֿלוקש איין הייאן אונ׳ ער

ער

איבר דען ליבן אונ׳ זעצט זיך אך אובן דרויף אונ׳ רייט אלזו דורך דאש וואשר מיט דעם ליבן אונ׳ קאם אין היים ביז אן זיין פֿאטירש הויז אונ׳ ויא נון דער פֿאטיר דז זאך דז ער מיט איין זעלכֿן ליבן אין היים קאם׳ דא גידאכֿט ער זיך וואל דאש ערש מיט איין שם האט טון מאכֿן׳ דא צוירנט דער פֿאטיר זער איבר אין אונ׳ שפראך צו אים דוא האשט גרוש זינד גיטאן דש דוא דען ליבן מיט דעם שם גימאכֿט האשט׳ אונ׳ אום דיא גרוש זינד ווילן אזו ווערשטו אל דיין טאג קיין קינד ניט קענן האבן׳ דעם חסיד וואר זער לייד אונ׳ האט דאך ניט גיוואשט דז עש אזו איין גרושי עבירה אישט׳ איבר צוויא טאג גינג ער ווידר צום פֿאטיר אונ׳ שפראך ליבר פֿאטיר דוא זאגשט איך האב איין גרושי עבירה גיטאן דא ביט איך דיך דז דוא מיר וועלשט תשובה זעצֿן איך ויל זיא ווילניגליך אויף מיך נעמן׳ דא שפראך זיין פֿאטיר ווידר צו אים ליבור אן דיא תשובה דיא איך דיר זעלט בילך געבן דיא אישט דיר פֿיל צו שווער דוא קיינשט זיא ניט האלטן׳ דא שפראך דער זון ליבר פֿאטיר איך ויל דאש אלש טון וויש דוא מיר אויף זעצט׳ דא שפראך דער פֿאטיר ווידר ווילשטו כפרה האבן אויף דיא עבירה דיא דוא גיטאן האשט אזו מושטו זיבן יאר אן איינם שטיק וואנדרן אונ׳ מושט קיין נכֿט ליגן דא דוא דיא אנדר בישט גילעגן זונדר שבת אדר יום טוב זא דוא דיא תשובה רעכֿישט טושט אזו ויל איך דיר ערב זיין דאש דוא ווערשט כפרה האבן אונ׳ ווערשט דער נאך פֿרומן קינדר האבן אלזו וואר ער דיא תשובה אויף זיך מקבל אונ׳ צוג זיבן יאר אן איין שטיק אום לערבן אים גלית איין טייל זאגן ער צוג ביין יאר אום אין גלות דא מיט דז ער דיא נעכֿט פֿון דען שבת אונ׳ יום טוב דער פֿילט׳ איינש טאגש קאם ער אן איין רייכֿן אלמנה הויז דא שפראך ער ווידר דער אלמנה פֿאר קייפֿא אלש ווישטו האשט אונ׳ קייפֿא איידיל תבואה דרום ווען ווארום אויף דז אנדר יאר דז דא קומט דא ווערט עש איין גרוש יקרת געבן דז קיין מענש קיין זעלכֿש יקרת גידענקין ווערט אלזו פֿאלגט דיא גוט פֿרויא דעם חסיד אונ׳ פֿר קייפֿט אלש וויש זיא הט אונ׳ קויפֿט איידיל תבואה דרום׳ אונ׳ ויא עש דיא לייט אין דיא שטאט זאכֿן דז דיא אלמנה דז איר אלש פֿר קייפֿט אונ׳ קייפֿט איידיל תבואה דרום דא פֿראגטן זיא דיא אלמנה ווארום זיא דז טוט אזו זאגט זיא דער חכם האט מיך עש גיהיישן דער בייא מיר אישט צו גשט גיוועזן׳ דען ער האט ווידר מיך גיזאגט אויף דז אנדר יאר אזו ווערט איין גרוש יקרת זיין דז נאך ניא אזו גרוש איז גיוועשט בייא מאנש גידענקין׃

גֿדענקין · אונ׳ וויא בון דיא לײט הורטן דיא זעלבֿי ריד פֿון דער אלמנה דא גֿינגֿן זיא אך הין אונ׳ פֿר קויפֿטן אך דז איר אונ׳ קײפֿטן אײדל תבואה אום דש גֿעלט דא וואר דז זעלבֿיגֿ יאר אזו אײן וואלפֿײל יאר דש אין פֿיל יארן ניט אזו אײן גֿוט יאר אישט גֿיוועזן אזו גֿאר וואלפֿײל אונ׳ דאש דיא לײט פֿיל גֿעלט מושטן פֿר לירן אן איר קארן דז זיא גֿיקײפֿט האבן · אונ׳ דער חסיד וואר זער לײדיגֿ דז ער דיא לײט אום דז גֿעלט גֿיבראכֿט האט ער העט יוא גֿימײנט עש ווער דז זעלביגֿ יאר אײן הונגֿאר קומן דא פֿאר היש ער נוך צווייא יאר אלזו אים גֿוֹת אום ציהן פֿון דיזר עבירה ווילן · אביר דז אנדר יאר דא קאם אײן גֿרוש הונגֿאר אין דז לנד אין דש ער גֿימײנט הט · אונ׳ דיא לײט לידין גֿרוש הונגֿאר וויא בון דז טײאר יאר אויש וואר דא קאם ווידר אײן זעטונגֿ אין דז לאנט · אונ׳ דא נון דער חסיד זײן תשובה האט אויש גֿיטאן דא קאם ער ווידר הײאן צו זײנם פֿאטיר אונ׳ צו זײנם ווײב אונ׳ קינדור אונ׳ גֿיוואן ווידר קינדור מיט דעם ווײב מיט גֿרושן ערן אונ׳ גֿיוואן צווין זין אין אײן מאל אײנר דער וואר גֿיהײשן רבי אליעזר אונ׳ דער אנדר רבי אברהם אונ׳ ווארן צווין הערן אין דער תורה אונ׳ דער באך גֿיוואן ער רבי יהודא חסיד דעם פֿרומן · הקב״ה לוש אונש אלין זײנר גֿניסן אמן :

קסג

מעשה גֿישאך דא רבי יודא חסיד וואלט זײנר טאכֿטיר אײן מאן גֿעבין דען ער וואלט ניט לײדן דש זיא מיט חובת אונ׳ משכנת אום זאלט גֿין אונ׳ טעט זיך דער מיט אין גֿרושן סכנה דא שפראך דר פֿאטיר ווידר דיא טאכֿטיר איך וויל דיר אײן מאן גֿעבן דא זאגֿט דיא טאכֿטיר ליבר פֿאטיר ווער זאל דען מיט דיא חובת אונ׳ משכנות הנדלן דא שפראך דער חסיד איך וויל דיר אײן מאן גֿעבן דער זאל עש טון · דא שפראך דיא טאכֿטיר ליבר פֿאטיר ווען דוא מיר יוא אײן מאן ווילשט גֿעבן אזו גֿיב דוא מיר יוא אײן לערניר דען עש שטיט גֿישריבן דער זײן טאכֿטיר אײן עם הארץ גֿיבט דש איז גֿלײך אלש ווען ער זײנה טאכֿטיר פֿור אײן ליבן בענד · דיא טאכֿטיר ווערלט פֿיל חכמות ברויכֿן אביר דער פֿאטיר וועלט זיך ניט דראן קערן · אונ׳ זיא טריב עש אזו לנגֿ אן מיט אירן פֿאטיר ביז ער איבר זיא צורנגֿ וואר · אונ׳ שוואר דש זיא מושט אײן מאן נעמן · דא שפראך דער חסיד ליבה טוכֿטיר איך האב גֿישווארן דש דוא מושט אײן מאן נעמן · דא זאגֿט דיא טאכֿטיר ליבר פֿאטיר האשטו יוא גֿישווארן זא וויל איך דײן

שבועה ביט ברעכן · בון ליבר פֿאטיר ווען דוא ווילשט איר יוא איין מאן
געבן אזו גיב איר איין לערנר · דא שפראך דער פֿאטיר איך וויל גין
צום אנדרן חסיד דער היא זיצט אונ׳ וויל אין עצה פֿרעגן · אלזו גינג
רבי יודא חסיד צום אנדרן חסיד אונ׳ הורט עבין אך דיא הלכה · אונט
ויא בון דיא הלכה אויש ווארד אזו גינג איין איטליכר בחור ווידר אין זיין
חדר · דא שפראך רבי יודא חסיד צום דעם אנדרן חסיד · ליבר האט
איר קיין בחור אויף אייער ישיבה דער וואל לערנט · דא זאגט דער
חסיד יוא איך האב צווייא בחורים דיא לערנן אלי בייד וואל אייבר דער
היישט רבי יוחנן דער אנדר רבי חנינה · דא גינג רבי יודא חסיד ווידר
אין היים אונ׳ זאגט עש זיינה טאכטיר ויא דער רבי צווייא פֿיינה
בחורים אויף זיינה ישיבה העט דיא לערנן אלי בייד וואל אייגר היישט
רבי יוחנן אונ׳ דער אנדר היישט רבי חנינה דער זעלבין רבי חנינה
אישט זוכה דש קיין מענש זו כה אישט · דא שפראך זיא ליבר פֿאטיר
אישט עש גוט אדר ביז דא שפראך דער פֿאטיר ליבה טאכטיר עש
וייש קיין מענש פֿאר זיינם טוט · דא שפראך זיא אזו וויל איך דען
רבי חנינה האבן · דען אנדרן טאג גינג ער ווידר אויף דען אנדרן
חסיד ישיבה אונ׳ ווארט ביז דיא אנדרן בחורים אין היים גינגען אונ׳
היש דען רבי חנינה דא בלייבן ער העט איין ווארט מיט אים צו רידן ·
דא שפראך דער חסיד צו אים דוא לעבן ווילשטו איין וייב נעמן ·
דא שפראך רבי חנינה ביין דען איך האב נאך ניט גנוגן געלערנט :
דא שפראך רבי יודא חסיד צו אים דוא מושט איין טאכטיר נעמן · דא
שפראך רבי חנינה ביין ליבר רבי דען איך בין ניט זוכה דאש איך
אייער טאכטיר זאל נעמן · דא שוואר רבי יודא חסיד עש מושט זיין :
דא שפראך רבי חנינא מען עש יוא זאל זיין אזו וויל איך איר איין גיב
געבן אונ׳ וויל זיא אנטשפזין אביר איך וויל נאך ניט מיט איר אונטר
דיא חופה גין ביז איך פֿאר אין גילערנט האב דער נאך וויל איך קומן
אי״ה אונ׳ וויל דיא ברכה מכין · דא זאגט דער חסיד דיא ריד זייבר
טאכטיר אלזו ווארט נמ״ט דש קנס גילינט אונ׳ מכטן איין זמן צו דער
ברכה · דער נוט רבי חנינה צוג ווידר איין וועק נאך לערנן דא הוט
אין הש״י דש ער עבן קאם צו איינם רבי דער דא קאן כל התורה דער
וואר וואל מין אז הונדרט מייל פֿון רעגנשבורג דער הייאן אונ׳ מן הורט
ביקש פֿון רבי חנינה אזו וייט וואר ער גיצוגן · אונ׳ רבי יודא חסיד אונ׳
דער אנדר חסיד דיא זאכין אין חלם דש דער רבי חנינה צו דען זמן
ניט קאנט קומן · אלזו וויבט ער טאג אונ׳ נכט אונ׳ זאגט עש זיינן
טאכטיר

טאכטיר אונ׳ דא דיא טאכטיר עש הורט אזו וויינט זיא נאך מער אז דער פֿאטיר זיא וואר פֿאר ניט צו פֿרידן גיוועזן מיט דעם מאן נעמן אביר איצונט וואר איר דיא צייט אזו גאר לנג דער נאך דא זאגט דער פֿאטיר ליבה טאכטיר דוא דרפֿשט ניט וויינן קומט ער ניט אויף דעם זונטג צור דיא ברכה וויא ער נון דען זאן גיזעצט האט אלזו וויל איך דיר גלייך איין אנדרן געבן סוף דבר דיא צייט קאם אונ׳ דער חתן קאם ניט אויף דיא ברכה דא וואר דאש קנס מיט איין אנדרן גלינגט דוך וואר דער זעלבין ניט ווירדיג דז ער זאלט מיט איר אונטר דיא חופה גין אונ׳ זיא וויינט זער טאג אונ׳ נכט אונ׳ באט הקב״ה דש ער איר חתן רבי חנינה זאלט בישערן דא וואר רבי חנינה וואל צעהן יאר ביא דעם רבי גיוועזן · אונ׳ האט אזו פֿיל גילערנט אז דער רבי זעלבש · איין מאל קריגטן זיא מיט איין נכדר אום איין ווארד אונ׳ רבי חנינה זוכט אין דש ספֿר נאך דעם ווארד דא פֿאנט ער רבי יודא חסיד דרינן שטין גישריבן · דא גידאכט ער וויא ער זיין טאכטיר זאלט נעמן אונט זאך נאך דעם זאן אזו וואר דער זאן אויש דער נעשטן זונטאג דער דא קעם דא צילט ער דיא מייל דא האט ער מין אז הונדרט מייל ביז רעגנשבורג · דא גינג רבי חנינה צום רבי דער וואר איין נביא אונ׳ קלאגט עש אים · דא זאגט דער רבי קוואשטו אויף דען זאן ניט איין היים דא גיט דיין כלה מיט איין אנדרן אונטר דיא חופה אלש דען ווערדן דיא קינדור איידל ממזרים ח״ו דאש קומט דען אלש פֿון דיר דא וויינט רבי חנינה זער אונ׳ זאגט ליבר רבי געבט מיר איין עצה וויא זאל איך אים טון · דא שפראך דער רבי איך וויל דיר זאגן וויא דוא אים טון זאלשט איך וויל דיר מיט געבן מיין בעשטן בחורים דיא איך האב אונ׳ גיא מיט זיא מארגן פֿריא ווען דער טאג הער בריכט פֿילייכט העלפט דיר הקב״ה דש דוא צום רעכטן צייט נאך איין היים קוומשט · אלזו באם ער פֿונפֿצינג פֿיינא בחורים מיט אים אונ׳ ליש זיך זיין רבי בענשין אונ׳ באם רשות פֿון אים אונ׳ גינג בשלום מיט זיינן בחורים איין וועק אם פֿרייטאג פֿריא אונ׳ גינג אלזו לנג ביז זיא קאמן אן איין גרושן בערג אונ׳ ער רואט איין וויל אונטן אונ׳ וויא זיא נון אויף דעם בערג וואָרן · אזו ווארן זיא גאר מיט דש זיא זיך איין נידר ליגטן אונט אבט שליפֿין אונ׳ וויל זיא הובן ווארדן אבט שלופֿין דיא וויל וואר רבי חנינה אונטן אך אבט שלופֿין אונ׳ שליפֿין שיר ביז גען אבבט · דא אבט וואכט איינר פֿון אינן אונ׳ וועקט דיא אנדרן אויף אונ׳ זיא רופֿטן אויף רבי חנינה דא וואר קיין ענטוורט דא פֿון רבי חנינה אונ׳ זיא

וואשטן ניט ווא רבי חנינה וואר הין קומן · דא זאגטן זיא איר וועלן פֿור
זיך גין פֿילייכט העלפֿט אונש הקנ״ה דש איר ביצייט דאר קומן אונט
הנטן דיא ברייפֿט אויף אלזו גינגאן זיא פֿור זיך אונ׳ וויא זיא כון איין
שעה הין וועק ווארן דא אנט וואלט רבי חנינה אך אויף אונ׳ גינג אויף
דעם בערג אונ׳ רופֿט נאך זיינן בחורים דא ווארדן זיא אביר ניט
דא זיא ווארדן איין וועק גיגנגאן דא זאש דער גוט רבי חנינה נידר אונ׳
וויינט גאר זער אונ׳ ואנט זיין הענד איבר זיין הייפט אונ׳ באט הקב״ה
אום הילף אונ׳ גינג אזו וייטר אונ׳ גידוכֿט פֿיל לייכט ווערט איר הש״י דר
הערן דאש איך נאך ביצייט דר קום אונ׳ גידוכֿט עש איז בעשיר איך
גיא אין איין הערברגי וועדר דש איך ח״ו מחלל שבת זולט זיין דא זאך ער
פֿור זיך איין גרושן וואלט דא גידוכֿט ער זיך אין דען וואלט זיין גיוויש
פֿיל גזלנים דיא ווערדן מיך טיטן דוך אישט פֿיל בעשיר איך קום
אום דש לעבן וועדר דש איך ח״ו מחלל שבת זיין אונ׳ גינג אלזו פֿורט אונ׳
וויא ער כון איש דעם וואלט קאם דא וואר עש דרייא שעות נאך
מיטאג אם ווינטר דאש כון בלד שבת צייט וואר · דא גידוכֿט ער זיך
עש איז כון בלד שבת דא וויל איך מיך דא אונטר איינם בוים ליגן אונ׳
וויל שבת דא רואן · דא זאך ער פֿאר זיך דא זאך ער איין הויפש הויז
פֿור אים שטין · דא גידוכֿט ער זיך אין דעם הויז זיין גיוויש גזלנים דא
קום איך גיוויש אום מיין לעבן · דאך איז בעשיר דאש איך זאל אום
קומן וועדר איך זאל מחלל שבת זיין · אונ׳ גידוכֿט זיך איך שבת אין דען
הויז בלייבן אונ׳ גינג אלזו היניין אונ׳ טעט דיא טיר אויף אונ׳ זאך זיך
אום אין הויז דא זאך ער דא פֿיר קמירן אויף איין איטליכר זייטן איין
קמיר · דא טעט ער איין קמיר אויף צו מזרח אונ׳ זאך היניין דא שטונד
איין שין בעט דרינן · אונ׳ אין דיא קמיר ווארדן נאך דרייא קמירן אי
איינן היפשיר אז דיא אנדרן · דא קאם ער אין איין אנדר קמיר
דא שטונדן אך שינן בעט דרינן · דיא בעט ציכן ווארדן איידיל
ספֿעלר אונט דיא בעט לאד זילבר אונ׳ דיא ספֿלשטרן אויף דיא ערד
זיין אך זילברן גיוועשט אונט אין דיא הינטרש קמיר דא זאש דרינן
איין אלטר מאן אויף איין היפשן שטול אונט האט איין ספר תורה
פֿור אים אונט שטונד נאך איין שטול נעבן אים איבר דא רויף
זעצט זיך רבי חנינה אונט שפראך עש אישט בעשיר איך בלייב
היא אונט הער צו לערנן דען ווען איך זעלט ח״ו מחלל שבת זיין
אונט דער אלטר מן האט איין לכנאן ברט שיר ביז אויף דיא ערד ·
דא עש כון שבת צייט וואר · דא קאם איין שמש צו דעם זקן
אונ׳

אונט פֿראגט אין איז שיר צייט דז איך אין שולן קלאפּא אונט דיא
ליכֿט אן צינדן · דא זאגט דער אלט מאן ווען דוא ווילשט · איביר
איין קלייבא וויל קאם דער שמש ווידר אונ׳ בראכֿט אים גוטה לונג אונ׳
צוואגט דען זקן לכבוד שבת אונט צוואגד רבי חנינה אך · דא גידוכֿט זיך
רבי חנינה דיא לאנג איז ווארליך זער גוט זיא ריכֿט נאך איידל בשמים ·
וויא ער נון זיא גיצוואגן האט גינג ער ווידר זיין שטרויש · איביר איין
קלייני וויל קאם דער שמש ווידר אונ׳ קלאפּט אין שולן · דא קאמן אין
דיא קאיר צו גין אירן זיבן מיט דען שמש אכֿט אונ׳ דער אלט מאן אונט
רבי חנינה ווארדן גראד צעהן · דא שטונד דער זקן אויף אונ׳ אורט
אונ׳ דער שמש נאם רבי חנינה אונ׳ פֿורט אין דעם זקן נאך אונ׳ איין
איטליכֿר וואשט וואש ער הין זאלט גין · אונ׳ דא זיא נון אין דיא שולן קאמן
דא וואר איידיל אידל גישטיין אונ׳ גוטן גישמאק אונט פֿיל שונהייט אונט
דער שמש נאם רבי חנינה אן אונ׳ זעציט אין צו דעם זקן דא שטונד
דער זקן אויף אונט אורט דא גידוכֿט זיך רבי חנינה ער האט אל זיין
טאג קיין בעשר קול גיהערט איביר אלון אורגלן אונ׳ פּפֿייפֿן דא אורט
ער נון מעריב וויא מן פּפֿלעגט בייא אונש אך צו אורן · אונ׳ דא מן
נון אויש גיאורט האט זאך זיך רבי חנינה אום אוב אורגלן אדר
פּפֿייפֿן אין דיא שולן ווארדן אביר זינגט זיבגאר ער קונט אבר ניקש
זעהן דען דער חזן אליין דיא אנדרן שוויגן אל שטיל · דא קאם איין
שטים פֿון הימל הירב גוט מיין גוט עש אישט ווישליך פֿור דיר דאש
איך גערן דיין ווילן טעט ווען דער יצר הרע דער זייאט מיך לאנג גוט
עש זאל זיין דער היצין דיין בארמונג אויף מיך צו פֿערלטן דיך · דער
נאך קאם ווידר איין שטים רבי חנינה דוא זאלשט ווישן דש דוא קיין
זארג זאלשט הבן ווען דוא ווערש ביז זונטאג בייא צייטן צו רעגנשבורג
זיין מיט גרושן פֿריידן · דא מן נון אויש גיאורט האט דא זעצט זיך
דער אלט מן ווידר אויף זיין שטול אונט דער שמש דער ריכֿטיט דען
טיש אונ׳ רבי חנינה זעצט זיך אך איין וויל אויף זיין שטול אונט זיא
לערנן נאך איין וויל · אונ׳ דיא אנדרן גינגן אויף גען הימל · אונט דער
שמש שטעלט אך אויף דען טיש שינן כילם פֿון זילבר אונ׳ פֿון גאלד ·
אונ׳ דער שמש בראכֿט וויין דער שמעקט נאך איידיל בשמים אויש
דעם גן עדן אונ׳ עש וואר קוישליכֿר וויין דען מן אין נעבט יין קפריסן ·
אונ׳ דאר דער טיש נון גידעקט וואר דא שפּראך דער שמש צו דעם
אלטן מן שטיט אויף אונט וועשט אייער הענדי · דא וועשט זיך דער
אלט מן אונ׳ דער נאך רבי חנינה אונ׳ זעצט זיך היבֿנר דעם טיש ·

דא בראכט דער שמש כל טוב צום טיש פֿון אלר לייא גוטן שפייז דיא
נאך נין קיין מענש גיזעהן האט נאך גיהערט האט אונ' צו איטליכם
גיריכט בעשרן ויין ווען דער וואר· נון דא דער רבי חנינה וואל
גיגעשן אונ' גיטרונקן האט דא גידאכט ער אך אן זיינן כלה אונ' שווייג
שטיל אונ' נאם עש אלש פֿר גוט ווייש אן אים טעט דען עש וואר אים
בעשיר ווען ער ווער חו"ו אויף דעם פֿעלד גילעגן· אונ' דא זיא נון הטן
גיגעשן בורט דער שמש רבי חנינה שלופֿן אין איין קמיר דארינן וואר
איין קורצבונקיל שטין דער לייכטיט איין גאנץ נכט אין דיא קמיר ווען
עש ווער העלי טאג וואר גיוועזן רבי חנינה ליגט זיך אויף דש בעט דש
מאר גימאכט אויף פֿיר גילדן רעדיר דיא קיסן ווארדן פֿון פערליך
בישטעקט דיא לייליך ריין פֿון זיידן גימאכט· דא עש נון טאג וואר
שטונד רבי חנינה ווידר אויף אונ' הורט ווידר צו לערנן דעם אלטן מאן
דא קאם דער שמש אונ' רופֿט ווידר אין דער שול· דא זיא נון ווידר
אין שול קאמן שטונד דער חזן אויף אונ' אורט בעלטן ווארן אירי אלט
ניך ואן איבונדר ווארדן אירי זעלט ציהן אונ' הילטן דעם חזן צו אונט
ווארדן צוויא אונ' צוואנצג שטיאן גינגאן ביז אויף דעם
היאול אונ' דא מאן נון אויש הוב לייאט מן אך דיא סדרא דיא פֿון דער
וואך וואר גנגאן אונ' רופֿט אויף צו איין כהן אהרן הכהן אונ' משה רבינו
צו איין לוי אונ' דער נאך דיא אנדרן אלי אונ' דער נאך רבי חנינה אך
אונ' דא מאן נון אויש גיאורט האט רידד אהרן אונ' דער זקן אויש דער
תורה רבי חנינה שווייג שטיל· איביר איין וויל רופֿט דער שמש ווידר
צום עשן אונ' אשן ווידר כל טוב ויא מן נון גיגעשן האט גינג מן ווידר
אין שול אונ' אורטן אונ' דא מן נון ווידר מנחה גיאורט האט דא רידד זיא
ווידר אויש דער תורה ביז אזו לנג דש עש צייט וואר מעריב צו אורן
דא שטונד דער אלט מאן ווידר אויף אונ' אורט אונ' ויא ער אויש גיאורט
האט דא גאב אים דער אלט שלום· רבי חנינה דנקט אים ווידר
אונ' דער נאך מאכט מן הבדלה אלש באלד פֿאר שוואנדן זיא אל דער
נאך גינג דער שמש אך איין וועק דא לופֿא אין רבי חנינה נאך אונט
בינגריף אים בייא זיינם מנטל אונ' שפראך צו אים ליבר זאג מיר ווער
זיין דיא דאזאגן הערן אונט ווער בישטו דא זאגט ער ווידר איך בין
אליהו הנביא אונ' דער חזן דער גיאורט האט דש איש משה רבינו· אונ'
דיא אנדרן זיין אברהם יצחק ויעקב גיוועזן אונט דער אלט מאן אישט
ירמיהו הנביא גיוועזן· דא דער שראך רבי חנינה ערשט זער אונט
ליש דען שמש גין· דא רופֿט דער זקן רבי חנינה ווידר צו אים קום

מיר וועלן תורה ווידר מיט אננדר לערנן דא גינג ער ווידר צו אים
אונ' לערנט מיט אים כל התורה אונ' לערנט אין אך דש ער שבעים
לשונות קונט דא ער עש נון אלש קונט דא זאגט דער זקן צו אים קום
מיר וועלן איין ווינק עשן מיט איין אננדר · דא זיא נון הטן געגעשן דא
הוב דער רבי חנינה אן אונ' שרייא אונ' זאגט דעם זקן וויא זיין הבדל
גישדל גישטלט ווער אונט שפראך צו אים ליבר רבי געבט מיר איין
עצה וויא איך אים טון זאל דא שפראך דער זקן איך וויש וואל דש דיין
כלה זאל מארגן מיט איין אנדרן אונטר דיא חופה גין זא דוא ביט
קומשט זא טוא דוא דאש שטיא דוא מארגן פֿריא אויף אונט גיא דוא
הינויף אויף דיא ליגק זייט זא ווערשטו באלד קומן אין איין וואלד זא
ווינשטו דיין פֿונפֿצין בחורים דיא דיך פֿר לארן האבן אונ' זיא ווערדן
גאר זער דער פֿרייט אן דיינם קומן זא ווערט באלד איין וואלקין קומן
אונ' ווערט זיך איין נידר לאזין פֿור דיינם פֿויש זא זעצט דיך אונ' דיין
פֿונפֿצין בחורים אריין זא ווערד דער וואלקין אויף פֿליהן אונ' ווערט
אייך אין איין קליינה וויל אין רעגנשבורג ברענגן · דא גינג נון
רבי חנינה הין אונ' לגט זיך שלאפֿין · וויא עש נון ווידר טאג ווארד
שטונד ער אויף אונ' ליש זיך דען אלטן מאן בענשין אונ' נאם רשות
פֿון אים אונ' גינג אלז איין וועק וויא אים דער אלט מאן געהייסן האט ·
וויא ער נון אין דעם וואלד קאם זא פֿאנד ער זיינן בחורים ווידר
דיא ווארדן זער פֿרויא אן זיינן ווידר קומן אונ' גאבן אים שלום אונ' ער
דנקט אים זער ליפליך אונ' וויא זיא נון איין קליינן וויל ווארדן גנגנאן
דא קאם איין וואלקין פֿום הימל אונ' ליש זיך איין נידר פֿר אירן פֿויש
אונ' זיא זאשן אל מיט אננדר אין דען וואלקין דא טרוג זיא דער וואלקין
גאר שנעל אויף רעגנשבורג צו · דא גינג עבן רבי יודא חסיד אויף דאש
בית הכיסא דאש ער וואלט זיין צורך טון ווארום פֿאר צייטן זיין דיא
בית הכיסא אויף דאש פֿעלד געוועזן · דא זאך ער דארטן הער קומן
איין וואלקין דא ווארן פֿיל לייט דרינן · דא שיקט ער באלד נאך דעם
אנדרן חסיד דש ער זאלט אך איין רוישר קומן אונט זעלט זעהן וויא
איין גרושר וואלקין מיט פֿאלק דא הער קעם מיט גרושן פֿאלק · דא
קעם דער חסיד איין רוישר אונ' זאך דאש גרוש חידוש אונ' זאלן עש
צו ביז זיך דער וואלקין אין נידר ליש אויף איין הוכן בערג ור דיא שטט ·
דא לופֿין דיא צוויא חסידים אויף דעם בערג אונ' וואלטן זעהן וואש
פֿיר איין פֿאלק דרינן ווער · דא גינג רבי חנינה מיט זיינן בחורים
אויש דעם וואלקין · דא קובט רבי יודא חסיד זיין איידם רבי חנינה

אונ'

אונ׳ פֿיל אים אום זיין הלז אונ׳ קושט אים אונ׳ וויינט זער אונ׳ גאב אים שלום דא דנקט ער אים ווידר דעש גלייכן טעט דער אנדר חסיד אך· דא פֿראגטן זיא אים וואש ער גילערנט האט דש ער אלזו לאנג וואר אויש גיבליבן· דא זאגטן דיא בחורים ער קאן כל התורה כולה אונט דער צו שבעים לשונות אונ׳ אישט אך איין נביא· דא פֿיל ער ערשט איין נידר רבי יודא חסיד אויף זיין בֿויש אונ׳ קושט אים אונ׳ זויא ער נון ווידר אויף שטונד דא שיקט ער ערשט נאך זיינם טאכטיר דש זיא קעם צו אירם חתן רבי חנינה דער ווער גיקומן מיט איין גרושן הער שאפֿט דיא טאכטיר דיא ליף בלד אויף דעם בעטן אונ׳ פֿיל פֿר אים אך איין נידר אונ׳ קושט זיין בֿויש אונ׳ שריא פֿר גרושן שמחה ווענן· אלזו בֿורט אין דער חסיד אין דער שטאט· אונ׳ דער נאך מאכט ער דיא ברכה מיט אים אונט געכטין זיבן גאנצר טאג אויף דעם בעטן אונ׳ וואר שון אל דינג צו גירישט גיוועזן דז דיא טאכטיר האט זעלן מיט איין אנדרן ברכה טון· ווען רבי חנינה אויף דעם זעלבינן טאג ווער ניט גיקומן אלזו קאמן פֿיל לייט אונ׳ לערנן פֿון רבי חנינה הקב״ה זול אונש איר אלן זכות צו אליר צייט לאשין גיניסן אמן סלה:

קסד

מעשה אישט גישעהן צו שפייאר אין טאגן ר׳ יודא חסיד דא זאש איין בעל הבית צו שפייאר דער וואר איין גרושעשיר דער שערט אל צייט זיין ברט מין איין שער מעשיר דאש אונט אישט פֿר באטן אין אונזרן היילגן תורה· דא וואר עש רבי יודא חסיד גיוואר אונ׳ שריא אין אופֿטר מאל דריבר אן אונ׳ ווערט אים עש ער זאלט עש ניט טון· אביר דער עשיר דער וואלט זיך נישט דראן קערן· דען ער זאגט איך בין איין גרושר מפינג איך קאן עש ניט ליידן· דא שפראך דער חסיד זיך דוא ווילשט דיר ניט לאשין גיוועהרן זיך נאך דיינם טוט ווערדן שדים גיט צו בייא אונש קומן דיא ווערדן גלייך זעהן וויא דיא גרושן קויא דיא ווערדן דיך הרט טרעטן דען לא תקיפו פאת ראשכם ולא תשחית אישט טייטש דוא זאלשט ניט אב שניידן דיין עקין בֿון דיינם הייפט אונ׳ ניט דוא זאלשט פֿאר דערבן זיא אונ׳ דיא ערשטן לעטרית בֿון דיא ווערטיר איז פרות· אונ׳ דא נון דער עשיר וואלט שטערבן דא זאשין דיא עלשטן אין שפייאר בייא אים בייא דעם מת בייא נאכט צו וואכן זיא נאך דער סדר אישט בייא איינם מת צו וואכן· דא ברוכט דער חסיד איין בריב דא שטונדן שאוות

דרויף

דרויף אונ׳ ווארף עש אויף דאש שטובד דער עשיר ווידר אויף
דא לויפן דיא לייט אל פון אים איין וועך דען זיא פורכטן זיך זער פור
דעם מת דא הוב דאש מת אן אונ׳ שרייא אונ׳ ריש זיין האר אויש דעם
קאפא אויש פר צרות אונ׳ צו קראצט זיין פנים דא פרונט אים דער
חסיד וויש וועלד דיר דש דוא אזו זער שריישט אונט רייסט דיר דיין
האר אויש דיינם קאפא׳ דא זאגט ער וויא צו מיר אש איך דיר ביט
גיפאלגט האב אונ׳ האב מיר דיר לאשין ווערן׳ דא זאגט דער חסיד
ווידר צו אים ליביר זאג מיר וואש האט מן דיר דיין נשמה גיטון דא זיא
דיר אויש דיינם לייב גינומן אישט דא זאגט ער דא מיר דיא נשמה
אויש גינג דא קאם איין שד דער זאך גלייך וויא איין גרושי קויא דער
בראכט איין כלי דאש וואר פולר שוועביל אונ׳ פעך אונ׳ אנטפינג מיין
נשמה דריין׳ דא הוב איך ניט גיקעבט אויש דעם כלי ווידר קומן
אונ׳ דא אישט אויש גינגאן מיין דין׳ דא אישט קומן איין אנדר מלאך
אונ׳ דש כלי גינומן פום דעם שד מיט מיינר נשמה אונט האט זיא
גיבראכט פר הקב״ה דער אלי נשמות בישאפין האט׳ דא קאם איין
גישרייא פום היכל אונ׳ זאגט ווידר מיך האשטו אך גילערנט חומש
אדר גמרא׳ דא האב איך גיזאגט יוא׳ אלז בלד גיבוט מן אז מן זאלט איין
חומש ברענגן דא ברוכט מן איין חומש אונ׳ זאגט ווידר מיך דא לייאבן
דריבן אונ׳ וויא איך אין דז חומש אויף זווארף דא ווארף איך עבין אויף דען
פסוק ולא תשחית את פאת ראשכם דאש אישט טייטש ביט דוא זאלשט
פר דערבן דיא עקין פון זייבם הייפט דאש מיינט דוא זאלשט
ביט לאשין פאת אב שערן וויא דער עשיר גיטאן האט׳ דא האט מן
איך בון גיבערנט וויא פר ענטפרשטו דאש דוא האשט דאך דש ביט
גיהלטן׳ דא הוב איך נישט דרויף קענין פר ענטפערן׳ דא הוב
איך אלש בלד ווידר גיהערט איין אנדר שטים דש האט אויש גישריאן
גיבט דיא נשמה בון דיזם מאן גאנץ איין נאבן אין דש גיהנום אונ׳ דיא
וויל אש זיא מיך האבן גינומן אונט האבן מיין נשמה אין דיא הבד
גיטראגן דא קאם ווידר איין שטים אונ׳ זאגט ווערט נאך מיט דער
נשמה אונ׳ טראגט זיא נאך ניט אראב אין דש גיהנום׳ דען דער רבי
יודא חסיד איין זן דער דרוף זיינן נאך איין ווינג דש מיינט עש וואר
זרשן פאר הקב״ה דאש רבי יודא חסיד ווער אויף אים נאך תפילה טון
דאש ער ווער בישערמט ווערדן פום גיהנום׳ נון שפראך דער
עשיר דער גישטארבן וואר ווידר רבי יודא חסיד ליביר זייא גיבעטן אונ׳
זייא מתפלל אויף מיך דא מיט דאש מיין נשמה ניט אין גיהנום קומט:

דא וואר רבי יודא חסיד מתפלל אויף אין דש ער בון גיהנום בישיראט
חאר דער הלבן זאל קיינר ניט איבר זיין איין עבירה דיא פאר באטין
זייא · דען איין איטליכי עבירה דיא דער מענש טוט דיא זעלבין עבירה
דיא האט איין ביזונדר שד דער ברענגט דיא זעלבין עבירה פאר
הקב״ה ווען ער גישטארבן אישט אש איר אך אין דען מעשה אך
גילייאט האט דש דער שד בון דער עבירה היישט פרה · אונ דער
שד בון דער עבירה ווען ער שעטנז טראגט דא היישט דער
שטון עז: דער האלבן היט זיך איין איטליכר מענש פאר
זעלכיא עבירות:



מעשה גישאך אן רבי שמואל חסיד דער קאם אויף איין צייט
קען קעלין אן ריין דש ער וואר מקבץ צו קעלין דאש
ער ניט פיל זיין איינן העט אונט באט דאש קהל בון קעלין דאש זיא
אים זולטן איין שטייאר גיבן דען עש גינגן אים גאר גינא אונט האט
איין גרוש שווער גזינד איביר אים דא גינגן דאש קהל הין אונט
שאפטין אין צווייא תלמידים חכמים דאש זיא אים זעלטין אום גן
זאלטין אין דער קהילה אונט זולטן דיא רייכן לייט אן שפרעכן דאש
זיא אים זאלטן איין הילף טון · אלזו הובטן זיא אים וואל זיבנציג גולדין
אויף · אונט דיא צווייא רבנים קאמן אין איין גרושן עשיר הויז אונט
באטין אין אך אום איין שטייאר דא נאם דער זעלבין עשיר איין
פפעננג אים צורן אונ ווארף אין אויף דיא ערד אונט זאגט ווידר דיא
צווייא תלמידים חכמים זיא זאלטין דען פפעננג ווידר אויף היבן אונ
זולטן אין דען רבי שמואל חסיד געבן דען ער וואר איין קרנקר מאן אויף
צדקה געבן אלזו פר דרויש דיא צווייא תלמידים חכמים גאר זער
אויף אים אונט זיא לושטן דען פפעננג ליגן אויף דיא ערד · אונט
גינגן ווידר צו דען רבי שמואל אונט גאבן אים דאש געלט דאש זיא
האבן אויף גיהובן אין דער קהילה אונט זאגטן דען חסיד וויא דער
פרנס האט אים איין פפעננג אויף דיא ערד גיווארפין אונט האט
אונש גיהיישן אויף היבן אבט מיר האבן אין ניט וועלין אויף היבן אונט
האבן אין לאשן ליגן · דא זאגט דער חסיד ווידר צו אין איר ליבן ברידר
גיט אונ היבט אין ווידר אויף אונט גיבט מיר אין דער וויל הקב״ה האט
אלזו אויף מיך גישיקט דאש איך בעו״ה לייטן יוא בידרפט דא זאל מאן
ניקש פר שמעהן עש זייא וויש עש איז פיל אביר ווינק · אלזו גינגן

אידר דיא צווייא רבנים ווידר צו דעם עשיר אונ׳ זאגטן אין וויא דער חסיד גירעט האט דא האט דער פרנס גרוש חרוטה דרויף דאש ער אלזו גיטאן האט׳ אונט דער עשיר גינג זעלבש צו דען חסיד אונט באט אים נאר זער ער זאלט אים עש מוחל זיין אונ׳ גאב דען חסיד פיל געלט אלש בן ביליך וואר דער פסוק גיט איין ורואן מעבשין קומט זיין שפייז פון פערן לאנט:

קסו

**מעשה** גשאך אין טאגן רבי יודא חסיד דא וואר איין קינד גיבארן דעם שטובד אמת אן זייבר שטערן גיגראבן דער חסיד נאם דאש קינד אונט צוג דש קינד אויף ביז עש גרוש ווארד אונ׳ דא עש נון גרוש וואר׳ וואו ער הין גינג אזו נאם ער דאש קינד מיט אונ׳ צוג עש פיין אויף אונ׳ דער קנאב דינט אים גלייך וויא איין קנעכט דינט זיינם הערן אונט ער לערנט מיט אים אונט ער ווארד איין גרושר תלמיד חכם אין דער תורה אונ׳ ווארד גיהיישן רבי אמיתי דאש וואר דש דאש אמת ביטייט אן דער שטערן גיגראבן דש וואר איין גרוש אות דש דעם קינד איין ווארט וואר גישריבן גיוועזן אן דער שטערן גוט זאל אלי ביזן הערצין פאר קערן אמן:

קסז

**מעשה** גשאך דש רבי שמואל חסיד איש צוג לערנן אויף איין ישיבה אונ׳ וויא ער אויף דעם פעלד וואר קאמן נאך דרייא יודן צו אים דיא וואלטין אך דען וועג ציהן וואו דער חסיד הין וואלט אונט זיא זאלטין דורך איין גרושן וואלד גין דא ווארדן זיא איר גינגאן אין דעם וואלד איין גנצין טאג אונ׳ עש וואלט נון שיר נאכט ווערן׳ דא זאלט זיך דער חסיד הין אונ׳ הער אונ ער קעבט וואו איין אוז דער זעהן צום לעבשטין זאך ער אין דעם וואלד איין הויז שטין דא רופט ער זיין גיזעלן אך אונ׳ זיא קאמן צו אים׳ דא שפראך ער צו אינן ליבן גיזעלן זייט פרליך איך זעך דארטן איין הויז שטין׳ אביר בית איך בייא אייערם ליב דש איר ביט אריין גיט איך וויל פאר אליין אביין גין אונ׳ ויל זעהן ווער דרינן אישט׳ דען ער זאך וואל איין הערט אונ׳ פייאר אונ׳ שטונדין פיל טעסן אום הערט בייא דעם פייאר׳ אונ׳ דא נון דער חסיד ביאנט זאך אים הויז קורט ער זיך ווידר אום אונ׳ וואלט זיין גיזעלן אך רופין אונ׳ וואלט עבין איש דעם הויז גין׳ דא

ביקאם אים איין אלטר גרייזר מאן דער האט איין שניא ווייסן בארט
אונ׳ דער זקן גאב דעם חסיד שלום דער חסיד דונקט דעם זקן ווידר
דא שפראך דער זקן בלייב הייט הינן בייא מיר אין הויז איך וויל דיר
גנונג צו עשן אונ׳ צו טרינקן געבן · דא שפראך דער חסיד ווען
איך שון הינן בלייב וויש זאלן טון מיינן חבירים דיא דארטן אין וואלד
אום גין · דא זאגט דער אלט מאן ווידר דיין חבירים דיא דארטן אים
וואלד גין לאש זיא ביוארט פארט גין ווען זיא זיין וואל ווערט דאש זיא דיא
ווילדא טיר עשן ווען ווארום זיא זיין גרושן רשעים אונ׳ זיא זיין ביז אין
אל אירי ווערקין אביר גלייך וואל זיא זאלן דיין זכות גניסן אונ׳ וויל דיר
אך פר גבן דאש דוא זיא אך ארויין היישט גין אונ׳ לוש זיא אך מיט עשן
אונ׳ טרינקין · אביר ווייטר זייא גיווארנט דאש דוא ניט ווייטר מיט זיא
וואנדרשט דש דיר ניט עפיש ביז הו׳ פון אירן וועגן גישיכט · אלזו
רופט דער חסיד זיין חבירים אונט היש זיא אך אביין גין אלזו לאגן זיא
דיא נאכט דרינן אונ׳ אשן אונ׳ טראנקין אונ׳ לישן איבן וואל זיין · אונט
צו מארגנש דא נון דער חסיד וואלט הין וועק גין דא נאם ער רשות
פון דעם אלטן מאן אונ׳ דער אלט מאן בעבשט דעם חסיד אונט ער
זאגט ער ווער ירמיהו הנביא אונ׳ ער גינג נון אין וישטן וועלדין אונ׳
קלאגט אלי טאג אויף דעם חורבן פון ירושלים אונ׳ דער זקן וויש דעם
חסיד דיא נכט פיל ביכיר דא אינן שטונדן איידל קינות דארינן דיא
ער האט גימאכט אויף דען חורבן ירושלים אלזו צייגט אים דער נביא
דען רעכטין וועג דורך דעם וואלד זונשט העט ער נאך לאנג מוזן
אין וואלד אום גין דען עש וואר איין גרושר לאנגאר וואלד אונט הילטן
זיך פיל גזלנים דרינן אונט פיל בויזן טיר אונט וויא דער חסיד נון
פון דעם אלטן מאן ווידר גינג · דא זאגט ער עש זיין חבירים וויא
דער אלט מאן צו אין גיזאגט האט וויא זיא גרושן רשעים ווערן פון
זיין זכות ווענן זיין זיא הייט אך אין זיין הויז גלעגן זונשט העטין
זיא דיא חיות רעות מוזן עשן פון וועגן אירי בויזן ווערקן · דא זיא
נון זעלכיש הורטן דאש איר זינט אופין באר וואר דא שריאן זיא
געגן דעם חסיד אונט באטין אום תשובה אויף איר זינד דען
זיא האטין גרוש רויאן אויף אירי זינד דאש זיא גטאן העטין זיא
וועלטין גערין תשובה טון · דא זעצט אים דער חסיד תשובה אונ׳
זאגט ווידר זיא טוט איר דיא תשובה רעכט דיא איך אייך אויף זעץ
וואל אייך זא אישט מיר קיין צווייבל אן אייך דז איר אין דש גן עדן קומט
אונ׳ העט חלק עולם הבא · טוט איר אביר אייער תשובה ניט רעכט

דיא

דיא איך אייך זעגן דא ווערט איר ניט דרייא יאר אויש לעבן אונ' ווערט איין
שענטליכן טוט שטערבן · דא שפראכן זיא ליבר רבי אלש וויישדוא
אונש אויך זעגשט וועלין איר איין גוט וויל ניט ווינגר טון זונדר אי מער
נאך · אלזו בונן זיא מיט אננדר ביז אין דער שטט דא ער וואלט תורה
לערנן · אונ' וויא זיא נון אין דיא זעלבין שטט וואררדן אזו שטעלטן זיא
זיך בייא דער נכט בור אורן דען הקודש אונ' זאגטן דא רבותינו איר זיין
בעוה׳ רושי פושעים וחוטאים אונ' זאגטן אך אירי עבירות דיא זיא
גיטאן האטן דא האבן איר גינומן תשובה בון דיזם חסיד דיא וועלין איר
רעכט טון וויא עש אונש אישט אויך גיזעצט אונט טעטן אך אירי
תשובה רעכיט · דא קאם דער נאך איין מאל דעם חסיד בייא נכט
איין שטים זייא וישן דאש דיא תשובה בון דיא דרייאן איז בור הקב״ה
גאר וואל אן גינעם אונ' זיא ווערדן חלק עולם הבא האבן · בו מארגנש
שטונד דער חסיד אין דער שול אונ' דרשט עש זאל ביאנט פאר
צווייבלין אן אים זעלבירט · אונ' זאל אך איינר ניט גידענקין איך האב
פיל עבירות גיטון איך קאן זיא ניאר בושן איך וויל קיין תשובה טון
וויש בט איך איין תשובה טון דא זאלער איין בייא שפיל נעמן אן דיא
דרייאן דיא דא האבן פיל עבירות גיטון דען זיא ווערדן גרושן רשעים
גיוועזן אונ' זיא ווערדן וואל ווערט דש זיא דיא בוזן טיר העטן זעלין עשן
וויא איר דער אלט ון אך גיזאגט האט נאך דעבוך דא זיא אירי תשובה
האבן גיטאן דיא איך אין אויך גיזעצט האב הבן זיא ווידר חלק עולם הבא
ביקומן גלייך אלש ווען זיא ניט העטן גיזינט אונ' זען פיל רייניר דען
אונזר חכמים האבן גיזאגט דא דיא מאנן הין קומן דיא דא תשובה טונן
אויך יענבור וועלט דא קאמן אפילו דיא רעכטן צדיקים ניט הין · אורזך
הלבן איין רעכטיר צדיק דער אישט אל צייט פרום גיוועזן דער האט
קיין בוזן גידנקין נוך בוזן ווערקן ביא גיהט · אביר דיא בוזן לייט זיין
גיוועזן בוז אונ' דער נאך טואן זיא תשובה דיא זעלבין זיין איר יצר הרע
כופה דאש זיא דיא עבירה ניאן טון דיא זיא בור גיטאן האבן · דער
חסיד וואר דרייא יאר בייא דעם לערנן אונ' דער נאך צוג ער ווידר
איין הייאן בשלום:

קסח

מעשה גישאך דאש דער רבי שמואל חסיד איין מול אורט צו
שפייאר אן איינם יום כיפור · דא קאם איין רשע
אין דער שול צו גין דער וואר איין יועץ בייא דעם הגמון · אונ' דער

רשע זאך דש דער חסיד אזו גאר בכוונה אורט · דא דער גריאט דער
רשע אין זיינם הערצין אונ' שפראך צו זיינן גזעלן דיא מיט אים
ווארדן אין דער שול איך קאן עש ניט לאזין איך מוז דעם פור זינגאר
איין שמוך קייט אן טון וויל ער זיין גבעט אלזו מיט גאנצום הערצין
טוט · אובט זיכט מיט גנצום הערצין זיין אויגן גנאן היממל קערט
אונ' ביט זיין גוט אזו גאר פלייסיג אן · אלזו גינג דער רשע הין אונט
שפיא דעם חסיד אין זיין פנים · אונ' דער רשע מיינט דער מיט
ער וויל אין איר מכן אז ער ביט אין זיין גבעט זעלט טון · אונ' דער חסיד
ליש זיך ניט איר מכן אונ' אורט פארט · אונ' דא דער רשע זאך אז זיך
דער חסיד ניט וועלט לאזין איר מכן דא האט דער רשע גרויש רויאן
דרויף דש ער דעם חסיד האט אין זיין פנים גשפיאן אונ' שפראך
צו זיינן קנעכטן איך האב זער אין רעכיט גטאן דש איך דען יודן אלזו
גשמעכט האב · דען איך זיך וואל דש ער איין הייליגר יוד אישט אונ'
זיין גזאנג אישט גר זיש אונ' ליפליך צו זינגאן · ער וויש פיל לייכט דש
מיר עפיש דרום גשעהן זול · אונ' דער רשע גהוב זיך גאר איביל דש
ער זעליש האט גטאן · דען אנדרן טאג נאך יום כיפור גינג דער
רשע צום חסיד אין זיינן הויז אונ' באט דען חסיד ער זאלט אים זאגן
ווארום ער אלזו ערבשליך גאורט האט נעשטרן · דא שפראך דער
חסיד ווידר ליבר הער וואש פרעגט איר דער נאך · איר האט מיר
געשטרן איין שמאך ביוויזן דיא נאך מיר איז אל מיין טאג ניט ווידר
פארין איין זעלכי שמאך קייט · איך וויל נון פר שוויגן דש אנדר דש
גשפעט דש איר האט געשטרן גטריבן אין אונזר הייליגן שול אונ' אן
איינן שטט דש איך בין געשטרן גשטנדן אונ' אן איינם זאלכין הייליגן
טג אלש איר האבן בטכטן גהט דען איר הלטן אין אונזרם גלאבן דאש
אובש דער געשטריג טג אישט גזעצט ווארדן דש אונש הקב"ה אונזרן
זינט פר גבט · וויא דא אך שטיט אין אונזרם הייליגן ביכר · אובט
איך נון גלאצט דיינה שמוך הייט דיא דוא מיר האשט גשון אין מיינם
הערצין · ווען איך בין זיכר פון דעם אלמעכטיגן גוט דש ער אונש
אונזר זינט פר צייט אונ' פר גבט אום ווילן אונזר שמוך הייט דיא דוא
מיר האשט אן גטאן אונ' בון וועגן אונזר גרוש אין גליך דיא מיר בון אל
צייט בון אייך לידן מוזן אונ' מיר בעאן אל צייט גוט ווילג בון אייך אן ·
אונ' דרום האב איך מיין גבעט אזו גאנץ פריליך גטאן אן דעכטיג ·
אונ' אלזו דער חסיד האט אויש גרעט מיט פיל ווארטן דא וואר דער
רשע גנץ דער שטנדן דש ער נישט קונט רידן פור גרושן שרעקן ·
אונ'

אונ׳ ער באט דען חסיד ער זאלט אים פֿר צייאן ער האט זיך ניט אלזו
וויט ביזונן אונ׳ ער זול גוט פֿון זיינן וועגן ביטן דש ערש אים פֿר צייט
עש זאלט אל זיין טאג פֿון אים נין מיר גשעהן אונ׳ ער וועלט אל זיין טאג
ווידר אב דינן גגן יודן עש ווער מיט ווארטן אבור מיט ווערקן דאש
זאל ער נאך שפירן׃ דער חסיד ליש אים רידן אונט גאב אים קיין
ענטווארט אונ׳ ליש אים ווידר פֿון אים אזו איין וועק גין׃ דעם דריטן
טאג קאם דער רשע ווידר צום חסיד אונ׳ בוט אים פֿיל מער אלז ער
פֿור מאל האט געבעטן׃ אונ׳ ווארד אלי טאג בעשיר אונ׳ אלש וויש ער
האט געהערט בייא דעם הגאון בון יודן דש ליגט ער אלש צו גוטן אויש׃
אונ׳ ער באט דעם חסיד אזו לנג אונ׳ אזו פֿיל דש דער חסיד שפראך
בון דוא האשט איין גרושי עבֿירה דש דוא מיר אלזו איין גרושי שאוך
הייט האשט אן געטאן׃ אבור דיא וויל איך זיך דש עש דיך האט טון
אזו זער גרויאן דיא זך אונ׳ איך הער אך פֿון דיר וויא דוא ווילשט עש
אך ניאן טון אונ׳ דוא ווילשט יודן טון אלש וויש זיא ליב איז זא וויל איך גוט
ביטן דש ער דיר פֿר צייא דיא זינד דען עש איז קיין בעשיר בוזאז
ניאן טון׃ אלזו באט דער חסיד השי״ת פֿאר דעם רשע׃ אונ׳ ער קאם
דער נאך צום חסיד אונ׳ וואר זיך מגייר אונ׳ ווארד געהייסן איין גר
צדיק אונ׳ גאב זיין מאון אלש צדקה דען ארמן יודן׃ סליק

קסט

**מעשה** געשאך דא בון רבי שמואל אזו גאר ארים וואר בינג עש
זיך איין מאל דז ער זאגט ווידר זיין ווייב איין ליבש ווייב
איך האב געזעהן דז בעוה׳ איין גרושי גזירה פֿר הנדן אישט אויף דיא פֿון
שפייאר מיר וועלן הקב״ה ביטן דען פֿילייכט קענן מיר זיא מבטל זיין
מיט אונזרן תפֿילה׃ אונ׳ ער פֿור בוט איר בייא איר לעבן דש זיא קיין
מענש נישט זאלט זאגן דער פֿון׃ אונ׳ אלזו ואשטין זיא דרייא טאג אונ׳
נכֿט אונ׳ טעטן גרושן תפֿילה ער שטונד אין איין עק אונ׳ זיא אין
דער אנדר עק׃ אונ׳ דא בון דיא דרייא טג אויש ווארן דא הוב דער
חסיד אן צום ווייב ליבש ווייב מיר וועלן פֿרליך זיין דען איך זעך וואל
דאש דיא גזירה בוטל אישט געווארדן בור הקב״ה מיט זיינר גרושי
בראהרציקייט׃ אונ׳ אלזו נאם דער חסיד איין יונגן האן אונ׳ שעכֿטין
אין אונ׳ ליש אין קאכֿן׃ אין דעם קאם איין תלמיד פֿון זיינן תלמידים
אונ׳ זאך וויא זיא איין האנן האטן געשעכֿט צו נכֿט קאנט זיך זיין תלמיד
ניט לענגר אויף הלטן אונ׳ שפראך וויש מאג דש דאך ביטייטן עש
אישט

אישט ניט פֿר געביש דען עש איז דאך ניט אייער סדר דען איר האט
דאך ניט בעֿוה ניט אזו פֿיל איבריגש נארינג דש ער הורט דיא ריד
רבי שמואל פֿון זיינן תלמיד אונ׳ זאגט צו אים ליבר זון שווייג שטיל ווען
עש דיא לייט ווערדן הערן דש איר הובט עשן ווערדן זיא אייבר
שפאטן · דער תלמיד וואלט ניט אבלאשן ער וואלט ווישן וויש עש
ביטייט · אלזו לנג ביז אים דער חסיד מושט דיא ווארהייט זאגן · דא
באט דער תלמיד דעם חסיד מחילה דש ער אים אלזו געמיט האט דש
ער אים העט מוזן זאגן · אלזו וואר דיא גזירה מיט דער הילף השי׳ גאנץ
באטיל דורך דען חסיד אונ׳ זיין וויב מיר אירי גרושי תפֿילה דיא זיא
ביד הטן געטאן הקבה׳ זול אונש נאך אלי טאג איר גרושן זכות צו אליר
צייט לאזן גניסן אמן :

קע

מעשה גישאך רבי יודא חסיד וואר וואל אכטציהן יאר אלט אי
ער איין ווארד קובט לערנן אונ׳ וואר איין גרושר עם
הארץ · אונ׳ וואר איין גרושר לופֿץ דען ער טעט ביקט אנדרש דען
דז ער מיט דעם ארים ברושט מיט פפֿייאל בוגן שוס · איין מאל זאגט
זיין פֿאטיר אין בית המדרש דיא הלכה · דא ווארדן דיא בחורים זער
צורנן איביר דען חסיד רבי שמואל אונ׳ זאגטן צו אים ליבר רבי אל אייער
אבֿות זיין גרושי תלמידים חכמים גוועזן אלש איר בון גפֿינדן רבי
קלונימוס אייער פֿאטיר רבי אפֿרים אייער הערלן אונ׳ איר לוט אייער
זון מיט דעם ארים ברושט שיסן אלש וויא אנדרי גלבים דא זאגט רבי
שמואל זיין פֿאטיר איר האט רעכֿט גרעט איר זאלט זעהן איך וויל אין
אנדרש ציהן · דא בון דיא בחורים אין הייאן גנגאן דרופֿט ער זיינן זון
יודא אונ׳ זאגט ווידר איבן ליבר זון ווילשטו ניט לערנן איך מוז מיך דיינר
שעמן · דא זאגט ער ליבר עט ווארום וויל איך ניט לערנן איך וויל גערן
לערנן בייארט ווען דואווילשט מיט מיר לערנן וויא דוא לערנשט מיט
דיא אנדרי בחורים · דא גינג זיין פֿאטיר רבי שמואל הין אונ׳ פֿירט
זיין זון יודא אין דש בית המדרש אונ׳ זעצט אין נעבן זיך אונ׳ זיין זון רבי
אברהם זאש ער אך נעבן זיך אויף דער אנדר זייט · דא זאגט רבי
שמואל איין שם דש דאש גאנץ בית המדרש באליר ליכֿט וואר דש זיין
זון יודא ניט כח הט דש ער קובט אין דש ליכֿט זעהן אונ׳ דעקיט זיין
פנים מיט דעם מנטיל צו · אונ׳ זיין זון יודא פֿיל בידור אויף דיא ערד
אונ׳ קאבט ניט איביר זיך זעהן · דא זאגט רבי שמואל חסיד ווידר זיין

זין רבי אברהם דיא שעה אישט בֿון גֿוט יתֿש גֿראטן צו מײנם זון יודא איך וויש וואל איך וויש וואל דש דוא אײן גֿרושר לערנר בישט אל דיין טאג גֿוועזן אביר דיין ברודר יודא ווערט אין לערנן אונ׳ ווערט אך ווישן וויש אובן אין היאול גֿשיכֿט אונ׳ אונטן אויף ערדן ווערט גֿשעהן אונ׳ ווערט קיינר לייא בֿון אים פֿר הולן זיין אביר ער ווערט ניט אזו אין בקי זיין אין דער תורה אלש דוא בישט אביר ער ווערט אך פֿיל אין זאכֿין טון אש דוא הושט גֿטון · אונ׳ רבי שמואל לערנט מיט אים אונ׳ אלש וויש ער מיט אים לערנט דאש קונט ער גֿלייך אויש ווינדק · אונ׳ דא נון דיא אנדר טאג דיא בחורים קאמן אונ׳ וואלטן דיא הלכֿה הערן בֿון רבי שמואל חסיד אונ׳ דא רבי שמואל דיא הלכֿה זאגֿט דא פֿראגֿט זיין זון יודא פֿיל קשיא אין ווען דיא אנדרי בחורים אל פֿראגֿטן · דא פֿר וואנדרן זיך דיא בחורים גֿר זער אונ׳ שפֿראכֿן זיך דער האט אל זיין טאג ניט גֿלערנט אונ׳ פֿרעגֿט אין ווען מיר אל אונ׳ דא נון דיא הלכֿה אויש וואר דא זאגֿט רבי שמואל ווידר זיין זון יודא גֿיא אונ׳ ברענג מיר דיין פֿפֿייל אונ׳ בוגֿן דא דוא דער מיט האשט גֿשאסן · ער גֿינג בלד אונ׳ הולט זיין פֿפֿייל אונ׳ בוגֿן אונ׳ בראכֿט זיא אים דא נאם זיא רבי שמואל אונ׳ צו בראך זיא פֿר דען בחורים · אונ׳ זאגֿט ליבור זון יודא דש אישט בֿור דיין אמנות גֿוועזן מיט שיסן · אביר איצונדר זולשטו מיט דיא תורה דיין מלכֿה טרייבן · אלזו לערנט ער בֿארט אונ׳ וואר אויש אים דער הער רבי יודא חסיד דש איר איצונדר נאך וואנדר ווערט פֿון אים הערן ׃

קעא

**מעשה** גֿשאך צו רעגֿנשבורגֿ דא ווארן צוויא מייארר דיא ארבטן בײא אײנם יודן אין דער יודן גֿסין אונ׳ וויא זיא ארבטין דא זאכֿין זיא אין דיא יודן קמיר פֿיל זילביר אונ׳ גֿאלד ליגֿן זיא בריטטן זיך מיט אנבדר זיא וואלטין מיט אנבדר אין דיא קמיר איין שטײגֿן וויל דיא יודן אין דיא שול ווערדן זיין אונ׳ זיא טעטן אך אזו אונ׳ שטיגֿן אין איין אונ׳ באמן פֿיל חפֿצים בֿון זילבר אונ׳ בֿון גֿאלד דא גֿדאכֿט זיך איינר וויש זאל מיר איין חבֿר איך וויל עש וואל איין ליין אויש ריכֿטן אונ׳ גֿינג הין אונ׳ שלוגֿ זיין חבֿר דא ער האט וועלן צום לאך ווידר אובן איין רויש קריכֿן שלוגֿ ער אים איין האמיר אין זיין קאפּא דש ער איין ראב פֿיל אין דיא קאמיר אונ׳ וואר טוט אונ׳ באם דש זילביר אונ׳ גֿאלד אלש בֿון דען פֿגֿר אונ׳ לוף איין וועק דער מיט · דא ווארן נון כל

ישראל אין דער שולן · אונ׳ ווא זיא בון אויש דער שולן קאמן דא
גפֿאנט דער בעל הבית בון דעם הויז אין זיין קאמר אין פגר ליגן דא
דער שראקין זיא גר זער אלש בון וואל צו דער שרעקין וואר אונ׳ זיא
וועלטין דען פגר אים סוד אין וועך טון דען זיא פֿורכֿטין זיך בור אין
איבור לויף אלש אך דא שיר גשאך דא האט מן עש בון דוישין אין דיא
גוים גווארווארדן וויא יהודים הטין איין גוי מאית גוועזן אונ׳ קאמן
פֿיל גוים אין דיא יודן גאסן צו לויפֿן אונ׳ וואלטין ח״ו איין גזירה מכֿין · דא
קאם רבי יודא חסיד אך צו גן אונ׳ לופֿא פֿלוקש צו ראש יערן אונ׳ זאגט
אחני וויש וועלט איר דא טון וועלט איר בֿון איינם טוטן מאן אזו פֿיל
פֿאלק אום ברענגן אונ׳ איר ווישט דאך וואל דאש מירש ניט גטאן
האבון · דען דיא בוויא האבין הינן גארבייט אונ׳ איך וויל עש אייך
ביווייזן דש איינר דען אנדרן האט אום גבראכֿט · דא שפראך דער
ראש ערן צו אים ווען דוא ווילשט איר דאש בווייזן דא זאל קיינם בון
אייך קיינם קיין לייט ווידר בֿארן · אונ׳ היש דיא גוים איין וויל שטיל
הלטין אין דיא גסין · דא שפראך דער חסיד לושט בייאר דיא פֿפֿורטן
צו טון דש איר דער מערדיר ניט קעניט איין וועך לויפֿן דש גשאך
אזו בלד · דא גינג דער חסיד הין אונ׳ שריב איין קמיאה מיט היילגן
שמות אונ׳ גאב זיא דען נהרג אין דיא האנט דא שטונד דער הורג
ווידר אויף אונ׳ זאך זיך אום נאך דעם רוצח דא דער זאך ער אין
היבטן הינטר איין אנדרן שטין פֿאר בארגן דא לוף ער צו אים אונט
זאגט צו אים דוא האשט מיך אום איין לעבן גבראכֿט אונ׳ ווא ריבר עש
ווער צו גנגאן איבר דיא גניבה דוא האשט גערין דיא גניבה איין ליין
גהט אונ׳ בישט הין גנגאן אונ׳ האשט מיר דען המיר אין איין קאפא
גשלאגן אז איך בין אראב גפֿאלין ווידר אין דיא קמיר · דא נאם מן
אים אונ׳ לינט אין תופֿס אונ׳ וואדר גלייך זא מארום בֿור אורטילט צום
טוט אלש אים אך אלזו גשאך · דא זאגט דער חסיד צו דען ראש ערן
זעלט בון וועצן איך העט ניט גטאן אלזו העט איר פֿיל אונטשולדיג
בלוט פֿר גושן · דא זאגט דער ראש ערן עש ווער וואר גוועזן דרום
ליבר רבי פֿר צייא דוא מירש עש זאל ניאר גשעהן דז ער אזו גנגך
חעלט איין פֿאלן וועלט נייארט ער וועלט פֿאר אויף דען רעכֿטן גרובט
קומן · בון דער פגר האט פֿיל רייכֿה פֿרייבט זיא באטין דען חסיד ער
זאלט דען פגר לאזין לעבן זיא וועלטן אין פֿיל געלט צו לון געבן אביר עש
וואר קיין מיינונג בייא דעם חסיד דען ער זגט ער דרוף עש ניט טון ·
אלזו נאם ער דיא קמיאה ווידר פֿון דעם הורג דא פֿיל ער ווידר איין

נידר ווא איין אנדר פֿגר אוב׳ דער ראש ערן טעט דען חסיד פֿיל
גֿגן דער נאך :

קעב

## מעשה

מעשה גֿשאך אן איינם מעלכֿינגן דוכס דער האר גֿאר גֿוט
צור יהודים אוב׳ אל מאל ווען ער אויז רייזט גֿאב ער זיין
שליסל איביר אל זיין אוצר איינם יודן · איין טייל זאגֿן ער גֿאב אין רבי
אפֿרים אוב׳ איין טייל זאגֿן ער גֿאב זיא רבי שמואל · אויף איין צייט
צוגֿ דער שר אויש אוב׳ גֿאב דען שליסל דען רבי ער זאלט עש ביאן וואל
פֿר ווארן וויא ער אל מאל גֿטאן האט · אוב׳ בייא דער נכֿט גֿנגֿאן וואל
הין ביין גנבֿים אוב׳ ברוכֿטן איין אין דש דוכס אוצר אוב׳ נאמן וויש זיא
קאנטן מיט נעמן · אוב׳ אונטר דיא גנובֿים ווארן עטליכֿה אויש דער
עצה ערובים · אוב׳ צו מארגֿנש גֿנגֿ דער רבי הין אוב׳ וועלט צו דען
אוצר זעהן וויא נון זיין סדר ווער דא גֿנגֿ ער הניין אין דש גֿוועלב אזו
פֿאנט ער נישט דרינן זיא האטן עש אלש אויש גֿרויאט דא דער
שראק דער רב גֿאר זער · אוב׳ גֿנגֿ הין צו רבי יודא חסיד אוב׳ פֿראגֿט
אין דאך אום איין גֿוטן עצה אוב ער דאך מעכֿט צו דעם זיינן קומן
ווידר · דען ווען דער שר איין היים קומט אזו מעכֿט ער אין חושד
זיין אוב׳ מעכֿיט אין חו״ו אום דאש חיות ברענגֿן אוב׳ טריב איין גֿרושן
יאמר אלש וואל צו גֿדענקן אישט · דא שפראך צו אים רבי יודא חסיד
קום הער מיט מיר דא פֿירט ער אין אן איין פֿענשטר אוב׳ שפראך
צו אין לוגֿ דא הנויש אוב׳ טוא גייארט וויש איך דיך הייש אלזו מאכֿטט
דער חסיד זיין שמות אוב׳ דער נאך פֿראגֿט דער חסיד דען רבי וויש
זעכֿט איר דען דאש פֿענשטר ווער גֿאר הוך דש מן ווייט אויף דאש
פֿעלט קענט זעהן דא שפראך דער רבי איך זעך וואל דש דש חדר
דא מיר אינן זיין דז אישט הוך איבר זיך גֿנגֿאן דש איך איבר אלי טעליר
קאן זעהן דיא אין דער שטט זיין · דא פֿראגֿט אין דער חסיד צום
אנדרן מול וויש זעכֿשטו דא זאגֿט דער רבי איך זעך דיא גנבֿים דיא
מיר דיא גניבֿה גֿטאן האבן אוב׳ זיא טראגֿן דיא גניבֿה אין אירן הענדן ·
דא שפראך דער חסיד זיך וואל דרויף ווא זיא דיא גניבֿה הין טובן ·
דא שפראך דער רבי זיא וועלן זיא אונטר דיא ערד פֿר בארגֿן אונט
בנאמן זיא דען ווידר ארויש אוב׳ גֿן גֿלייך מיט אים אלש ווען זיא ניט
ווישטן ווא זיא מיט דער גניבֿה הין זעלטין קומן · דא שפראך דער
חסיד ווידר דען רבי זיך וואל דרויף ווא זיא מיט דער גניבֿה הין וועלן ·

דא שפראך דער רבי איצונט נעמן זיא דיא גניבה אונ' גן מיט אן איין
שמידש הויז אונ' איין טייל גנבים רידן מיט דעם שמיט שמועת אונ'
הלטין אין אזו מיט ווארטן אויף דש ער ניט זאל זעהן וויש דיא גנבים
טובן אונ' זיא גראבן דש מאון אין איין פפערעש שטל אונ' זיא דעקן
דיא גניבה מיט מישטע צו· דא שפראך דער חסיד האשטו עבין גזעהן
וואז זיא דיא גנובה האבן הין גיטאן אונ' וויש דוא גוויש וואז דש הויז שטיט
נעם דיר עבין סמנים דראן דש דוא ווישט דא הין צו קומן· אונ'
זייא גפרישט דען זיא קענין דיא גניבה ניט ווייטר ברענגן אן דיין
ווילן אונ' טוא דוא ניט אנדרש בייארט וויש איך דיך הייש· אונ' גיא
דוא צום דוכס אונ' פאל אים צו פוש אונ' ביט אום גנאד דש ער דיין
קלאג עבן פאר נעם אונ' דאש ער ניט אן דיר פאר געך· דער רבי
טעט בון גלייך וויא אין דער חסיד היש אונ' צוג אלזו לנג ביז ער צום
דוכס קאם אונ' פיל אים בור זיין פויש אונ' רידט מיט דעם דוכס וויא
אין דער חסיד האט גהייסן דא שפראך דער דוכס שטיא אויף לוש
איך הערן דיין קלאג דיר זאל גנאד מיט גטיילט ווערדן· דא זאגט דער
רבי דען דוכס וויא עש אים גנגאן ווער מיט דער גניבה דא פראגט אין
דער דוכס ווישטו אביר ווער דיא גנבים ווערן אביר ווער זיא ווערן
אביר וואז זיא הער ווערן אביר זיא אך בורגר אויש דער שטט ווערן
אובטר זיא· דא שפראך דער רב אדוני איך קען זיא אל וואל אונ' וויש
אך וואל וואז זיא דיא גניבה הין גיטון האבן· דא שפראך דער דוכס ליבר
מיינשטר זא דוא וואל ווישט וואז דיא גניבה אישט זא נעם לייט גבונן
מיט דיר בון מיינם לייטן אונ' נעם דש גוט ווידר זא איר דען ווישט וואז
זיא דיא גניבה האבן אונ' ברענגט עש ווידר אן דאש אורט דא עש
פאר אישט גוועזן· דא שפראך דער רבי ניין מיין ליבר הער לושט
דיא דיב פאנגן אונ' פאר דאש גריכט שטעלן אונ' ווען זיא דען
דיב שטל ביקענן לוט אין אלש דען איר רעכט גן וויא זיא פאר דינט
האבן· דען ווען זיא זאלטין דאש מאל דער בון קומן האבן זיא עש הייט
אך גיטאן טובן זיא עש מארגן אך ווידר אונ' ווערט ניקש זיכר בור זיא
זיין דען עש זיין גרושן מעכטיגן שטעטליכן בורגר אין דער שטאט·
דא זאגט דער דוכס הער מיינשטר איר זאגט רעכט בון דער זאך מיר
ווען דען דיבן איר רעכט טון נאך אירן פאר דינשט זאגט נומן מיר
ווער זיא זיין· אלזו נענט זיא דער רב אל נאך אנבדר אלזו שיקט דער
דוכס נאך דען ערובים אונ' נאך דען גנובים דיא זיין עטליכה ערובי'
גוועזן זיא מערקטן עש אביר ניט וויש דער דוכס בון זיא וואלט הען
העט.

העט דער חכם נאך דיא גנבים אלין גישיקט העטן זיא עש וואל
גימרקט אונ׳ העטן פֿיליכט פליטה גימאכט · דא זיא נון אל בייא דעם
דוכס ווארן שפראך דער דוכס ווידר דען רב ליבר אייבשטר גיט הין
אונ׳ נעמט לייט גיבונגן מיט אייך פֿון מיינם לייטן אונ׳ ברענגט מיר דש
געלט בסוד הער דען איך וויל דיא לייט ביי מיר דער וויל אויף האלטן
דש זיא פֿון ניקש מרקין זאלין אונט דער נאך וועלין מיר עש אין פֿאר
הלטין וויא דיא זיך פֿאר הבדן אישט אונ׳ אלזו גינג ער ווידר אין הייאן
אונט ברולט דיא גניבה וויא זיא דיא גנבים פֿאר בארגן האטן · דא
שפראך דער דוכס נון באלין איר בויזוויכטיר פֿאר איינט אייך
דורך איין בנדר ווער דען דיבשטל גיטון האט דען איך וויש וואל דאש
איין טייל אונטר אייך זיין דיא דאש גישטולין האבן דא ווארד נון אפֿין
באר ווער דיא גנובים ווערן · דא זאגט דער דוכס צו דען אנדרן
ערונים זיא זאלטין דאש אורטייל אויש שפרעכן איביר דיא גנובים
אויף אירן גישווארן אייד דען זיא גילובט אונ׳ גישווארן העטן זיין שאדן
צו ווענדן זיין נוץ צו ווערבן דען דיא דיב העטין אין דאש גיוועלב אויף
גיבראכן אונ׳ דאש זיין דרויש גישטולין אונ׳ דא העטן גימייבט דען יודן
צו צייאן וויל ער דען שליסיל העט צום גיוועלב גיהט · דא גינג דאש
אורטייל אן זאל דיא דיב אל הענגן אן גלגן דש גישאך גליך אונ׳ דער רב
וואר בשירמט פֿר דעם טוט אונ׳ דער פסוק ווערט אך בישטעטיגט
אן אים צדיק מרעה נחלץ ויבא רשע תחתיו דש אישט טייטש דער צדיק
פֿון דעם ביזן ער ווערט בישערמט אונ׳ דער רשע דער קומט
אן זיין שטאט אלש דא אך גישאך :

קעג

מעשה גישאך עש זאש איין גרושר חסיד צו מענץ דער זאל
גיהייסן האבן רבי אמנון דער האט איין זון דער הייש
רבי אליעזר דא נון דער פֿאטיר שטורב דא טעט ער דען זון צואה ער
זאלט אל זיין טאג ביט איבר דש וואשר פֿארן דש מן נעבט דיא טובא ·
אונ׳ דער רבי אליעזר האט נון הערן זאגן פֿון רבי יודא חסיד צו מענץ
אונ׳ ער העט גערן צו אים גיצוגן קען רעגנשבורג ער העט גערן פֿון
אין עפיש גילערנט תורה דען ער וואר עפיש זיין קרוב · אלזו גינג
ער אונ׳ פֿור איבר דיא טובה אונ׳ צו בראך דען פֿאטירש צואה אונט
קאם קען רעגנשבורג צום חסיד וויא אין דער חסיד זאך גאב ער
אין שלום אונ׳ ער דנקט אים ווידר · דא זאגט דער חסיד צו אים אך

העט דיר ביליך ניט זעלן שלום געבן דען איך זיך וואל דוא האשט דיין פֿאטירש צוואה ניט געהלטן אביר בֿון דיין פֿאטירש כבוד הלבין האב איך דיר שלום געבן דא דער שראך רבי אליעזר נאר זער אום דיא ווארט דיא אים דער חסיד געבן האט· אלזו וואר דער רבי אליעזר נאר לנג בייא דעם רבי יודא חסיד ער העט גערן פֿיל בֿון אים גילערנט בֿון סודות אונ׳ זובשט גרושן זאכֿן· אלזו צוג אים דער חסיד אוודרן אויף דש ער אין ביקש לערנט ער וואר איין גאנצן זמן בייא אים גיוועזן דש ער ביקש בֿון אים גילערנט האט דער הלבין געהילט זיך רבי אליעזר נאר איביל דש ער איין זעלכֿן וייטן וועג גיצוגן האט אונ׳ וואר לנג אויש זיינם הויז גיוועזן אונט האט דאך נישט בֿון אים גילערנט· נון עש קאם איין מאל אן איינם ערב פסח דא וואר דער רבי אליעזר נאר טרויארג אוריך ער גידוכֿט זיך איצונדר זאל איך יום טוב דער הייאן זיין אונט דען סדר געבן אין מיינם הויז ווייא איין איטליכֿר בעל הבית טוט דא בין איך נון היא אונ׳ לינג איבר איינן פֿרעמדן טיש אונ׳ האב יוא גימייבט דש איך וועלט יום טוב ווידר דער הייאן זיין דען איך בין וואל בֿון דרייא תקופֿות אויז מיינם הויז גיוועזן אונ׳ איין גיזינט וועט ביט ווישן ווייא עש אום מיך שטיט אונ׳ גידוכֿט אזו הין אונ׳ הער אונ׳ וואר נאר טרויארג ביט אלין דש ער אלזו לנג אישט אישן גיועזן אונט האט דער צו נישט גילערנט· נון דער חסיד זאך וואל דאש ער אלזו נאר טרויארג וואר אונט וואשט זיין אן לינגן בון נאר וואל· בואן ווייש דער חסיד אים גיטאן האט· האט ער אים צו להכעיס גיטון וויל ער זיין פֿאטירש צוואה ניט האט געהלטן· דא הוב דער חסיד ווידר דען רבי אליעזר אן איך זיך וואל דש דוא אזו נאר טרויארג בישט אונ׳ איך וייש וואל דיין אנלינגן דש דוא גערין יום טוב דער הייאן ווערשט בייא דיינן ווייב אונ׳ קינט דאש דוא אים דען סדר זעלשט געבן· יא שפראך רבי אליעזר איך העט עש גערן גיהט ווען עש ווער בֿון גוט מיגליך גיוועזן נון עש קאן ניט גישעהן דען עש אישט הייט ערב פסח אונט אישט בון פֿאר זיאט· דא זאגט דער חסיד וויש ווילשטו מיר שענקן ווען איך דיך הייט איין הייאן ברענגן נאך פֿאר יום טוב דא וואר דער רבי אליעזר נאך ערויארינר אונט זאגט ווידר דען חסיד איר זייט מיך דער צו מצריך· ניין שפראך דער חסיד איך מיין עש לויטר ערנשט· דא שפראך דער רבי אליעזר איך וואלט איינם געבן וויש ער בינערט דען איך ווישטיט קיין גרעשיר שימחה צו האבן דען דש איך יום טוב דער הייאן זעלט זיין בייא מיינם ליבן ווייב אונ׳ קינט· דא

שפראך

שפראך דער חסיד נון עש אישט צו שפעט איר מוזן נון מצות מאכן
דער נאך וויל איך זעהן אוב דוא קאנשט איין הייאן קומן · דא פאר
וואנדרט זיך רבי אליעזר אויף דעם חסיד ר״ד · אלזו בוכן זיא דיא מצות
אונ׳ ווא נון דיא מצות אויש דעם אובן גנומן ווארדן זאגט דער חסיד
ווידר רבי אליעזר זע הין אונ׳ נעם דיא מצוה מיט דיר טוא זיא ביא דיר
דוא זאלשט דיא מצוה נאך איין הייאן ברענגן דש זיא נאך ווארם זאל
זיין · אלזו לפט רבי אליעזר אונ׳ גינג הין אונ׳ מכט זיך גלייך פארטיג אונ׳
דער חסיד טעט אים דיא מצוה אין זיין בוזן אונט גינג מיט אים אויף
דאש פעלד דא וואר דער רבי אליעזר נאך זער טרויאריג דאש ער
נאך נישט פון אים גלערנט האט אונ׳ זאלט אלזו איין הייאן ציהן · נון
דער חסיד מערקיט עש וואל ווא עש אים לאג אונ׳ זאגט ווידר דען רבי
אליעזר איך וייש וואל דש דוא גערן סודות פון מיר גלערנט העשט ·
יוא שפראך דער רבי אליעזר איך בין דער הלבן הער גקומן דש איך
גמיינט האב עפיש צו לערנן · אלזו שפראך דער חסיד נון עש ווער
וואל ביליך דז איך נישט זאלט מיט דיר לערנן דען דוא האשט דיין
פאטירש צוואה גבראכן · דוך וויל איך דיך עפיש לערנן פון וועגן
דאש דיין פאטיר איז איין קרוב גוועזן אונט איין פרומיר מאן גוועזן
אישט · אונ׳ נאם דען שטאב דש ער אין דיא הנט טרוג אונ׳ שריב
אויף דיא ערד אין זבט עטליכה שמות אונ׳ שפראך ליבר רבי אליעזר
לייאה דוא דש דש איך דא גשריבן האב · וויא ער דאש גלייאט האט
דא וואשט ער גלייך אזו פיל אז דער חסיד אונ׳ דער נאך מענקיט דר
חסיד דז גשריפט ווידר אב אונ׳ פר דעקיט עש מיט זנט דא וואשטט
ער אביר נישט אונט האט ער אלש פר געשן וייש ער פאר גקענט
האט · דאש טעט ער דרייא מאל נאך איין נכדר מיט דען שרייבן
אונ׳ מעקיט עש ווידר אויש דא וואר זיך רבי אליעזר גאר זער מצער
דש ערש אל איין מאל פאר גאס וייש ער גלערנט האט · אונט צום
פירדן מאל שריב דער חסיד ווידר אויף דען זנט עטליכן ווערטיר אונ׳
היש עש רבי אליעזר אויף לעקן מיט דער צונגאן דש טעט ער אונט
וויא ער דיא ווערטיר אין גשלוקט האט מיט דעם זאנט דא קאמן אים
דיא ווערטיר אין זאנט דא וואשטט ער נון גאנץ אלש פיל אז דער חסיד
אונ׳ פר גאס עש ניאן · אונ׳ דא ער נון דיא חכמות פון דעם רב גלערנט
האט דא נאם ער רשות פון אים אזו בעגעשט אים דער חסיד אונט
ער צוג מיט פריידן אונ׳ וואל גמוט דען ער פאר טרו ארט אויף דאש
חסיד ריד דש ער נאך פאר יום טוב זאלט איין הייאן קומן אונ׳ דער
חסיד

זולין דש מאון ווידר געבן אונ׳ וועלין חכמות פון אים ליבר לערנן דען
דאש געלט פור גוט · אונ׳ דיא חכמה בישטיט · דא זאגטן דיא אנדרן
צווייא דוא מאגשט דש געלט וואל ווידר ברענגאן אונ׳ חכמות לערנן · אביר
איר וועלין ניט ריד פור געלט פור קויפן · אלש באלד ליף דער קליין
ווידר צום מלך אונ׳ שפראך אדני מלך איך בין ניט הער גיקומן פון
געלטש ווענן דער הלבן ביט איך דיך נעם דש געלט ווידר אונ׳ לערנן
איך דרום דרייא ארלייא חכמות · אלש באלד אז שלמה מלך דאש הורט
דא הוב ער אן אונ׳ לערנט אין תורה אונ׳ זאגט צו אין איין זון ווען דוא
גישט אויף דעם וועג זא זייא גיווארנט אלש בלד אז דר מארגן שטערין
שטיט דש דוא שון בערייט בישט צו גין דיינש וועגש אונ׳ צו אבינט בלד
ווידר אין דיא הערברינג גישט דא האשטו איין חכמה פון מיר · אונט
ווען דוא זיכשט איין באך דיא גרוש אישט אונ׳ איבר גלאפין אישט זא
גיא ניט גלייך דער דורך בייארט ווארט ביז דיא באך ווידר קליין ווערט
אונ׳ אויף איר אלטן שטט ווידר קומט דש זיין פון צווייא חכמות · אונט
איבנגליך אנטפלעק דיין הייםליקייט צו קיינר פרויאן אונ׳ אפילו צו
דיינן איינגן וייב דא האשטו פון דרייא חכמות · אונ׳ אלש באלד דש פון
דער יונג דיא דרייא חכמות גילערנט האט נאם ער רשות פון קיניג
אונ׳ זעצט זיך אויף זיין פפערט אונ׳ ריט גיש ווינט זיינן ברידר נאך
אונט וויא ער פון צו זיא קאם דא זאגטן זיא צו אים וויש האשטו פון
גילערנט פור חכמות אונ׳ ווארין אין מצריך · דא זאגט ער וויש איך
גילערט האב דאש האב איך גילערנט וויש פרעגט איר דער נאך :
אלזו צוגן זיא ווייטר מיט אנגדר ביז אויף דיא ניין שעות דא קאמן זיא
אן איינן שטט דיא ווער גאר הויפש אונ׳ וואלטן דינן איבר נעכטיגן דא
הוב דער קלענשט אן פאר ווער איר ליבן ברידר דיא שטאט איז גוט
אונש צו איבר נעכטיגן ווארים מיר קענן אלש איבר קומן היא פון
וואשיר אונ׳ האלן אונ׳ קרויט צו דען פפערט דש זיא קענן עשן ווען
איר מיר וועלט פאלגן אזו וועלין מיר הייט היא בלייבן אונט מארגן אלש
בלד דער מארגן שטערין שטיט אזו וועלין מיר איה ווידר אויף זיין · דא
שפראך דיא אנדרן צווייא ברידר אייא דוא שוטה מיר האבן וואל אן
דיר גיזעהן דא דוא דש מאון האשט איין וועק גיגעבן אונ׳ האשט חכמה
דער פור גילערנט דש דוא איין נר בישט דען מיר קענן נאך וואל אכט
מייל וועגש גין הייט איטעש נאכט ווערט אונ׳ דוא ווילשט האבן דאש מיר
זאלין שון איבר נעכטיגן · דא שפראך דער יונגש ווידר טוט איר
נאך אייערם וואל געפאלין אביר איך וויל ניט פון היגן קומן דיזר נכט

ביז מארגן פריא איה אזו גנגן זיא אירן וועגש פור זיך אוב׳ ער בליב
אלזו דא אוב׳ הובאן אוב׳ שנייד האלז אב אוב׳ מאכט איין גרוש פייאר אן
אוב׳ מאכט אין איין קליין היטלין דש ער קונט דינן ליגן אוב׳ זיין פפערט
אך אוב׳ ליש זיין גוט פפערט דא ווידן ביז עש נאכט וואר צו נכט טעט
ער דש פפערט אך אין דאש היטלין אוב׳ גאב אין גערשטן צו עשן
אוב׳ ער אש אך אוב׳ ליגט זיך שלופין אוב׳ שליף בשלום די גנץ נאכט ·
אוב׳ זיין ברידר גינגאן פארט ביז גנץ נכט אוב׳ הטין ניט קענין גבינדן
קיין ווייד צו אירן פיך אוב׳ הטין קיין האלז נאך פייאר קענין ביקומין
אוב׳ עש העט דיא נכט גאר זער גשניאן אויף זיא ביז זיא זיין פור גרושן
קעלט גשטארבן אביר דען יונגשטן וואר ביקש גשעהן דען ער האט
איין היטלין גבויט · אובט ויא עש בון מארגן וואר אזו מאכט ער זיך
פארטיג אויף דעם וועג אוב׳ זעצט זיך אויף זיין פפערט אוב׳ איילט
נאך זיין ברידר נאך אוב׳ ויא ער צו אינן קאם ווארן זיא אל טוט · ויא
ער זעלכיש זאך שטיג ער אב פון זיינן פפערט אוב׳ פיל אויף זיא אובט
וויינט אוב׳ שריא אוב׳ ער נאם איר גוט אוב׳ בגרוב זיא אוב׳ גינג דער
נאך זיין שטרוש דא גינג דיא זון אויף דש דער שניא צו שמעלצט דש
דיא בעך אל פול ווארדן דש זיא איבר לופין פור דען גרושן שניא דאש
דער יונגשט ניט קונט איביר פארן מיט זיינם פיך אוב׳ פפערט אלז
באלד בידרט ער פון זיינן רוש אוב׳ ווארט ביז דיא באך ווידר קליין
ווארד · אוב׳ ויא בון דיא באך ווידר אויף אירן שטאט קאם דא זאך ער
אויף דיא אנדר זייט דא זאך ער דורטין דיא קנעכטין פון שלמה מלך
דיא בראכטין צוויא בהמות דיא ווארן שווער גלאדן פולר גולד אוב׳ דיא
קנעכטן זאגטן ווידר דען יונגשטן ברודר ווארום איבר פארשטו ניט
אריבר דא זאגט ער וויל דיא בך אזו גרוש וואר אזו וויל איך דא ווארטין
ביז זיא ווידר קליין ווערט אוב׳ זיא הובן אן אויף יעניר זייטן אוב׳ בורן איין
דיבר אוב׳ ויא זיא אין דיא מיט פון באך קאמין אזו וואר דער שטראם
אזו גאר שטרענג דש זיא אום פילן אוב׳ דער טראנקין אל · אוב׳ דער
יונגשט ברודר ווארטיט דא אלזו לנג ביז דיא באך קליין וואר אוב׳ נאם
דש ממון אוב׳ איבר פור דיא באך אוב׳ צוג איין היים בשלום אזו האט
אין דיא צוויא חכמות גנוג גבאט דאש ער פיל ממון דער מיט ביקומן
האט · ויא בון דיא אנדר ברידר וייבר זאגין דש אירן מאנן ניט איין
היים קאמן אזו פראגטן זיא ווארום אירן מאנן ניט אך זיין איין היים
קומן · דא זאגט ער זיא ווידר אייערן מנין זיין נאך דארט גבליבן ביא
דעם מלך שלמה אוב׳ לערנן נאך חכמות אוב׳ ער הוב אן אוב׳ קויפט

פעלט אונ׳ ווין גערטן אונ׳ בויאן הויפשן הייזר אונ׳ קייפט אונט פור
קויפט· דא פראגט אין זיין וויב איין מאל איין ליבר מאן ווא קומט דיר
דאש מאון אלש הער אלש באלד ווער ער גאר זער צארבינג איבר זיא
אונ׳ שלוג זיא מכות אובט זאגט ווידר זיא וויש האשטו דער נאך צו
פראגן· בון זיא לאג אין אזו לנג אן אונ׳ שפראך איך זיך וואל דוא האשט
מיך ניט ליב דיא וויל דוא מיר ווילשט בישט זאגן ווילשט· איך ביט דיך
זאג מיר ווא דירש דש מאון אלש הער קומט אונ׳ זיא לאג אין אזו לנג צו
קיפלין וויא בון דיא ווייבר סדר אישט ביז זיך דער גוט מאן איבר רידן
ליש אונ׳ זאגט איר אלש וויא עש אים גנגאן וואר מיט זיינן ברידר אונ׳
מיט דעם קינגש קנעכט אונ׳ דא האט ער דיא דריט חכמה ניט
געהלטין דש אים ביקש גוטש ברוכט וויא איר בון וואל הערן ווערט· בון
בינאב עש זיך איין מאל דאש דער יונגשט ברודר מיט זיינם וויב
צעבקט אובט שלוג זיא גאר הרט דא הוב זיא אן צו שרייאן אונ׳ זאגט
אישט ביט גבונגן דש דוא האשט דיין צוויא ברידר דער שלאגן אובט
דוא ווילשט מיך אך דער שלאגן· וויא בון זעלכש דיא צוויא ווייבר
הורטין וויא אירמנין טוט ווארדן אונ׳ דער יונגש ברודר האט זיא אום
איר חיות גבראכט דא לופין זיא גלייך פאר שלמה מלך אונ׳ בור קלאגטן
דען יונגשטן ברודר· אלש באלד דש שלמה דש הורט דא שיקט ער
באך אין אונ׳ גבוט דאש מן אין זונדר אורטייל אך טיטיט· אונ׳ וויא מן
אים זולט טיטן הוב ער אן אונ׳ באט מן זאלט אין דאך פור דען קינג
זעלברט לאזן ער מושט מיט אים זעלברט איין וואָרט רידן אזו ווארד
ער צום מלך גפירט וויא ער בון צו אים קאם פיל ער אין בידר אוין
זיין קניא אונ׳ שפראך צו אים איין הער דער קינג זאל איבנג לעבן
איך בין איינר פון דיא דרייא ברידר דיא דא בייא דיר דרייא צעהן יאר
גדינט האבן צו לערנן חכמה אונ׳ איך בין דער יונגשט אובטר איבנן
דער דען קינג דש געלט האט ווידר גבראלט אונ׳ האב חכמות דער
פור גלערנט אונ׳ דיא חכמות דיא איך פון דיר גלערנט האב דיא הבן
מיך בשירמט פור אל דעם איבל. בון האב איך דיא דריט חכמה ניט
געהלטין אובט האב איינם וויב דען סוד גזאגט אזו האט זיא איר פור
מסרת דש עש איר אזו איביל גיט אלש באלד זעלכש דער מלך הורט דא
קובט ער דען מלך אונ׳ שפראך שטיא אויף אובט פערכט דיך בישט
דש דוא שון דאש גוט בון דיינן ברידר אונ׳ פון איינן קנעכטן גנומן
האשט דען עש אישט אלש דיין דען דיא חכמה דיא דוא בון איר
קויפט האשט דיא האט דיך בישירמט בור דעם טוט אונ׳ בון האבט

דיינר פֿרויאן דער הלבן גיא הינײן אים דיין הויז בשלום אונ׳ פֿרייא
דיך מיט דיינם וויב אונ׳ דארויף האט שלמה המלך גיזאגט קנה חכמה
מהטוב מחרון ומפז דאש אישט טויש ווען איינר חכמה לערנט אישט
בעשר אלום גיט גולד דוך דיין סוד אנטפלעק ניט דיינם וויב ׃

קצת מעשה

גישאך אין טאגן שאול המלך דא וואר איין מאן דער
האט איין שון וויב אונ׳ זיא וואר איין גיוועלטגן עשירה
אונ׳ דער מאן וואר בון דער אלט דאש זיין צייט קאם דאש ער וואלט
שטערבן׃ אונ׳ דיא וייל בון דז וויב זוא גאר שון וואר דא גאב דער שר
פֿון דער מדינה זיין אויגן אויף זיא אונ׳ וואלט דש שון וויב נעמן מיט
גיוואלט אונ׳ זיא וואר גאר פֿרום אונ׳ וואלט יוא קיין מאנונג ניט פֿון אירן
מאן וויכֿן דער הלבן פֿארכֿט זיא זיך גאר זער ׃ אונ׳ נאם האלב איר
ממון אונ׳ טעט עש אין איין קרוג אונ׳ טעט אובן אויף אין דש אובט לוך
פֿון קרוג הונינג דאש מן ביקש מרקן זאלט אונ׳ גאב עש איינם מאן אין
דער שטאט אויף צו היבן׃ דער זעלבינג מאן קאנט זיא גאר וואל אובט
זאר אירש מאן קרוב אונ׳ נאם עדים דער צו אונ׳ זיא צוגן אויש דער
מדינה דא מיט דש זיא פֿון אירן שר איין וועק קאם׃ ביט לנג דר נאך
דא פֿינגרט דער שר דער זיא בינערט האט׃ דא קאם דיא גוטי פֿרויא
ווידר אין אירן שטאט׃ בון האט דער זעלבינג מאן דען זיא האט דען
פקדון אויף צו היבן געבן איין ברכֿה צו מאכֿן זיינם זון אונ׳ בידרפֿט עבן
איין ווינג הונינג דא גיגאן ער דען קרוג מיט הונינג אונ׳ ער נאם פֿון
הונינג אובן איין ראב אונ׳ גיבאנט דש געלט אובטיר דען הונינג׃ אונ׳ ער
גינג הין אונ׳ נאם דש גולד אלש ארויש אונ׳ פֿילט דען קרוג ווידר מיט
איידל הונינג׃ דער נאך קאם דיא פֿרויא צו אים אונ׳ בינערט איר
פֿקדון ווידר דען זיא אין האט אויף צו היבן געבן׃ דא שפראך דער מאן
גיא דוא הין אובט ברענגן דוא דיא צוויא עדים דיא דא דער בייא זיין
גיוועזן אז וויל איך דיר דיין קרוג ווידר געבן אלזו גינג דיא הין אובט
בראכֿט דיא צוויא עדים דא גאב איר דער מאן איר פיקדון ווידר׃ אונ׳
ווי זיא נון איין הײאן קאם מיט אירן קרוג אובט וואלט זעהן אוב איר
פֿיקדון נאך דינן וואר דא טעט זיא דען קרוג אויף אזו וואר איידל הונינג
דינן אונ׳ דש גולד וואר אלש ארויש גינומן׃ אזו הוב זיא אן צו שרייאן
אונ׳ צו וויינן אונ׳ גינג פֿור דען שופֿט אין דער שטאט אונ׳ ליש יעבן מן
בירופֿין דא זא זאגט דער שופֿט ווידר דער פֿרויא האשטו עדים דער

ביא גיהט דא דוא איס האשט דען קרונג מיט געלט אויף צו היבן געבן
דא זאגט זיא כיין איין ליבר הער דא זאגט דער שופט ווידר דיא פרויא
איין טאכטיר וויש זאל איך דיר דען העלפין · גיא דוא בור דען קינג
שואול אוב לוש דיר העלפין אלזו גינג זיא בור דען קינג שאול אוב פור
קלאגט דען מאן · דא שיקט דער קינג שאול נאך דיא סנהדרין דא
זאגטן דיא סנהדרין אך ווידר זיא איין טאכטיר האשטו עדים דר ביא
גיהט דא דוא איס האשט דען קרונג מיט גולד אויף צו היבן געבן · דא
זאגט דיא פרויא ניין איך האב קיין עדים דען איך האב דש אלש אויף
איין ערואה גיטון דאר מיט דז אונזר שר ביט זאלט גיוואר ווערדן דז איך
אזו פיל מאון העט זונשט העט ערש מירש גינומן מיט גיוואלט · דא
זאגטן דיא סנהדרין איין טאכטיר מיר האבן קיין רשות ביט צו ריכטין
אובטיר ישראל זייא דען ווא עדים דער ביא זיין אביר מיר קענין ניט
ריכטין וואש איינר אין זיינם הערצן האט · אזו גינג דיא גוט פרויא
ווידר איין וועק פון דיא סנהדרין מיט טרויארנן הערצין אובט שריא
אובט וויינט אוב וויא זיא נון וואלט איין הייאן גן דא בינגנט איר דוד
המלך דער וויש נאך גאר יונג אוב היטט נאך דיא שאף אוב ער שפילט
נאך מיט דען יונגאן · אזו הורט ער דיא פרויא אזו גאר זער שרייאן
אזו פראגט ער ווארום זיא אזו גאר זער שריא · דא זאגט דיא פרויא
וויא עש איר ווער גיגנגאן מיט דען מאן · אוב זיא האט אין ואר דען קינג
גיהט אובט אך פאר דיא סנהדרין אוב זיא האבן מיר אביר קיין דין
דריבר געגעבן · דער הלבן וויל איך דיך ביטן העליף דוא מיר ווידר צו
דען מיינן אוב גיב דוא מיר איין דין דריבר · דא שפראך דער דוד
גיא צו דעם קינג שאול אוב ביט אין דש ער מיר רשות גיבט זא וויל איך
דען הבדיל פאר אידר וועלט ווייזן דש דוא רעכט ווערשט האבין אובט
וויל דען דין אויש ציהן צו דער רעכטיא ווארהייט · אלזו לוף דיא גוט
פרויא ווידר צום מלך אוב שפראך אדוני מלך איך האב איין יונגאן
גיפונדן דער וויל דען פסק אויש ציהן דש אידראן דיא רעכטיא ווואר
הייט קענט זעהן וויא עש דער מיט איז · דא זאגט דער מלך איין
טאכטיר ווען דוא אזו איינן ווישט אזו ברענג אין הער מיט דיר
אלזו רופט דיא פרויא דען קליינן יונגאן פור דען מלך שאול דא זאגט
שאול ווידר דוד בישטו דער יונג דאש דען דין ווילשט אויש ציהן צו
דער רעכטיא ווארהייט · דא זאגט דוד אדוני המלך ווען דוא מיר
רשות גיבשט זא פאר זיכיר איך מיך אן הקנה דאש איך זעלכיש וואל
טון וויל דא זאגט שאול אזו גיא מיט איר איין ליבר זון אובט העלף דער·

זאטי פֿרויא דען זיא שרייט גאר יעמרליך אונ׳ אן קאן איר ניט העלפֿין דא גינג דוד מיט דער פֿרויאן אין איר הויז אונ׳ שפראך ניכֿט ארווישר אייער קרונג דיא איר האט דען מאן אויך צו היבן געבין אזו צוג זיא דען קרונג אליר הרווישר אזו שפראך ער צו איר קעניט איר אך דיא קרונג דש דאש דיא רעכֿטיא קרונג זיין · דא זאגט זיא יוא מיין ליבר הער דאש זיין דיא קרונג איך קען זיא גאר וואל · דא פֿראגט ער דען מאן אך דער דא דען פיקדון בייא זיך געהט האט · זיין דאש דיא קרונג דאש דיר דיא פֿרויא האט אויך צו היבן געבן · אזו שפראך ער אך יוא מיין הער איך האב זינשט קיין אנדר קרונג גיהט · דא שפראך דוד אזו גיט הין אונ׳ ברענגט מיר איין אנדרן קרונג אך דא הער דער באך לער אישט · דא גינגאן זיא הין אונ׳ בראכֿטן אין איין לערין קרונג · דא לערט ער דיא בֿולין קרונג אויש אין דיא לערין קרונג · אונ׳ נאם דער באך דיא קרונג דא הינג אישט דינן גיוועזן אונ׳ צו בראך זיא צו קליינן שטיקן בֿור אידראן אונ׳ זוכֿט אן דיא שטיקר אונ׳ גיבֿאנט אובטיר דיא שטיקר אן איינם שטיך שערבן צווין גולד גילדן קלעבן · דא דאש דוד זאך שפראך ער ווידר כל הקהל דא זעכֿט איר דש דיא פֿרויא וואר האט גיהט דער הלבן שפראך ער ווידר דען מאן גיא דוא הין אונ׳ גיב איר דש געלט אלש ווידר ווישטו גיבֿואן האשט דען אן זילכֿט וואל דש דוא דיא קרונג האשט אויש גילערט · וויא בון כל ישראל זעלכֿיש זאכֿין דא בֿור וואנדרין זיא זיך דער קינג שאול אונ׳ אידראן אונ׳ קובטן וואל גידענקין דז דיא נבֿואה אויך דוד רואיט וויל ער זולכֿיש קעניט ווישן הקבֿה לוש אונש אלין זיין זכֿות לאשין גניסן אונ׳ משיח הער לאשין שיסן: אמן סלה

קצט

מעשה גישאך אן איינם מאן דער היש בן סבֿור דען עש וואר איין יתום אין זיינר שטט דא ער אינן וואבט דז זעלבין יתום דש הוט איין פילצייל אנטשפֿוזט צו איינם וייב אונ׳ דאש יתום ליש זיא זיבן יארגן דאש זיא ניט קובטן אובטיר דיא חופה גן בֿור גרושר ארמוט · דא נאם דער בן סבֿור זילבור אונ׳ גולד אונ׳ אליר ליא גוטן שפייז צו זיך אונ׳ גינג פֿובפֿציהן טאג רייז ווייט אי ער קאם אין דער זעלבין שטט דא דיא כלה אונ׳ חתן קעניט צו איין זאן ברענגאן אונ׳ מאכֿט באזל טוב דיא ברכֿה דאש גישאך · אונ׳ דער נאך גינגאן זיא מיט פֿריידן אובטיר דיא חופה אונ׳ דיא ברכֿה ווערט זיבן

ג̇ג̇צין טאג̇ · דא נון דער חסיד וואלט ווידר איין היים ציהן דא קאם
ער אן איינן הוכֿן בערג̇ אוב̇ אויף דען בערג̇ שטונט דאש שענשטן
אופש דאש מאן פֿינדן מעכֿט אוב̇ וועלכֿיר מענש דער בייא וואלט ג̇ן
דער מושט שטערבן · דען עש לאג̇ן דיא אליר בוישטן וירם בֿון אין
ג̇הייאר דער בייא אוב̇ אלש בלד דאש זיא איין מענשין שמעקן דא
וואר̇ן זיא אים מאית̇ אוב̇ לאג̇ אך דער בייא איין ג̇רושר טראך · אוב̇
דער ג̇וט מאן דערבן סבֿור דער ג̇נג̇ איבר דען טראך הער דען ער
מיינט עש וואר איין בויק אוב̇ וויא ער נון איבר דען טראך וואר קומן
דא ביג̇עג̇נט אין איין מאן דער וואר ג̇אר אין ג̇שטלט דש וואר דער מלאך
המות̇ דא פֿראג̇ט אין דער מלאך המות̇ ווער בישטו דא שפראך דער
בן סבֿור איך הייש בן סבֿור מיט מיינם רעכֿטן נאמן · דא פֿראג̇ט
אין דער מלאך המות̇ וואו קומשטו הער אדר וואו ווילשטו הין ג̇ן · דא
שפראך דער בן סבֿור איך בין ג̇וועזן אין איינר שטט וואל פֿונפֿציהן
טאג̇ רייז בֿון הינן אוב̇ בין אן ארים יתום נאך ג̇צוג̇ן אוב̇ הוב אין איין
וויב ג̇ג̇עבן אוב̇ האב אין דיא בריילפֿט אויף מיינן קאשטן ג̇מאכֿט אוב̇
האב אין דער צו פֿיל זילבר אוב̇ ג̇ולד ג̇ג̇עבן · דא שפראך דער מלאך
המות̇ איך בין איצונט אויף דען וועג̇ דש איך דיר דיין נשמה זאל נעמן
דען דיין צייט אישט קומן דאש דוא שטערבן זאלשט · וויא נון בן סבֿור
דיזר ריט הורט בֿום מלאך המות̇ דא הוב ער אויף זיין הענט ג̇ג̇ן הימל
אוב̇ טעט תפֿילה אוב̇ זאג̇ט הער אל דער וועלט שטיט דאך אין דיינר
היילג̇ן תורה ג̇שריבן דער דא האט איין מצוה אונטיר דער הנט דער
ווערט ניט ג̇שעדיג̇ט אוב̇ ג̇שיכֿט דען זעלבג̇ן ניקש ביז אוב̇ איך בין
נאך דער מצוה פֿיל מענך מייל וועג̇ש ג̇צוג̇ן אוב̇ האב אך פֿיל ג̇עלט צו
צדקה ג̇ג̇עבן אי איך בין דא הער ג̇קומן הילפֿט דען מיך דאש ג̇עטש
אלש ניקש דאש איך דז מאל ג̇טאן האב אוב̇ זאל אויף דען וועג̇ אזו ג̇אר
יעמרליך שטערבן ווער איך בייארט דער הייאן בייא מיינן ג̇זינט דז
איך אין פֿאר צוואה טעט וויא זיא זיך זאלטן הלטין נאך מיינם טוט דא
קאם איין שטים בֿון הימל הירא בבן סבֿור דו האשט נאך פֿינפֿציהן
טאג̇ צייט אי דוא שטערבן זאלשט דאש דוא נאך וואל איין הייאן קומן
קאנשט צו דיינן הויז ג̇זינט אוב̇ קאנשט אין צוואה טון וויא זיא זיך
זאלין הלטין נאך דיינם טוט · אוב̇ וויא ער זולכֿיש הורט דא וואר ער
ג̇אר פֿרוא אוב̇ ג̇ינג̇ אלזו בֿור זיך אוב̇ קאם אין איינר ג̇רושן שטט אוב̇
אונטיר דען טור ביג̇עג̇נט אין איין מאן דא פֿראג̇ט אין דער בן סבֿור
אוב גיט לערנר אין דיא שטט ווערין · דא שפראך דער מאן יוא עש

זיין פֿיל לערנר היא אונ׳ האט אך איין ראש ישיבה היא דער איז איין
קוישטליך מן אונ׳ מיט זיינן נאמן היישט ער רבי שפיטון בֿון ליש אודר
איין טייל לייט זאגן ער היש בן ליש דער האט פֿיל טויזנט תלמידים די
בֿור אין לערנן · דא שפראך דער בן סבֿור ליבר זון בֿיר מיך צו אין
אים זיין חדר דא בֿורט אין דער זעלבין מאן צו דען רבי שפיטון אין
זיין חדר אונ׳ ויא נון דער בן סבֿור צו דען רבי שפיטון קאם דא
לייכֿטט דאש בן סבֿורש פנים גלייך אלש ויא די לבֿנה דא דאש דער
רבי זאך שטונט ער אויף מיט זיינן תלמידים אונ׳ אנטפֿינגן אין אונ׳
הישן אין זיצן אונ׳ ויא נון זיא איין וויל בייא אננדר זאשין זא ווארד דען
בן סבֿור זיין פנים גאר בלייך · דא דש דער רבי שפיטון זאך פֿראגט
ער דען בן סבֿור וויש אים מנגאלט אוב ער עפיש עשין אדיר
טרינקאן וועלט אביר גבריכֿט דיר זונשט עפיש אלזו הוב דער בן
סבֿור אן אונ׳ זאגט דען רבי דאש מעשה ויא עש אין מיט דעם מלאך
המות גנגנאן ווער · דא שפראך דער רבי זעכֿט מיר מיך בייארט
איין נידר צו מיר אונ׳ האב קיין זארג ניט דען דעשט הלבין ווערשטו
ניט שטערבן איך וויל דיר דער בֿיר ערב זיין · דא שפראך דער בן
סבֿור וידר דען רבי ויא וולשטו מיר ערב דער בֿיר זיין שטיט דאך
גשריבן עש העלפֿט קיין געלט נאך גוט · דא שפראך דער רבי וידר
בן סבֿור זארג דוא ניט דוא זאלשט דאש מאל ניט שטערבן איך וויל דיך
בֿון דיין טוט דאש מאל דער לזן · אונ׳ דער בן סבֿור זעצט זיך צום רבי
אונ׳ הובטן אן אונ׳ לערנטן תורה פֿירציהן נאכצין טאג דאש קיינר בֿון
דעם אנדרן קאם · נון עש קאם אן איינן פֿרייטאג דא ווארט עש
גאר פֿינשטר געגן דען רבי שפיטון דא שפראכֿן זיין תלמידים ליבור
רבי ויא גיט עש צו דז עש אזו גשווינט פֿינשטר ווערט · דא שפראך
דער רבי וידר זיינן תלמידים גיט הגויש אונ׳ זעכֿט אוב עש דושן אך
אזו פֿינשטר אישט דא קאמן די תלמידים וידר אונ׳ זאגטן ליבר רבי
עש איז גירגנש אזו פֿינשטר אלש היבן אין איער בית המדרש אלזו
גינג דער רבי הין אונ׳ הוב אן צו תפֿילה טון דען ער גדוכֿט וואל עש
ווער ניט גוט זיין אויף דאש בן סבֿורש זייטן דא קאם דער מלאך המות
אונ׳ דער צייגט זיך צו דען רבי שפיטון אונ׳ שפראך וידר אין גיב מיר
הער דען פיקדון דען דוא בייא דיר האשט דען עש איז די צייט
גקומן דש דער בן סבֿור שטערבן מושט · דא בישוואר ער דען מלאך
המות דאש ער מושט בֿון אים הין וועק גין · דא גינג דער מלאך המות
בֿור הקבֿה אונ׳ זאגט הער אל דער וועלט דער רבי שפיכון וויל מיר דען

בן סבור ניט געבן דאש איך אין זיין נשמה זאל נעמן · דא שפראך ווידר הקב״ה גיא דוא ווידר צו רבי שמעון אונ׳ זאג אין ער זאל דיר דען בן סבור געבן אדר ער זאל פֿור אין שטערבן אונ׳ פֿרינג אין אוב אין זיין לעבן ניט ליבור אישט אלש דאש בן סבור לייב · דא בידרט דער מלאך המות ווידר צו רבי שמעון אונ׳ זאגט אין וויא הקב״ה האט זעלברט גירעט · דא זאגט רבי שמעון ווידר צו דעם מלאך המות בין איין לייב אישט מיר ניט ליבור אלש בן סבורש לייב דער הלבן גיא דוא ווידר צו הקב״ה אונ׳ זאג אין וויל ער איינן טיטן אזו זאל ער דען אנדרן אך טיטן דען מיר בייד האבן איין שבועה גיטאן דאש קיינר פֿון דען אנדרן שיידן זאל · אלזו גינג דער מלאך המות ווידר צו הקב״ה אונ׳ זאגט אין וויא דער רבי שמעון גיזאגט העט · אונ׳ אלש בלט אלש דער מלאך המות איין וועק וואר דא שטונט ער אויף רבי שמעון אונ׳ טעט גרושי תפֿילה אזו לנג ביז זיין תפֿילה פֿור הקב״ה דער הורט וואר אונ׳ וואל אן גינעם אונ׳ עש גינג איין שטים אויש פֿון הימל אונ׳ זאגט וויש איך האב גיר גיוועזן אויף בן סבור דאש ער האט זעלן שטערבן אונ׳ דיא צוויא צדיקים מיט אירר תפֿילה פֿור שטערין זיא מיר איין גיבאט · אונ׳ פֿון וועגן אירא גרושיא צדקה געבן מוש איך אין דער לעבגאן אירר לעבן אונ׳ הקב״ה דער לענגט דען צווין רבי שמעון אונ׳ בן סבור איר איטליכם איר לעבן צוויא הונדרט יאר אונ׳ אל דיא צוויא לעבטן דא וואר קיין הונגאר אים לאנט אונ׳ עש שטורב קיין מענש אונטר זיבנציג יאר אונ׳ עש שטורב קיין קינט פֿור זיינן פֿאטיר אונ׳ קיין פֿרויא גיוואן קיין אין צייטן קינט · אונ׳ דא נון דיא צוויא צדיקים שטורבן דא קאם גרוש הונגאר אין לאנט · דא שטונט אויף איין רבי אין לאנט דער היש רבי תנחומא דער גיבוט תעניתֿ צו הלטין אונ׳ מליט דש דיא לייט פֿיל צדקה געבן זולטן אונ׳ קיינר דער זאלט גלושטן זיינש גיזעלן גוטש אונ׳ טעט גרוש תפֿילה פֿור הקב״ה אלמעכטיגר גאט מיר זיין יוא קינדר דיינש זון אברהם דיינש פֿריינטש קינדר יצחק דיינש אויש גיוועלטן קינדור יעקב דעש גנצום אונ׳ דאש פֿרומן אונ׳ טעט אזו לנג תפֿילה פֿור הקב״ה ביז זיין תפֿילה אך דער הורט ווארד ·
אונ׳ ליש דען הונגאר אויף הערן : סליק

ר

**מעשה** גישאך אן איינן רבי דער היש רבי משה מיימנו דער וואר גאר איין גיוואלטיגר הער אין דער תורה וויא מאן

נאך

נאך וואל זיכט אין זיינן ספֿר דאש ער גימאכט האט דאש מן היישט דען
מיימני אונ' זונשט נאך אנדרן ספֿרים דיא ער אך גימאכט האט אך
וואר ער איין גיוואלטיגר רופֿא דא מאכט ער אויך איין צייט איין ספֿר דא
קאנט נימנט אין דען זעלבין צייטן פֿיל דינן פֿר שטין פֿור גרושם
חוורא אונ' ער זאש אין שפניא אונ' ער האט זונשט פֿיל אנדרן רבנים
בייא אים זיצן דיא אים ניט הולד וואָרן אונ' הילטן אין פֿור איין אין דש
איז אין טייטשן איין אין גלאביר קיין יוד אונ' קיין גוי דער זעלביג מין
בישייד דיא תורה נאך זיינר דעה אונ' ניט וויא עש אונזרים חכמים
גימיינט האבן · דא שריבן דיא אנדרן רבנים בריב אויך אין אין
טייטשן לאנט היגויש וויא דער רבי משה ווער ווערט דש מן אים זאלט
אין חרם הלטין דען ער ווער איין זוילכיר מאן דער ניט גלאבט אן
הקב"ה · וויא נון דיא טייטשי רבנים דיא בריב ביקאמן פֿון דיא רבנים
אויש שפניא גינגן זיא צו אננדר אונ' זאגטן עש שטיט ניט צו גלאבן
אויך איין זעלכין מאן דאש ער איין זולכיר מאן זולט זיין וויא וואל דז אונש
דיא רבנים אויש שפניא זעלכש צו שרייבן דען ער איז יוא כל ימיו איין
פֿרומר יוד גיוועזן · דא וואָרן דיא טייטשי רבנים מיט אננדר צו
פֿרידן זיא וועלטן איין טייטשן יודן הניין שיקן אין שפניא צו אים אונ'
דער זעלביג יוד זעלט זעהן זיין ספֿר אונ' זיין הנדיל דען ער פֿורט
פֿילי' כֿט ווער אן דער קענין דער דורך וייש ער פֿאר איין מאן אישט
אונ' אויך דען שורש קענין קומן · אונ' זיא גינגן צו איינם רבי דער
הייש רבי מאיר אונ' זאגטן ווידר אין דיא הנדילונג גאר וויא עש מיט דען
רבי משה מיימני אונ' וויזן אין אך דיא בריב דען דיא רבנים אויש
שפניא גישריבן הטן דער הלבן ביטן מיר דיך דו וועלשט צו אים הניין
ציהן דען דו קאנשט בלט אן אין דער קענין אוב אין אלזו אישט אודר
ניט דען דער רבי מאיר דער וואר אך איין גיוואלטיגר הער אין דער
תורה ער וואר איין הלביר נביא נון זיא רידן אזו פֿיל מיט דעם רבי
מאיר דז ער זיך אויף מאכט אונ' מאכט זיך אויף דעם וועג נאך שפניא
צו אלזו צוג ער מיט איינן טאפירן משרת אונ' וויא ער נון בייא איינן
הלבן מייל וועגש פֿון דער שטאט וואר דא קאם ער בייא איינן ברונן
אונ' ער זעצט זיך דער בייא אונ' אש אונ' טראנק אן דען קילן ברונן
אונ' וואר זיך וואל מטייאל אן דען ברונן אונ' וויא ער זיך נון וואל האט זט
גיגעשן אונ' גיטרונקין דא גינג ער ווידר זיין שטרויש · דא פֿארגאש
ער זיין ספֿר דש ער בייא זיך גיהט האט דאש ער אונטר וועגן דרויש
גילערנט הא,ט אונ' ער גינג אלזו פֿורט · אונ' וויא ער נון קאם אין דער

זעלבין שטט דא רבי משה מייאינו דריבן דא פראנט ער גלייך נאך
זיינם הויז דא ווארד ער גלייך דריין גיוויזן אונ׳ ער קלאפט אן דא זאך
איין משרת צום פענשטר ארויש אונ׳ זאגט צו אים מאן לאשט
איצונטר ניאנט אריין דען דער הער עשט איצונט אונ׳ ווען ער עשט
אזו לאשט ער ניאנט אריין פור זיך קומן קומט דער נאך ווידר׳ דא
זאגט רבי מאיר ווידר דען משרת איך וויש וואל דש דיין הער איצונדר
עשט צו ווארצייכן עשט ער אייער צו מיטאג׳ דא דאש דער משרת
הורט גינג ער צו זיינם הערן אונ׳ זאגט אלזו ווער איינר דושן דער דא
קלאפט אונ׳ העט דש ווארצייכן גיזאגט וויא ער צו מיטאג אייער עשט׃
דא זאגט דער רבי משה ווידר זיין משרת גיא הין אונ׳ זאגט ווידר אין ער
האט ריא ווארהייט גיזאגט דש איך אייער עש׳ אונ׳ צו ווארצייכן האט
ער זיין ספר בייא דען ברונן פאר געשין דא ער דער בייא גיגעשין
האט דא גידוכט ערשט ער אן זיין ספר אונ׳ זוכט דער נאך אונ׳ פאנט
עש ניט דא גידוכט רבי מאיר זיך דער קאן מין וועדר איך דער וויל
ער דאש דאזיגי וייש׳ אונ׳ ער לוף פלוקש הין ווידר צום ברונן אונ׳
ער פאנט זיין ספר נאך בייא דען ברונן אין איינר גרובן ליגן ווא ער
גילערנט האט דרויש אלזו גינג ער ווידר נאך דער שטט אונ׳ קאם
ווידר בייא זייבר טיר פון רבי משה מייאינו אונ׳ קלאפט ווידר אן דא
וואר עש עבין שיר אבינט אונ׳ וואר בלט אין גלאין׳ נון עש וואר שיר
צייט דאש מן עשן זולט דא היש דער רבי משה זיין משרת מן זולט דען
טיש ריכטן אונ׳ דאש גישאך גר בלד אונ׳ וויא מן נון עשן זולט קאם דער
משרת אונ׳ בראכט איין עשן דאש זאך גלייך אלש ווערן עש העבד
פון איינם מענשין דא וואלט דער רבי מאיר נישט עשין דער פון אונ׳
זאגט ער ווער קרנק ער מעכט ניט עשן הייט׳ דא שפראך רבי
משה פיילכט טרינקט ער גערן אונ׳ רופט דען אנדרן קנעכט אונ׳
שפרך ווידר אין פיטר גיא הין אונ׳ ניא מיר דען דאזיגן ווין אויש דעם
פאס דא דוא פור האשט גיהאלט׳ דא גידוכט זיך רבי מאיר זאל מיר נון
פיטר ווין ברענגן דער איז גיוויש אין גוי אונ׳ מכט מיר דען ווין נסך׳
וויא נון דער פיטר דען ווין בראכט דא זאגט רבי משה צו רבי מאיר
ער זאלט דא טרינקין וויל ער יוא נישט עשן מאן׳ דא שפראך דער
רבי מאיר ווידר ער מעכט אך ניט טרינקין ער ווער ניט לושטיג ער
ווער זער שוואך ער העט זיך זער איבר גנאן ער וועלט גערן שלאפין
גין׳ דא שפראך דער רבי משה ווידר דען דריטן משרת שטיא דוא
מארגן פריא אויף אונ׳ שלאג יעבין איקשין דז מיר ווערין מארגן קעבין

פֿריש פֿלייש האבן צו דען גוטן גאשט דער וייל ער תא ניט חאל אויף
אישט · ווא בון דאש רבי מאיר אלש גיהורט האט דא גידולט ער זיך
דאש איז גווישליך אלש ווער ווא דיא רבנים אויש שפניא אויף דען
רבי משה גשריבן האבן דען זיין מנהגים זיין אל ניט גוט דיא ער אן
אים הוט דער שטיק טעט ער אים בון גאר פֿיל וויא בון דער רבי מאיר
ווידר אויף שטובר באם אין דער רבי משה אין איין חדר ביזונדר אונ׳
זאגט צו אין מיין רבי מאיר איך וויש וואל ווארום דו בישט צו מיר גקואן
אין שפניא אונ׳ וויש אך וואל ווער דיך גשיקט האט הריין אונ׳ איך
וויש אך ווש מן מיך חושד אישט אבֿיר איך וויל דיר זאגן מן זאל קיינן
ניט חושד זיין אויף איין זך זייא דען מן וויש עש גנץ גוויש דש עש וואר
אישט איך וויש אוך וואל ווארום דוא ביקש האשט וועלין עשין אונ׳
ביקש וועלין טרינקאן · דוא האשט ניט וועלין עשין דיא וייל דש עשין
האט גזעהן גלייך אש דיא העבט בון איינם מענשין דש וויל איך דיר
זאגן עש איז איין קרוט גוועזן דאש זיכט וויא דיא העבט בון מענשין
אונ׳ וויז אין דאש זעלבין גליכטרן דען דער רבי משה מייאינו וואר איין
גוואלטיגר רופֿא דש ער האט וואל גווישט וועלכיש קרויט גזובט ווער
צו עשין · אונ׳ דאש דוא קיין ווין האשט וועלין טרינקן דער וייל איך
איין משרתֿ האב פיטר גרופֿין דא האשטו גמיינט ער ווער איין גוי
אונ׳ מער דיר דען ווין נסך מכין נין ער הישט מיט זיינם רעכטין
נאמן פיטר אונ׳ איז איין פֿרומיר יוד דאש מן איינן פֿינדן מאג אונ׳ ער
הייסט נאך איינם קעשטליכם תלמיד חכם דען ער וויש אין אין
דיא גמרא אך איין תלמיד חכם דער האט גהייסן רבי פיטר · צום
דריטן דאש דוא בון פֿרישן פֿלייש אך ניט האשט וועלין עשן דער וייל
איך אין האב הייסן שלאגן אונ׳ ניט שעכטין איך וויל דירש אביר זאגן
דער אורש איז איין בן בקועה גוועזן דאש מכט אלזו ווען איין קויא
טראגט אונ׳ מן שעכט זיא אונ׳ מן קאן דאש קאלב נאך דען שעכטין
לעבינדיג ארויש ברענגן אויש דער מוטיר לייב אזו דרף מאן קיין
שחיטה צום דען קלב אונ׳ דרף אך קיין ברכה דריבר צו מאכין דען
עש אישט כושר מיט דער מוטיר ברכה · אונ׳ זאגט אין בון פֿיל חדושים
אונ׳ קלאגט אין וויא זיין חבירים אין אזו גאר פֿיינט ווערין אונ׳ שטובדן
אין נאך אונ׳ זיא פֿאר שטענדן זיין ספֿר ניט דאש ער גמאכט האט
אונ׳ דער רבי משה מייאינו לערנט דען רבי מאיר דאש זעלביג ספֿר
דאש מן הייסט דען מייאינו דא שטובט פֿיל חדושים דינן וויא מן נאך
אלי טאג וואל זעהן אן זיין ספֿר וואש ער פֿור איין מן אישט גוועזן דען

עש שטיט פֿורן אין זייבר הקדמה פֿון משה רבינו ביז אן רבי משה
מיימני איז קיין זעלכיר משה מער אויף גשטנדן · וויא נון דער רבי
מאיר זעלכיש פֿון דעם רבי משה הורט דא באט ער אין מחילה דא וואר
אין נון דער רבי משה אלש מוחל אונ׳ ער צוג וו דר אריש אונ׳ מכט דז
מן אין פֿאר איין קעשליכן מאן הילט אלש אך גון גשאך אונ׳ זיין חבירים
ווארן אל לוקה בגופה דיא אין האטין זעלכיש חושד גווען דען מן פֿינדן
גשריבן חושד בכשרים לוקה בגופו דאש אישט טייטש איינר דען איינן
עפיש חושד איז אונ׳ ער האט עש ניט גטאן דער וורט גשלאגן אן
זיינן איין לייב וויא דען אך גשאך דער הלבן זאל מן ניאנט חושד זיין
דא וורט ער מיט פֿרידן לעבן ·

## רא

## מעשה

גשאך אן איינם קושטליכן רבי דער היש רבי יוסי
הגלילה דער האט גאר איין העפֿטין ביז וייב פיטרר
אז דער טוט אונ׳ זיא פֿאר שמעהט אל צייט אירן מן פֿר לייטן דאש זיא
איאדרן איר בוישהייט הערין ליש · איין מאל שפראכין דיא רבנים צו
דען רבי יוסי ליבר רבי גט דען וויא קאנט איר דאש
ליידן דאש זיא איך איאדרן פֿאר שעמט אונ׳ גיבט אייך קיין גוט וורט
ניט זיא אישט דאך ניט ווערט דש זיא אייער וייב זאל זיין · דער רבי
יוסי שפרך ביין דז טוא איך ניט דען זיא אישט פֿון איינר גוטן משפחה:
איין מאל בגאב עש זיך דז דער רבי יוסי אין בית המדרש דרשת אונ׳
נאך אים דרשת רבי אליעזר אונ׳ דא זיא נון אויש גדרשת האבין
דא שפראך דער רבי יוסי וידר רבי אליעזר ליבר גיא דוא מיט מיר
אין היימן אונ׳ עש מיט מיר צו מיטאג דא גינג ער מרט אים אונ׳ וויא
נון רבי יוסי וייב זאך דאש ער רבי אליעזר מיט זיך בראך דא גינג זיא
בלט אונ׳ נאם דאש פֿלייש פֿון הערט איין וועק וויש זיא גקוכט הט
אונ׳ זעצט פֿלוקש איין האבן מיט ליבזן צום פֿייאר · דא פֿראגט ער
זיין וייב וואש האשטו גון גקאכט איך האב איין גוטן גשט מיט מיר
גבראכט · דא שפראך זיא איך וויש ניקש מער אז ליבזן האב איך
צו גזעצט צום פֿייאר · דא גינג רבי יוסי זעלבש צום פֿייאר אונ׳ וואלט
עש זעהן אוב זיא וואר האט גזאגט דא פֿאנט ער איידל יונגן טויבן
אין דיא האבין בייא דעם פֿייאר שטין · דא שפראך ער וידר זיין
וייב ווארום האשטו צו מיר גזאגט דוא האשט ליבזן צום פֿייאר גזעצט
עש שטינן דאך איידל יונגן טויבן בייא דעם פֿייאר · דא זאגט
דיא

דיא ורויא בייא דער וואר הייט איך האב ניקש אנדרש צו געזעצט בייארט ליבזין · דא שפראך רבי יוסי דא הער איך וואל דש הקב״ה האט אונש איין נס געטאן אונ׳ אשין אזו דיא יונגאן טויבן וויא זיא בון געגעשן הטין דא שפראך רבי אליעזר צו רבי יוסי גיב דאך דיינם וייב גיט דען זיא אישט ניט ווערט דאש זיא אייער וייב זאל זיין · דא שפראך ער ווידר איך קאן איר קיין גיט געבן דען איר כתובה אישט גאר גרוש אונ׳ איך פאר מאג ניט איר אזו פיל געלט צו געבין · דא שפראך רבי אליעזר ווידר איר וועלין אונטיר אונש אזו פיל אויף היבן דש דוא איר כתובה קאנשט געבן · אזו ליש זיך דער רבי יוסי איבר רידן אונ׳ גאב איר גט אונ׳ דיא רבנים הובן דיא כתובה אונטר איגן אויף דער נאך נאם רבי יוסי ווידר איין אנדר וייב דיא וואר איין גרושה צנועה אונ׳ הילט אין גאר וואל וויא עש בון וואל בילך וואר אונ׳ לעבטן גאר וואל מיט אננדר אין פריידן אונ׳ דש וייב נאם אך איין אנדרן מאן איין פרנס אין דער שטאט אונ׳ דער פרנס וואר גאר רייך צום זעלבין מאל · אובט ביט לנג דער נאך ביגאב עש זיך דאש דער פרנס גאר ארים ווארד אונ׳ וואר גאנץ בליבד געווארדן אונ׳ וואר מקבל צדקה אונ׳ זיין וייב מושט אין פירן פור אלין טירן דש ער בעטלט פון אלין רייכן הייזר אונ׳ דער בליבד וואר ביקאנט אין אלין גאשין דיא אין דער שטאט ווארדן וויא וואל דש ער בליבט וואר אונ׳ ווען דיא פרויא אן דיא גס קאם דא דער רבי יוסי איבן וואנט דא פירט זיא אין ניט דריין דא פראגט ער זיין וייב ווארים ווענשטו אל מאל אום ווען דוא אן דיא גס קומשט דא רבי יוסי דינן וואנט אונט פירשט איך ניט פור רבי יוסי טיר דען איך האב געהערט וויא ער אזו גערן צדקה גיבט אביר דיא גוט פרויא שעמט זיך אונטר זיין פנים צו גין אונ׳ פור ענטווארט זיך זיא וועלט עש ביאר טון בון זיא טעט עש ווידר איין מאל אביר דרייא צום לעצטין שלוג ער זיא דער בליבט דש זיא אים מושטיט פור רבי יוסי טיר פירן אונ׳ דיא גוט פרויא שרייא גאר זער אונ׳ רבי יוסי הורט זיא געביך שרייאן אונ׳ זאך צום ועגשטר הרויש אונ׳ זאך דש עש זיין פארגן וייב וואר דיא ער האט גט געגעבן אונ׳ עדר ברואט זיך זער איבר זיא אונט גאב איר פיל צדקה אונ׳ טעט זיא אלי בייד אין זיינם הויז געבין אין צו וואבן אונ׳ גאר שפייזט זיא אל אירי טאג וויל זיא לעבטן צו בישטעדיגן דען פסוק אונ׳ פון דיינם פלייש ניט דוא זאלשט פאר העלין דיינן ארמן · אונ׳ דז וייב דש רבי יוסי איצונדר האט געהט דש האט איין זעלבין סדר אן איר אל מאל ווען איר מאן אן פרייטאג צו נאכט אויש דער שולין קאם דא

שרין

טרוגן זיא אים איין בעכיר מיט וויין אבטגנן דש ער זיך גלייך צום טיש
מושט זעצן אונ' קידוש מכין אונ' דש ער צו מאל ניט צורנט איבר זיין
גזינט אלזו טעט זיא אך אלי ערב יום טוב דא נון דיא צייט קאם דא ער
שטערבן זאלט דא קאם דער מלאך המות צו אים אין גשטלט איינס
מענשין דא זאש רבי יוסי איבר איינן ספֿר אונ' לערנט · דא פֿראגט
רבי יוסי אין וויש זיין גשעפֿט ווערן · דא שפראך ער איך בין
גזענט פֿון הקב"ה דש איך דיר דיין נשמה זאל נעמן · דען דיא צייט
איז קומן דש דוא שטערבן מושט · דא שפראך רבי יוסי ווידר צו אים
איך וויש וואל דש דוא מיר נישט טון קאנשט וויל איך איבר דעם ספֿר
זיץ אונ' לערן · דא גינג דער מלאך המות ווידר איין וועק אונ' גינג ווידר
פֿור הקב"ה אונ' זאגט הער אל דער וועלט דוא האשט מיך גזענט דען
רבי יוסי הגלילי זיין נשמה צו נעמן איך קאן אים נישט טון דען ער זיצט
אונ' לערנט שטעץ אין דער הייליגן תורה · דא שפראך הקב"ה ווידר
דען מלאך המות גיא הין אונ' טוא דיין קליידר אויש אונ' טוא דיין אן
דער ברואליכה קליידר אן דיא דוא פֿפֿלעגשט אן צו טון ווען דוא דיא
לייט איר נשמה בעמנשט אונ' גיא ווידר צו אים דא טעט עש דער
מלאך המות ווי אין הקב"ה האט גהייסן אונ' גינג ווידר צו אים · אונזר
חכמים זאגן דער מלאך המות איז אזו גרוש דש ער פֿון דער ערדן אן
גרייכט ביז אן דעם הימל אונ' פֿולר אויגן פֿון הייפט ביז פֿושין אונט
ווי ער נון ווידר קאם צו רבי יוסי דא זאס ער ווידר אונ' לערנט אלש
באלד אז אים רבי יוסי זאך דא דער שראך ער פֿור אים אונ' זאך וואל
דש עש דער מלאך המות ווער · אונ' דער רבי יוסי פֿיל פֿור אים נידר
אונ' שפראך ווידר דעם מלאך המות ליבר ווארט מיר איין קלייני וויל
איך דער קען דיך אליר ערשט ווער דוא בישט ווי וואל איך מיך ניט
פֿור דיר פֿערכט דען ווארום עש שטיט גשריבן אין דער תורה דער
דיא תורה לערנט דער קויפֿט דאש לעבן · דא שפראך דער מלאך
המות ווידר רבי יוסי עש שטיט אך גשריבן אין דער תורה דיין ואטיר
האט גדינט דער ערשט דיין פֿאר שפרעכיר ער הוט גמיסטיט אן
מיר דא רבי יוסי דען פסוק הורט דוא ווארד ער שוואך אונ' דוא וויל
איך אך גערן שטערבן איך בין ניט בעשיר אלש מיין פֿור עלטרן אך
זיין גוועזן דא שפראך דער מלאך המות ווידר רבי יוסי גיא זאגט עש
פֿור דיינם וויב אונט טוא פֿור דיינר קינדר צוואה ווי זיא זיך זאלין
הלטין נאך דיינם טוט אלזו גינג ער צו זיינן וויב אונ' שפראך ליבש
פֿרום וויב דוא מושט נון זעהן ווי דוא דיך דער נערנשט דען איך

ווער

ווער דיך בֿיזן קענֿין דער נערין אין דיזר וועלט · דא נון דש זיין ווייב
הורט דא שפראך זיא איין הערצֿיגר ליבר מאן וויא קומש טו דאש מאל
דראן אין אלש איין אנדר מאל דוא האשט דוך אל דיין טאג ניט דיזר
ריט גיטן · דא שפראך ער ווידר איין הערץ ליבש ווייב איך בין דז מאל
גדרונגאן דער צו דען אוריך הלבן איך אוש איין וויטן וועג פֿון דיר
וואנדרן · וויא נון דש ווייב דיזן ריד פֿון אירן מן הורט דא הוב זיא אן צו
שרייאן אונ׳ צו וויינן אונ׳ וואלט זיך ניט טרישטן לאשין · וויא נון רבי
יוסי הורט וויא זיין ווייב אזו גרשי יאמר אום אין טריב דא שפראך ער
איין ליבש ווייב דז קאן ניט אנדרש זיין אביר דאש וויל איך טון אלי ערב
שבת אונ׳ אלי ערב יום טוב צו נכֿט נוך אייבם טוט וויל איך ווידר צו
דיר קומן אונ׳ וויל דיר קידש מאכֿן וויא איך בייא אייבם לעבן אך גיטאן
האב דא גינג אים זיין נשמה אויש אונ׳ וואר בגראבן אונ׳ דיא חכֿמים
מאכֿטן איין גרושן הספֿוד אום אין וויא ער נון וואל ווערט איז גוועזן ·
אונ׳ וויא עש פֿרייטאג צו נכֿט קאם דא מן זאלט קידש מכֿן קאם איין
גוטר רבי יוסי הגלילה צו גין אונ׳ מכֿט זיינן ווייב קידש אונ׳ אלש באלד דש
ער קידש גמאכֿט האט גינג ער ווידר זיין שטרויש הין וועק אונ׳ אש אונ׳
טראנק קיין בישן דאש טריב ער גאר לאנג אן אויף איין צייט אן איינן
פֿרייטאג צו נכֿט דא זאש רבי יוסי אונ׳ מכֿט זיינן ווייב קידש וויא זיין
סדר וואר דא גינגן לייט פֿאר זיינן פֿענשטר אונ׳ הורטן וויא איינר אין
אירן הויז קידש מאכֿט דא זאגטן דיא לייט דיא פֿרויא האט גוויש איין
פֿרעמדן מאן בייא איר דער הייאליך צו איר גיט דער איר קידש מכֿט
אונ׳ זאגטן דיא שמועה צו מארגנש פֿריא אין דער שולן אונ׳ עש וואר
גזאגט דיא רבנים · דא נון דיא רבנים זעלכֿיש הורטן דא זאגטן זיא
דש טג ניט וואל דש איר דש דא זין זאלן שטיל שוויגן דען איר טעטין
ניט רעכֿט דראן · אלזו שיקטן זיא נאך דער פֿרויאן אונ׳ זאגטן צו איר
וויא מאן איר זעלכֿיש נאך זאגט דער האלבן זאלט זיא זיך פֿור ענטוורן ·
דא זאגט זיא ווידר דאש ווער שקר עש ווער קיין מאן אין אירן הויז
גוועזן דער איר העט קידש גמאכֿט · דא זאגטן דיא רבנים וויא קענט
איר דש לייקנן עש האבן עש צווייא גלאב הפֿטיגר מבן גזעהן · וויא נון
דיא גוט פֿרויא זאך דש זיא עש ניט קענט לייקנן דא הוב זיא אן אונ׳
זאגט דיא רבנים דיא גאנץ שמועה וויא איר ליבר מן רבי יוסי אלי יום
טוב אונ׳ אלי פֿרייטאג צו נכֿט ווידר צו איר קעם אונ׳ מכֿט איר קידש ·
דא וואלטן זיא עש איר ניט גלאבן אונ׳ זיא זאגט מן זאלט בייארט ווארטן
ביז פֿרייטאג צו נכֿט ווערט מן עש וואל זעהן · נון דיא גוט פֿרויא וואר
גאר

נאר טרויארן דז מן זיא איין זעלכי זאך חושד וואר · וויא עש בון ווידר ורייטן צו נכט קאם דא קאם אירן מן רבי יוסי ווידר וויא בון זיין סידר וואר דא זאך ער וויא זיין ווייב אזו נאר טרויארן וואר אונ׳ זיא האט ביקש גיקאכט גיגין שבת דא פראגט ער זיא ווארום זיא דען פרייטאג צו נכט אזו נאר טרויארן איז מער אז איין אנדר מאל דא זאגט זיא אים די שמועה אלש וויא עש איר ווער גיגנגאן · דא שפראך ער ווידר ביט זייא דוא אזו נאר טרויארן דער הלבן אונ׳ פערלכט דיך נישט דען איך וויל דיא זאך זעלברט פאר ענטווארן דש זיא מיר ווערין וואל גלאבן · אלזו גינג דער גוט מאן רבי יוסי מיט זיינם ווייב פור דיא רבנים אונ׳ וויא בון דיא רבנים דען רבי יוסי זאכן דא דער שראקין זיא גאר זער אונט פילן אל אויף איר פנים · דא שפראך רבי יוסי איר עדים שטיט איר איך אל אויף אייער פויש אונ׳ זאגט וויש איר הט גיזעהן אודר גיהערט איך בין דער מן דער איר הט אלי פרייטאג אונ׳ אלי יום טוב צו נאכט האט קידש גימאכט אונ׳ איך בין יוסי הגלילה אונ׳ איר וועלט מיין ורום ווייב איין בין גישרייא מכן הקב״ה זאל ריכטן צווישן איר אונ׳ אייך · דא שווייגן זיא אל שטיל אונ׳ ביאנט קאנט אין עפיש ענטווארן בור גרושים דער שרעקין אונ׳ דער רבי יוסי זאגט אל דער וויל איר מיר ביט ענטווערט זא וויל איכש לאזין בלייבן אונ׳ איצונדר בון דעם מאל אן ווערט איר איך אודר איין ווייב ביאר מער זעהן אויף דיזר וועלט אונ׳ גינגן אלזו פון אין הין וועק אונ׳ דיא גוט פרויא וואר בון נאר זער טרויארן דז זיא אך דער באך ביט לנג לעבט אונ׳ שטורב אך הקב״ה לוש אונש אירביידן זכות גיניסן · אונ׳ משיח טון הער שיסן · אמן

רב

**מעשה** גישאך אן איינם מאן דער דא זאש נוהט בייא ירושלים דא בינאב עש זיך איין מאל אויף איין צייט דאש איין גוי קאם אונ׳ בראכט איין משכון דא זאלט ער דרויף לייאן · דא שפראך ער ווידר זיינם ווייב זיא זעלט היבויך גין אין דיא קאמיר אונ׳ זאלט איבר דען קישט גין אונ׳ זאלט געלט הולן · אלזו גין דיא גוט פרויא הבויך אונט וויא זיא דיא קישט אויף טעט אונ׳ וועלט דז געלט בעאן · דא רופט איין שטים אונ׳ שפראך לוש ליגן דש געליט אישט ביט דיין · דא דיא ורויא דז גישרייא הורט דא דר שראך זיא גאר זער אונ׳ גינג אלזו ווידר היראב אונט זאגט דען מאן וויא עש איר גיגנגאן וואר ער זאלט זעלבירט היבויך גין אונ׳ מעכט דש געלט הולן · ער גינג זעלבר היבויך אונ׳ וואלט

איבר דער קוישט גן אונ׳ וואלט געלט הולן דא קאם אביר איין שטים
אונ׳ שפראך לושלין דאש געליט איז ניט דיין · דא דאש דער מאן
הורט דא דער שראך ער גאר זער דאך צו לעטשט דער מאנט ער זיך
ווידר אונ׳ שפראך ווידר זא עש ניט מיין אישט זא לאש איך ווישן וועם
עש דען זיין זאל · דא ענטוורט אים דאש שטים ווידר זוא דוא עש
יוא ווישן ווילשט זא זייא ווישן דאש עש רבי אברהם דרעקשליר בון
ירושלים צו גיהערט · דא גידוכט דער גוט מאן זינט יוא איין מאל דאש
דש געליט ניט מיין אישט זא וויל איכש אך ניט האבן אונ׳ נאם דאש
געליט אונ׳ אל זיין זילבר אונ׳ גולד אונ׳ חפצים אונ׳ תכשיטים דאש ער
הוט אונ׳ מאכט איין לוך אין איין בוים אין זיין גארטן אונ׳ טעט עש דריין
אונ׳ גינג אלזו ווידר הין וועק אונ׳ נאם עש פאר גוט אויף בון הקב״ה דאש
ער זולכיש ביז אויף אין שיקט · נון ניט לנג דער נאך בינאב עש זיך
דאש איין גרוש גיוועשר אויש קאם צו ירושלים דאש עש פיל הייזר
אונ׳ בעם איין וועק פלייצט אונ׳ פליצט דען בוים אך הין וועק דא דער
גוט מן זיין מאון הין האט גיטאן דא קאם איין פישר אונ׳ לענדיד דען
בוים צו זיך אונ׳ גידוכט זיך דער בוים אישט גוט איין דרעקשליר
בעקיר דרויש צו דרעהן אונ׳ זינשט אך שינן כלים צו מכן איך וויל אין
קען ירושלים בירן איך קען איין יוד דער הייסט רבי אברהם
דרעקשליר דער ווערט מיר אין וואל בצאלן · אלזו בור ער מיט זיינן פיש
קען ירושלים אן איינן ערב שבת דא קאם ענן רבי אברהם
דרעקשליר צו גן אונ׳ וואלט אך פיש קויפן אויף שבת דא שפראך צו
אים דער פישר צו רבי אברהם איך האב דער הייאן איין שינן בוים
אויף דען וואשיר בייקומן דער ווער רעכט פאר דיך דוא קאנשט פיל
היפשן דינג דרויש דרעהן · אלזו גינג רבי אברהם מיט אין איין היים
אונ׳ ביזאך דען בוים אונ׳ גיביל אים גאר וואל אונ׳ ווארד מיט אים צו
פרידן אונ׳ ליש אים הייאן פירן אין זיין הויז אונ׳ ווייא ער אין דער הייאן
בון אנבדר שפילט דא פאנט ער כל טוב דרינן אלש ווייש יעניר גוט
מאן האט דריין גיטאן · אלזו וואר ער גאר בשמחה דש אים הקב״ה איין
זעלכי מציאה האט בישערט בון ניט לנג דער נאך בינאב עש זיך דש
יענור גוט מאן דען דאש געלט ווער גיוועזן דאש ער גאר ארים ווארד
אונ׳ מושט אום ציהן בון איינם לנט צום אנדרן דאש ער מקבץ וואר ·
איינש טאג שפראך ער נעבוך צו זיינם וייב ליבש וייב מיר ווען
איינש טון אונ׳ וועלין דאך גן זעהן אוב אונזר מאון קען ירושלים איז
קומן וויא אונש דאש שטים גיזאגט הוט אלזו גינגן זיא אלי בייד קען

ירושלים אין אברהם דרעקשלירש הויז אונ׳ באוין זיך אלי בייד בֿון
ביקש אן אונ׳ וויא זיא אן איינם פֿרייטג דאר קוואן דא אלטע עבן רבי
אברהם דרעקשליר איין גרושי שפינהולץ זייבן זון וויא בזא באך דער
סדר אישט דאש אן היפשן זילברן בעכֿיר אויף שטעלין ווער זיא האט·
דא שטעלט דער רבי אברהם אך פֿיל שינן בעכֿיר אויף דען טיש אונ׳
דיא גוט פֿרויא אונ׳ מאן זאלין דא אל אירי כלים אונ׳ האבן אן בז ווייבן
דא דער זאך עש רבי אברהם זיין וויב דאש דיא גוטי לייד ווייבטין אונ׳
זיא גינג בז איבן אונ׳ פראגט זיא ווארים זיא ווייבטן דא וואלטן זיא איר
ביקש זאגן· דא שפראך דיא פֿרויא ווידר זיא הבט איר יוא גוויש ביט
פֿאר געביש גשריאן אונ׳ וואר אזו לבג ביטן זיא ביז אזו לבג דאש זיא איר
דיא גבֿי שאועה זגטן וויא דא דיא שינן כלים שטין דיא זיין אל איר
גוועזן אונ׳ זאגט איר וויא עש איר ווער גנגאן מיט דעם געלט אונ׳ מיט
דעם שטים אונ׳ וויא דער בוים ווער הין וועק קוואן אונ׳ איצונדר העט
זיא דוך וועלין זעהן אוב עש אזו ווער זא פֿעגד זיא בון אל אירי
תכשיטים אונ׳ חפֿצים בייא איבן וויא דאש שטים גזאגט האט וויא
בון דש וויב זעלכיש הורט שפראך זיא מיין ליבה לייט זייט איר פֿריליך
שבת זא זיא זיין יוא אייער גוועזן זא וועלין מיר זיא אייך אל ווידר געבן
דען מיר האב בה גבונגן ווען מיר שון אייער מאון ביט האבן· דא
שפֿראכֿין דיא צווייא לייט מיר וועלין ביקש ווידר הון דען העטין מיר דז
מאון זעלין ביהלטן זא ווער מיר דש שטים ביט גקואן בון היאל דען מיר
זעהן וואל דאש עש אייך בישערט אישט דער הלבן וועלין מיר ביקש
הון בֿון דען מאון דען מיר האבן עש בֿור זיבט בֿון הקבה אלזו שווינג זיא
שטיל אונ׳ דער רבי אברהם וארד דיא שאועה אך גוואר בֿון זיין וויב
אונ׳ זיא גנגאן הין אונ׳ מלטן איין היפשן קולכן דש זיא אים מיט וואלטין
געבן אויף דען וועג אונ׳ מאכֿטין דען קולכן מיט הונג אונ׳ מיט אליר לייא
גוטן גווירץ אונ׳ טעט אין דען קולכן פֿיר הונדרט גולד גולדן דאש ביזאנט
וואשט דען ער גדולט ווען ער איין וועק ביכֿט אזו וועלין מיר אין דען
קולכן מיט געבן אונ׳ ווען זיא אין ווערן אויף ברעכֿן אזו ווערין זיא דיא פֿיר
הונדרט גולדן דרינן גפֿינדן· אזו וואלטין זיא בז מארגנש פֿרייא אם
זונטאג הין וועק ציהן אונ׳ גזעגנן רבי אברהם אונ׳ זיין וויב מיט
ווינדן אויגן אונ׳ רבי אברהם וואלט אים פֿיל געלט מיט געבן אונ׳ זיא
וואלטן בישט האבן· לסוף גאבן זיא איר דען קולכן מיט אונ׳ שפראכֿן
בז איבן בעאבט דען קולכן מיט אויף דען וועג ער וועט אייך וואל קואן
ווען עש אייך ווערט הונגרין אזו ברעכֿט איר אין אויף אונ׳ לאבט אייך
דער

דער מיט אייער הערץ אזו וואלט דיא ארים פרויא דען קולן אך ניט געמן אזו לנג רבי אברהמש וויב וואר אזו לנג אן איר ממציר ביז זיא אין נאם אזו צוגן זיא איר שטרויש בשלום אובטר וועגן קאמן זיא אין איינר שטט דא וואר איין מלכם דיבן אוב זיא העטין דען מלכם ניט צו געבן אזו שפראכין זיא צום מאלכסין מיר האבן קיין געליט ניט בעמט דיזן קולן פאר אייער מלכם אזו הוב דער מאלכסין אן דיזר קולן ווערט מיר גליך רעכט קומן איך זיל אין רבי אברהם דרעקשליר בון ירושלים שענקין אויף זיין זונש האכצייט איך ווער אין דרום ווילקום זיין אוב דער מאלכסין נאם אלזו דען קולן אוב ליש זיא בורט ציהן בשלום · אוב דער מולכסין ציט גען ירושלים אוב שענקיט דען קולן רבי אברהם אלזו ביקאם רבי אברהם דען קולן וידר מיט דען געלט דרויף האט דער פסוק גזאגט לי הכסף וזהב אמר יי צבאות · דאש אישט טייטש צו מיר אישט דש זילבור אוב גאליד שפריכט גוט דער אלמעכטיגר גלובט זייא ער · אוב יענייש פאר פאלק שטורבן אלזו אין עניות דיא וויל דש זיא ניט האטין צדקה געבן האט זיא גוט גישטראפט ווערכיר זיין ממון וויל זלצין דאש עש ניט שטינקן ווערט · דא זאל ער פיל צדקה דער בון געבן אזו בלייבט זיין ממון בישטין · אוב להיפך אך ווען איינר זיין ממון ניט איין זאליצט אוב גיבט קיין צדקה דער בון דען זעלבגן בלייבט עש ניט אוב בור גיט וויא עש דען צווין אך איז גגאן פיל בעשיר זאל עש אונש גין :

רג

מעשה גישאך אן איינם מאן דער וואלט נאך סחורה ציהן אין פרעמדן לנדן אוב ליש דער וויל זיין וויב אין הנט זיין ברודרש אוב באט דען ברודר גאר זער דאש ער זאלט וואל אכטיגן אויף זיין וויב האבן דאש ער ניט גישעך דען ער וישט וואל דאש ער איין פרום וויב האט דער הלבן זעלט ער איר קיין מבגאל לאזין אלש ער אין בון וואל בו גיטריט · דער ברודר זאגט ער וועלט דאש בעשט בייא איר טון וויא איינם שוואגיר צו שטיט אלזו צוג ער איין וועק אוב דער ברודר נאם דש וויב אין זיינן הויז אוב גאב איר איין ביזונדר חדר איין אוב דער שוואגר גינג אויש אוב איין בייא זיין גישוייא אוב ביזאך אלי טאג אוב זיא קיין מבגל האט · נון זיא וואר גאר שין ער גינג איין מאל צו איר אין איר חדר אוב שפראך הער איין ליבה גישווייא טוא דוא איינן ווילן אזו וויל איך אך טון אלש וויש דוא בון מיר בינערשט · דיא גוט

פרויא עבטוורט אין זעלכי זכן איז מיר פאר מיטן צו טון דען וועלכי
פרויא אין קיישט אוב לינט ביא איין אנדרן מאן דא פאר לייקנט זיא אן
הקדוש ברוך הוא אוב אן אירן אי מאן אוב ווארים זעלט איך איין זעלכי זך טון· אך
ווייסטו וואל דש מיר אלי ביד קיין חלק עולם הבא העטן ווען מיר זעלכיש
טעטין אוב ויא מאגשטו מיר זעלכיש צו מוטן אך ווייסטו וואל דאש איך
דיין ברודיר אין דייבן האבט ביבולן האט צו ביהיטן אוב צו ביווארין אוב
ויא וועלט עש אויך גן אויף דיין הערצין איין זעלכי זך צו טון אוב אך בין
איך דיר ביזונדרליך בור באטין וייל דיין ברודר נאך לעבט אלש אין
דער היילגן תורה גישריבן שטיט ווער דא האט ליב זיינש גיזעלין וייב
דער וערט גישלאגן מיט צרעת אוב וערט גירכט אין גיהנם· דער
שוואגיר ליש זיך אב ויין צום זעלבין מאל דאך גינג ער אלי טאג צו
איר אין חדר אוב ביזאך אוב זיא קיין מאנגל האט· איין מאל שיקט ער
זיין קנעכט איש נאך ווּשיר דא גינג ער דער וייל צו זייבר גישוויא
אוב בור מיינט זיא צו ביצווינגן מיט גיוואלט דא הוב דיא גוט פרויא אן
צו שרייאן מיט הוכיר שטים דא וואר ביזאבט דער דאש הורט דען עש
וואר ביזוט אין גבבין הויז· דאך דער וערט זיא זיך מיט גרושים
גיוואלט דאש ער זיין ווילן ניט קאנט פר ברענגאן מיט איר אלזו אושטט
ער פון איר גן אוב גינג אויף דען מרק אוב דינגט צווייא פאלשין עדים
דש זיא זולטין זאגן ויא זיא דיא פרויא האטין גיזעהן ביא איינם יונגאן
גיזעלין ליגן דיא וייל איר מן וואר ניט דער היים גיוועזן· אלזו גינגאן דיא
צווייא פאלשין עדים בור דז בית דין אוב צייגט דען בית דין אן ויא זיא
זעלכיש בון דער דאזיג פרויאן גיזעהן האבן דש זיא מיט איינם יונגאן
גיזעלין גיאובקיישט האט אזו שיקט דש בית דין נאך דער פרויאן אוב
הילטן איר בור ויא זיא ווער אשת איש גיוועזן אוב דיא פאלשי עדים
שטינן דא אוב זאגטן אירש אין איר פנים· דא זאגט זיא עש ווער אין
גוט וילביט ווער עש וועט זיך ביט אזו גיבינדרן אוב זאגט דען בית דין
ויא עש איר ווער גיגנגאן מיט איר שוואגר· דא שפראכין דיא צווייא
פאלשין עדים וואש האבן מיר מיט אייערם שוואגיר צו טון מיר
האבן זעלכיש בון דיר גיזעהן· אזו מארד דיא גוט פרויא פאר
אורטלט דאש מאן זיא זאלט בור שטיינן אז ויא אזו איינן גיבירט
צו טון אלזווארד זיא גלייך איש גיפירט צום שטיין הויפין אוב מאן
ווארף זיא צו טוט מיט שטיינן אוב לינט איין גרושן הויפין שטיינן
אויף זיא בון זיא לאג דא רובטיר ביז אן דען דריטן טאג· דא קאם
דא הער צו ציהן איין פרעמדיר מאן איש פרעמדן לאנדן אובט
בורט.

צורט איין זון מיט זיך קעגן ירושלים צו לערנן אוני רואט דא בייא דען
שטיין הויפין אוני עש וואר גאר שפאט דאש זיא מייבטן זיא ווערן דיא
שטאט ניט קעגנן דער גרייכן אוני בליבן דיא נאכט בייא דען שטיין
הויפין ליגן זיא וואשטין אבער ניט דש אימנט דרונטיר בור שטיינט
ווארי אזו הורטין זיא בייא נכט דא איין שטים אוני זאגט אוויא איך בין
ווארדן בור שטיינט אום זונשט אוני בון ווענן לשון הרע אוני איך בין
ניט שולדיג דען טוט גיוועזן וויא בון דער פרעמדיר אין זעלכיש הורט
דא שטונד ער אויף אונט רויאט דען שטיין הויפין איין וועק אונט
וועליט זעהן ווער דא אונטיר דיא שטיינן דא אזו רעט אוני רויאט אזא
לאנג ביז ער דיא פרויא דא פאניט דא אוני לעבט נאך דא פרעגט ער
דיא פרויא איין פרויא וויא איז דיר אזו גישעהן דאש דוא בישט פאר
שטייבט גיווארדן · דא זאגט אין דיא פרויא וויא עש איר ווער גיגנגאן
אוני וויא צוויא פאלשיא עדים האבן איבר זיא פאלש עדות גיזאגט ·
אוני זיא פרעגט אין ווא ער הין וועלט מיט דען יונגאן · ער זאגט איר
ווידר ער וואלט קעגן ירושלים אין פירן לערנן · דא שפראך דיא ורויא
ווילשטו מיך מיט דיר איין הייאן נעמן אזו וויל איך מיט דיין זון לערנן
תורה נביאים כתובים · דא שפראך דער מן ווידר צו איר קאנשטו דען
תורה לערנן · אזו וויל איך דיך מיט איין הייאן נעמן אזו שפראך זיא
יוא איך קאן וואל תורה לערנן · אזו ווענדן זיא מיט אנבדר אים בשם
אלהי ישראל ווידר איין הייאן מיט דער פרויאן · אוני וויא ער נון ווידר
איין הייאן קאם בויאט ער זיא איין ביזינדר חדר איין תחום שבת בון
דער שטאט דער ווארטין דז ביאנט קאנט צו איר קומן דען זיא מבטל
זעלט זיין זונדר איין הויזקנעכט דער זיא עשן אוני טרינקן בראכט ·
בון עש בינאב זיך איין מאל דאש דער הויזקנעכט זיין אויגן אויף איר
גאב אוני גיוואן איין לושט צו דער פרויאן · אוני שפראך איין מאל צו
איר זיא זעלט בייא אים ליגן · זא וואלט דיא גוט פרויא ניט הערין זיין
שטים אוני שפראך צו אים גוט זאל מיך ביהיטן בון צו טון זעלכי זאכן:
דען איך האב נאך איין מאן דער ווילש גוט ווערט באלד הער קומן צו
איר · דא וואהר ער ברוגז אוני נאם איין שווערט אוני וואלט זיא טיטן:
דא פיל דער יונג דען משרת אין דש שווערט · דא שפאלטיט דער
משרת דען יונגאן דען קאפא מיטן אן צוויא דש ער גלייך טוט וואר ·
אלש נון דער משרת דש זאך דא לויף ער אין איין ווילדן וואלד דא קאם
איין ליב אוני צו ריש אין אוני אש אים גאנץ אויף דען הקב״ה האט דען
ליבן צו אים גישיקט וויל ער איין זעלכן גרושי עביר האט גיטאן · וויא

בון דיא גוט פרויא זאך דש דער זכן טוט וואר אום אירן ווילן וויא וואל
דש זיא קיין שולט דראן האט · דא פלוג זיא אך הין וועק דאש זיא ניט
וואלט זעהן דעם גרושן יאמר דז דער פאטיר אונ׳ מוטיר ווערט טרייבן
אום איר יונגאן · אונ׳ זיא קאם אן בארטין בון ים דא קאמן איין שיף
מיט גלבים צו בורין אונ׳ בינגאן דיא גוט פרויא אונ׳ בירטין זיא מיט זיך
איין וועק אונ׳ הקב״ה ליש איין גרושין ווינט אויף דש מער קומן דש דאש
שיף וואלט שיר אונטיר גין אונ׳ דיא שיף לייט שריאן גאר זער אונ׳ וויינטן
אונט שפראכן מיר וועלן גוריל אונטיר אונש ווארפין ווער הלבן גוט
צורנג איביר אונש איז אונט מיר וועלן דען זעלבן אין דאש מער
ווארפין · דען מיר זעהן וואל דאש אונזיר שיף אליין אין ווינט ניט דען
אנדרן שיף האבן גוטן ווינט אונ׳ שייבט דיא זון ביא איינן אונ׳ מיר הבן
אזו בין וועטיר עש מוז אזו פאר איין זינטן זאך ביא אונש זיין · אזו
ווארפין זיא גוריל אונטיר זיא אונ׳ דש גוריל גפיל אויף דיא גוטי פרויא ·
אלזו פראגטן זיא דיא שיפלייט זאגש אן וואש איז דיין גשעפט דז גוט
אזו צארניג אויף דיך איז דען מיר האבן זארג דש מיר אל דיינר הלבין
מוזן דער טרינקאן · דא שפראך דיא גוט פרויא איך בין איין יודן
אונ׳ גלאב אן דעם אלמעכטיגן גוט דער הימל אונ׳ ערד בישפן האט ·
אונ׳ זיא זאגט אך דיא שיף לייט אלש וויא עש איר גנגאן איז ביז אל הער ·
דא האטן דיא מאכן אין שיף איין גרושר דער בראן איבר זיא אונט
ווארפין זיא ניט גערין ארויש אונט זיא הובן אן אלין מיט אנבדר איר
העבדן קען הימל אונ׳ באטין גוט י״ת ער זולט זיא ביהיטן בור דען איביל
דא מיט זיא דיא גוט פרויא ניט אל אויש דען שיף ווערפין דא דר הארט
הקב״ה איר גיבעט אונ׳ ליש ווידר שטיל ווערדן אויף דעם מער אונ׳ זיא
בורין אויף דאש לאנד אונ׳ לישן דיא גוט פרויא ווידר ארויש אזו וואר דיא
גוט פרויא דא אויף דער טריקנוס אויף איינם וישטן פעלד איין ליין
אונ׳ דיא שיף לייט וארין ווידר אירן שטרויש הין וועק אונ׳ דיא גוט ורויא
וואר מעבך מאל בישטנדן דש זיא ניט האט וועלן אב וייכן בון הקב״ה
גלובט זייא זיין נאמן · אלזו האט דיא גוט פרויא איר וואנג דא ביא דען
בארטין דז מער דא מאכט זיא זיך דא איין קליין היטלין אונ׳ הקב״ה ליש
ביא איר וואקשין אלר לייא גוטן קרייטר דיא דא צו פילר לייא גוט זיין
אונ׳ זיא דער ווערט זיך דען הונגאר דער מיט אונט האט דיא גינאט
בון הקב״ה דש זיא אל דיא גריבדגאן אונ׳ אויש זעצגן היילן קונט אונ׳
זיגשיט אלי קרנקייט לערנט זיא היילן דורך בטויאר דיא גוטן קרייטר
אונ׳ זיא גיוואן איין גיוואלטיגן נאמן פור איין רפואה אין וייטן לאנדן :

דש

דעם מלך אן שטין גנומן · מיט דער הלבן וועלן מיר אם חיות ביקש
טון דיא וויל איך זעלברט מודה בין · דו דאש דער מלך הורט הוב ער
אן צו לאכן אונ׳ שפראך ליבר בניהו איך מיין דיך ניט איך האב דאש
משפט ניט דייבט האלבן גזעצט דיינש האב איך דיר שון פֿער געשן
האב דירש מוחל גוועזן דש איך האב דש מאל דיא סנהדרין לאזן זעצן
דען איך האב דובין אין אײנר קאמר נאך צווין גנבים זיצן דיא האבן
מיר אין מיינם בעשטן חדר גגבן דרויבר זול מן מיר איין אורטל געבן
זא האט דער שלמה המלך דורך זיינר גרושי חכמה דא איין זך גטרכט
אוב דער פֿון אים זעלברט מודה ווער אלש אך אין אמת גשאך דא
טעטש אים זער זנפֿט דש ער אך האט גוואר ווארדן וויא עש צו גנגן
וואר דש ער דש שפיל פֿערלארן האט אונ׳ גהילט זיך ניאן אויבל דען
ער וואשט ניט וויא עש אים גנגן וואר אלזו גינג דער פסק אן זולט דיא
גנבים העגנן דער הלבן דרטכט ער דיא חכמה זא ער שון בניהו ניט
העט מודה גוועשט העט ערש דוך ניט פֿער געבש גזעצט דען ער
האט דיא זאך מיט דען גנבים דער דרטכט דא זיכט מן וואל דש דער
שלמה המלך איין חכם אישט גוועזן דש אויך אין ווערט גזעצט ויחכם
שלמה מיכל אדם דאש איז טייטש דער קינג שלמה וואר וויזר אז קיין
מענבש אויף דיזר וועלט אפילה אלש אדם הראשון דער האט דוך גרוש
שכל גהט דען ער האט נאמן צו אלים וואש דא לעבדיג אישט גוועזן
איטלכר בישעסני׳ בוך זיינר בטואר · בוך אישט שלמה המלך וויזר
גוועזן דען אדם הראשון : סליק סליק

רל

מעשה שטיט גשריבן לעולם יכנים אדם בכי טוב ויצא בכי טוב
דאש איז טייטש אבגליך זול איין מענבש אין דיא
הערברג גין ווען ער וואנדרט ווען עש טאג אישט דער אישט גהיישן
כי טוב אונ׳ זול אך וואנדרן אויש דער הערברג ווען עש טאג אישט
דער אישט גהיישן כי טוב אונ׳ זול ניט בייא נאכט אין דיא הערברג
קומן · אודר בייא טאג אויש דער הערברג גין דען עש אישט גוועזן
איין מאל איין מעשה דש דא זאש אייןווירט דער דא לייט הערברגט
מיטן אויף דעם פֿעלד אליין ווען זיך דען לייט פֿער שפעט הטין אונ׳
קונטן אין קיין שטאט קומן אודר דארף קומן דא מושטן זיא בייא דיזים
איבר נאכט ליגן ווען ער דען זאך דאש אײבר ווידר הין וועק וואלט דא
פֿראגט ער דען גאשט וואו ער הין וועלט וואש פֿער שטרוש ער ציהן

זאלט ווען דער גאשט דען דעם ווירט זאגט ווא ער הין וואלט דא זאגט
דער ווירט דש איש עבין איין שטרוש איך וויל מיט דיר אלש דען צוג
ער מיט אים אונ׳ ווען ער מיט אים אין איין וואלד קאם וואר ער אלי
מאל השי׳ דען גאשט מיאות אלזו האט דער ווירט דען סדר אן אים דש
האט ער בון פֿיל מאל גיטון דש ער לייט האט אום גיברוכֿט אונ׳ נאם
אין דש איר גוט ווען ער איין גאשט הט דער בֿורט וואלט שטונד ער אל
מאל אים מיטר נאכֿט אויף אונ׳ וועקט דען גאשט אויף אונ׳ שפראך
שטיא אויף עש איז באלד טאג דש מיר פֿארט גין דא מיינט דער גאשט
נעביך ער ווער וואל דראן דש ער חברותה ווען ער דען היגויש קם
וואר עש נוך גאר פֿינשטר אונ׳ וואר ערשט מיטר נכֿט אלש דען האט
דער ווירט פלאן דש ער איינן קונט מיאות זיין׳ אין מאל בינאב עש זיך
דש זיך רבי מאיר פֿער שפעט אויף דען ווענג דש ער ניט קונט אין
זיין שטאט קומן אונט מושט אך איבר נאכֿט בייא דיזים ווירט ליגן דא
פֿראגט אין דער ווירט ווא ער הין וועלט׳ דער רבי מאיר זאגט עש
אים שפראך דער ווירט דאש איז עבין מיין ווענג איך מוש אך מירגן
דיזן ווענג ציהן רבי מאיר שפראך בין וואל צו פֿרידן דש איך חברותה
האב בון איין גידר רבי מאיר ליגט זיך שלאפֿין וויא עש בון מיטר נאכֿט
וואר קם איין גידר ווירד אונ׳ ווקעט רבי מאיר אויף אונ׳ זאגט מיין גאשט
שטיא אויף עש איז שפעט דער טאג איז באלד ווער הבדין דא אנטוורט
רבי מאיר דעם ווירט ליבר ווירט איך ווארט אויף איין חבר דער אישט
נוך ניט פֿער הבדין ווען ער קומט אלש דען וויל איך גין בון איבר
איין שעה קאם איין גידר ווירט אונ׳ ווקעט ווידר דא אנטוורט רבי מאיר
איך גא נוך ניט ביז איין חבר קומט ווען ער קומט זו וויל איך גין איבר
איין שעה קאם דער ווירט ווידר אונ׳ שפראך שטיא אויף עש איז צייט
עש אישט גנץ טאג עש איז צייט דא שפראך רבי מאיר ווידר איך גא
ביז מיין חבר קומט דא פֿראגט דר ווירט וויא הייש דיין חבר ווא אישט
דיין חבר דא שפראך רבי מאיר ער הייסיט כי טוב ער מיינט אזו דר
טאג איז גיהייסן טוב דאש איז דש מענשין חבר דער גיט מיט איינים
מענשין אביר דיא נאכֿט איז ניאט פֿריינד דא מעכֿט ער ניט גין דא
פֿראגט דער ווירט ווידר ווא ליגט ער דען דא שפרך ראבי מאיר ווידר
ער ליגט אין מיינר שטאט אין דער שולין כלומר ער מיינט אלזו דער
מענש זאל דש מורגנש פֿאר אורין אונט זאל פֿאר טלית אונ׳ תפילין ליגן
אונ׳ דער נוך זאל ער וואנדרין דא לוף דער ווירט פֿיר דיא שטאט אונט
רופֿט כי טוב כי טוב דא וואר ניאט דער אים ענטוורט דא גינג דער

ווידר

אידר אונ׳ זאגט איך האב גרופֿן כי טוב כי טוב אונ׳ עש וויל מיר ביזט עבטוורן דא וואר עש טאג דא שפראך רבי מאיר איצונד איז עז צייט דש איך גן איין חבר כי טוב כי טוב איז קומן ער מייבט דען דער דא איז גהייסן כי טוב דער איזט פֿער הבטין דער אישט דש מענשן חבר דער מיט אים וואנדרט אלזו גשאך דעם רבי מאיר ניקש וויל ער גוואַרט האט ווער ער אביר מיט דעם וירט גנגן בייא נאכֿט זו ווער ער הו אום דאש חיות קומן דער האלבין זאגט ער איטליכֿיר דער דא וואנדרט זול פֿריא אין דיא הערברינג גין אונ׳ זאל אך וידר בייא טאג דרויש גן זוגשילֿט אים ניקש:

רלא

**מעשה** גשאך אן איינם דער היש בר קפרא דער וואר איין גרושר עשיר דער וואנט אין איינר שטאט דיא לאג אם ים הגדול אונ׳ ער האט אל צייט זיין שפציר גנג אן פורטן דש ים דא מיט אים דיא צייט פֿר גינג דען ער זאך אל צייט עטווש חידוש ואן שיפֿא אונ׳ אנדר ווערן וויא מן בון וואל חידש פֿון שיפֿא זיכֿט· איינש מאל דא גינג בר קפרא שפצירן וויא זיין גוואנהייט וואר דא קאם איין שיף מיט פֿיל לייטן וויא עש שיר אן בורטן דש מער קאם דא שטיש עז אונ׳ דש שיף צו בראך אונ׳ גינג אונטר דא וואר איין גרוש גשרייא וויא בון וואל צו דערבקין השי׳ דא לופֿין דיא שיף לייט אל אין אירן שיפֿן אונט מייבטן זיא וואלטן דיא לייט מציל אונ׳ דער בר קפרא לוף אך אונ׳ וואלט זעהן אוב ער לייט קעניט מציל זיין אונ׳ דער וואשט איינן אים וואשיר דער וואר שיר פגיר אונ׳ שלעפיט אין אויז דעם וואשיר אונ׳ דער הילט אים זיין לעבין אונ׳ נאם אין מיט זיך אין זיין הויז אונ׳ וורמט אים זיין שטוב אונ׳ טרוקנט אין דש ער וידר צו קרעפטין קאם· דא ער בון ווידר צו זיינם פֿאר שטאנד קאם פֿראגט ער דער בר קפרא דען ער האט מציל גוועזין ווער ער ווער אודר ווא ער דא הייאן ווער דען ער מושט יוא איין זכֿות האבין וויל ער דש לעבין בהילט אונ׳ וואָרן זוא פֿיל דר דרונקן אים וואשיר דא זאגט ער ווידר איך בין איין רויאר אונט בין מזרע מלוכֿה וויא זולכֿש דער בר קפרה הורט דא קליידט ער אין פֿאן פֿוסין ביז אן קאפין דען זיין קנעכֿט זיין קלידונג אל זיין גוט גצינג וואר אים דער דרונקין דען דיא דא וואָרן דר דרונקן אים שיף הטין אל צו אים גהערט אונ׳ ער קלאגט זיין לאט אונ׳ וויא ער איין גרושן סך פֿאן געלט הט בייא אים גהט בו וויל איך גערן ווידר צו איינם

פֿאטיר

פאטיר ציהן דער אישט די אפיפיורש ברודר פאן רום דא וויש איך ניט וויא איך ווידר היים קאם דען איך בין אין דען לאנדרן ביכט בּיקאנט · דא שפראך בר קפרא איין הער זורגט ניט איך וויל אויך העלפין דאש איר זולט וואל מיט ערין היים קומן דען ער זאך וואל אן זיינם גשטלט אונ׳ אן ציינגן דש ער איין פאן גרושים גשלעכט וואר אלזו נאם זיך דער בר קפרא ביקש אן אונ׳ גינג הין אונ׳ קייפט דרייא היפשן פפערט אונ דינגט איס צווין קנעכט אונ׳ גאב אים צערינג גנוג דען ער גידאכט איז ער איין זעלכיר אן זוא ער אירש וואל ווידר ביצאלן אך קן ער יהודים טובֿת דער גענן ווידר טון דען די יהודים זיצן אל אונדר דעם אפיפיור גוט צו פאר דא דש דער יונג מלך זאך דאש דער בר קפרא אין זוא מכבד וואר אונ׳ לייאט אים געלט דאר צו הוב ער פער גרושיר שיאחה אן צו ווייבן אונ׳ אלזו גזאגט ער בר קפרא אונ׳ שפראך איין יוד דוא האשט מיך דא מציל גוועזין פאן חיות אונט האשט מיר דרייא פפערד ווידר גיקייפט אונ׳ צווין קנעכט אונ׳ הושט מיר געלט דער צו גליהן נון דש געלט וויל איך דיר ווידר שיקן זא בלד מיר גוט ווידר היים העלפט צו דנק דאש קאן איך דיר נון גאר וואל ביצאלן אביר דיא אנדרן טובֿת דיא דו מיר גטון האשט דיא וויש איך דיר ניט צו ביצאלן גוט זול דירש ווידר ביצאלן נון דש פאר הייש איך דיר אבר בייא מייבר טרייא עש שטיט וואל דארויף דאש איין מאל דיא גדולה פון אפיפיור אן מיך קעם זו דעם אלזו גשאך זו זולשטו עש מיט זאמט אלי יהודים ווידר גניסן אל איר טג בר קפרא באליין גוט וועל אויך גליך אונ׳ הייל בישערין דש עש גשעך וויא אירש פור האט אונ׳ ציכט דער הלבין אין גוטש נאמן ווידר פורט אלזו צוך איין גוטר הער זעלבט טריט ווידר הייאן נוך רום צו וויא ער נון ווידר הייזן קאם וואר ער גאר וואל פון זיינם פאטיר אנטפפנגן זונדר אליין ער פראגט ווא זיין פאליך אלש בליבן ווער· דא זאגט דער זון דעם פאטיר זיין גשיכנוס וויא עש אים גנגן ווער וויא זיין גוט זיין הב זיין לייט ווערן אל דר טרונקין אונ׳ איין יוד האב אים זיין לעבן דר הלטן העט אים דיא פפערד גיקייפט דיא קנעכט גידינגט אונ׳ געלט דר צו גליהן ער קוינט דיא טובֿת ניט אל זגן דיא אים דער יהודא גטון העט דער פאטיר הוב אן צו שרייאן פאן גרושר פרייד דאש דער דש לעבין הט ביהלטן דוך וואר דער פאטיר זוא איין גרושר רשע דאש אים דיא טובֿת ניט אן גנעם בום יהודה וואר אונ׳ זגט ווידר דען זון איר הבין געלט גנוגן שיק דעם יהודה זיין געלט דא מיט דר יהודה ניט ועד מיך קומט דען איך אג דן יהודה ניט

ווישן בוך זעהן זוא אײן רשע וואר דער פֿטיר אונ׳ ויא וואל דעם זון פֿיל
טובֿת וואָרין גשעהן פֿאן יהודים וואר עש אים דאך ניט אן גינעם
אונ׳ טעט יהודים אל צײט גרוש רשעת אן אונ׳ דער אלט קיסר טעט
אוודרן גרוש רשעת דען יהודים דא ווערט דער זון דען ער גידאכֿט
אין דיא טובֿת דיא אים פֿון יהודים וואָרין גשעהן אביר אן דעם
פֿאטיר יאח שאו הולן עש אלש ניט אביר יהודים וואשטן אך ניט דש
דער יונג קײזר זוא וואר פֿאר יהודים אלזו שיקט דער יונג קײזר זײן
טפרשטן יועץ מיט דרײא פפערדין צו דעם בר קפרא אונט שיקט
אים זײן געלט וואש ער אים גליהן האט אונ׳ אײן סך געלט דער נעבין
דש ניט צו צילן וואר דען עש וואר דאך אלז ניקש גגן דער טובה דיא
ער אים הט גיטון דש ער אים דז חיות האט ביהלטן זונדר דיא אנדרי
טובֿת דיא ער אים גיטון האט אלזו קאן דיא פֿיר רכֿבים אין דיא שטט
דא דער בר קפרא וואנט אונ׳ קאן אין זײן הויז ווי ער זאך דש זיא קאן
גידאכֿט ער גלײך וואל דא ווערט מיר אײן געלט קומן פֿאן יענים שר
אונ׳ וואר זיא אך זער מכֿבד פֿרוגט זיא וואש איר בינגער ווער זיא זאגטן
אונזיר אליר הער יונג קײזר האט אונש הער צו אויך גשיקט אונ׳ טוט
אים גרוש פֿרײד אן זײנם הערצין זוא איר בון פֿריש אונ׳ גיזונט זײט
אונט אנטפיט אויך פֿיל גוטש צום אנדרן האט ער אויך אײער געלט
גשיקט דז איר אים דר גליהן האט אונ׳ טוט זיך בידנקן וועלש אײן מול
פֿער שולדין גגן אלין יודן דוך זולט איר אים זגן וואש איר פֿאר דינט
האט בום געלט צו לײאן ויל ערש אויך גיטלך ביצלן בר קפרא אנטוורט
ווידר ווירדיגר הער דש געלט אישט בוך אײן שלעכֿט געלט העט דער
הלבן ניט אײן זולכן קושטין דרפֿין וועגדין דש ער פֿיר פפערד העט
הער גשיקט העטש וואל זונשט הער גשיקט מיט דעם בעשטין דר
יועץ זאגט באלײן מײן הער קײן אײך ניט גנוגן דנקן אביר דא צוגן
זיא אײן בײטל מיט גולד הרוישן אונ׳ וואָרפֿין זיא דעם בר קפרא אויף
דעם טיש אונ׳ זאגט דש געלט הט אויך מײן הער גשיקט עש וואר וואל
כף אלפים · דא שוואר דער בר קפרא ער וועלשט ניט דען ער ווער
אײן ארמיר יוד ער קונטעש וואל אלי טאג יהודים ווידר ביצלן · בקיצור
זיא וואָרן מפציר אן דעם בר קפרא ער זולטש נעמן עש וואר אביר
קײן דיעה זיא זײגין אונזר הער דער קײזר ווערט פֿור לײכֿט צירנן
איבר אונש זא מיר דאש געלט ווידר נעמין דען ער האט אונש גאר
ערנשטליך בפֿאלין מיר זולן עש ניט ווידר נעמין בר קפרה זאגט עש
איז קײן מײנונג איך נעמש ניט אונ׳ גנג הין בר קפרה אונ׳ שענקט

דעם יזעך צווייא גולדן ארם רינג. ווארין וואל פונפציק קרונן ווערט
אונ׳ איטליכם רכוב איין וינגרליין פיר פינף קרונן אלזו צוגן זיא ווידר
הייאן אונ׳ בראכטן דעם יונגן קייזר זיין געלט ווידר אונ׳ זאגטן דש ווער
קיין אייבונג געוועזן דש ער עפיש העט וועלין געשענקט האבן זונדרליך
אליין הבט געזאגט ער קען עש וואל געבן אנדרין יודן פאר שולדין אונ׳
ביט אליין זילט וואש ער אונש דר צו געשענקט האט אונ׳ דער יזעך וויז
זיין ארם בענדר אונ׳ דיא רכבים ווין אירין וינגרליך דא גינג דער
יונג קייזר צו זיינים פאטיר אונ׳ שפראך זיך ליבר פאטיר ווי איין יוד
איז דש ניט אליין דש ער קיין געשענק וועלין אישט דר צו הין געגן אונ׳
האט מיין דינר אל בייובט מיט גוטן גבן אונ׳ וויז דעם פאטיר דיא ארם
בענדיר אונ׳ צווייא גולדן וינגרליך · דוך וואר דז רשעת פום פאטיר
זו גאר גרוש דש עש אים ניקש אן גינעם וואר אונ׳ הילט יהודים גאר
איבל פארט · אונ׳ דער יונג קייזר קונט ניט ווערין דוך וואשטן
יהודים ניט דש דער יונג קייזר זו גוט וואר אבר דער אלט וואר זוא אין
גרושר רשע דאש ער ליש איין גיבוט אויז גין דאש דיא יודן ניט זולטן
יודשן אך קיין שבת ניכט הלטן אונ׳ פיל ניבן גיבוט דז דיא יודן איבל
דראן ווארן זיא טעטין חשוב אך וואנשטן זיא זיך טוט דען דיא גזירה
וואר זוא גאר ביז זיא ווארן נעביך גאר איבל דראן בון וואש זולט געשעהן
זיא העטן גערן דעם אלטן מלך שוחד געבן זוא קונטן זיא ניט צו אים
קומן דען ער וואלט קיין יוד פאר אין לזן דא ווארד מן דיא גזירה וויט
אונ׳ בריט געוואר דא ווארד עש דער בר קפרא אך געוואר אונ׳ הוב זיך
אויף אונ׳ צוך גגן רום דען ער גידאכט איך וויל זעהן אוב איך צום מלך
קאן קומן פיליכט ווערט ער אן דיא טובה גדענקין דיא איך אים
גיטון האב אונט ווערט עש בייא דעם פאטיר אויז ריכטן אלזו מאכט
ער זיך אויף אונ׳ צוך גגן רום ווי ער נון גגן רום קאם דא ווארדן עז
דיא יודן געוואר ווי איין טפיר יוד ווער קומן דר ווער איין תלמיד חכם
ער ווער איין עשיר ער ווער איין בעל חן אונ׳ ער ווער דער הלבן הער
קומן דש ער דאך דיא גזירה וועלט אבטל זיין אונ׳ גינגן צום אים טעטין
אים גרושן כיבודים אן אונ׳ זאגטן ליבר רבי קומט איר אונש העלפין
מיט דער בוזן גזירה זא שפארט אונש קיין געלט דען מיר מוזן איינש
טון אונ׳ מזן דען נייאן קיסר אן רופין דז ערש מוכט צו וועגן ברענגן
בייא דעם פאטיר דש ער דש גיבוט מוכט אויף טון זונשט קענין מיר
ניט בייא דעם אלטן אויש ריכטן · דער בר קפרא שפראך ליבן לייט
אישט עש פאן נוט אויש צו ריכטן זו זורגט ניט זוא גטרויא איכש מיר

מיט

מיט דר הילף גָטש בייא דעם יבנן קייזר אויש צו ריכטן זונדר העליר
אונ׳ פּפּעבין בון איין גטר בר קפּרא מכט זיך פֿור דאש יבנן קיסר
שלאס· דאך וואר ער זו שטאטליך דאש מן ניכט קונט פֿער איין יודן
אונ׳ ליש זיך אן זאגן צום יבנן קיסר עש ווער איינר דא דר וועלט זיין
קיסרליכן מאיעשטיט אן שפּרעכן אונ׳ ווער איין יוד בון וויא עש דער
קיסר גיוואר ווארד דאש אין יהודים וואלטן אן שפּרעכן דער שראק
ער גאר זער אירזך ער וואשט וואל וואש עש ווער אן טרעפֿין אונ׳ ער
וואשט וואל דש ער אין ביקש קונט בייא דעם פֿאטיר אויש ריכטן וויא
וואל ער עש בילך זולט דען יודן אויש גיריכט האבן פֿון וועגן דר גרושי
טובה דיא אים דורך יהודים גישעהן וואר בון ער ליש דען יהודא פֿור
אין קומן זא זאך ער וויא דאש איין שטאטליך יוד וואר דרשרק ער גלייך
אונ׳ גידאכט פֿילייכט ווערט דש דער יוד זיין דר מיך האט מציל גיוועזין
פֿום חיות אונ׳ הט מיר דיא גרושי טובות גיטון דוך קונט ער ניט אין
דער פֿער אן זעהן דען עש וואר לנג גישעהן גיוועזין· אונ׳ זו בלד דר
יוד פֿאר אין קאם פֿיל ער אים צו פֿוש אונ׳ זאגט אליר גינעדיגשטר
קייסר מיר רופֿן אויך אן גוט צו פֿאר איר וואלט דוך בייא אייערם
פֿאטיר דש גיבוט אויף טון אונ׳ וואלט אן דש גוטש גידענקין דאש איך
אויך גיטון האב דא איר אים וואשיר לאנגט אונ׳ הובט אן צו שרייאן זו בלד
דער יבנן קייסר דיא שמועה הורט דש דש דער יוד וואר דר אין האט
מציל גיוועזין שטונד ער פֿון זיינם שטול אויף אונ׳ הוב אן אויף אונ׳ פֿיל
אים אום זיין האלז אונ׳ קושט אין אונ׳ הוב אן צו וויינן מיט אים אונט
שפּראך מיין יוד מיין הערץ שטיא אויף אישט עש מוגליך פֿון גוט דש
עש בייא מיינים פֿאטיר אויש צו ריכטן אישט זו וויל איכש טון אונ׳ זייט
דער הלבן וואל גימוט· אונ׳ זעצט דען יודן נעבין זיך אונ׳ וואלט אין פֿיל
מכבד זיין ער שפּרך אדוני איך בין ניט דר הלבין הער קומן זונדרלך
אליין פֿיט אדוני וואלט דאש גיבוט פֿער שטערין זו ווערט גוט אויך
לעבנן אויער לעבין דער קיסר שפּראך מיין יוד קומט דער בוך ווידר
הער זו וויל איך צו מיינם פֿאטיר גן אונ׳ וויל מיט אים רידן דער בר
קפּרא שפּראך מיין הער קייסר שטעלט עש דוך אין קיין פֿער געש
דא מיט דיא ארמין יודן זו שטבטליך אום איר לעבין קומן אונ׳ דיא ביזן
גיבוט מעכט פֿער שטערט ווערדין דער קיסר שפּראך וויל מיך ניט
אין דער זאך שפּארין אונט גינג מיט דעם בר קפּרא זעלברט הין
בויט· בון מיין גטר בר קפּרא קאם ווידר צו דען יהודים וואלט אביר
ביקש זגן אוב ער עפּיש הט אויש גיריכט ניט אודר זונדר זגט דיא זיך

זערד גוט ווערין אונ׳ וור זיא טרישטן דוך זולטן זיא בורט פֿרום זיין אונ׳
ושטן· דש גלייכן וועלט ער אך טון אוב זיך הקב״ה מרחם וועלט איבר
זיא זיין: דש דער שראקין יהודים גאר זער דען זיא פֿאר שטונדן אן
זיין רידן דש ער נוך ביקש האט איש גיריכט אונ׳ דאש רשעות גיבנג
אלש בורט אלזו גינג דער יונג קיסר אונט פט דען פֿאטיר ער וועלט
מיט אים עשין צו מיטאג דש ערש אים אך ביט ווער זאגט אונ׳ שפרך
ער וועלט קומן אלש דש נון אך גישאך דש דער אלט קיסר צו מיטאג
עשיט מיט דעם זון· וויא ער נון איבר טיש זאס דא קאם דער יהודא
ווידר אונ׳ בינערט בור דען קיסר דא שפראכין דיא טרוואבטין דער
קיסר זעש איבר טיש דער יוד זאגט אונ׳ שענקט איינם גוט ויבגרליין
ער זולט עש דעם קיסר אן ציינן דער טרוואבט שפראך איין יוד וועלן
דו מיר שאן נוך זו פֿיל שענקשט זו וועלט איכש אים ביט זאגן דען דר
הער קייסר דער אלט דער עשט איצונד מיט דעם יונגן הער קייסר
אונ׳ ווען איך אים זולט איין יודן גידנקן זוא שליג ער מיר דען קאפּא אב
בר קפרא שפראך זו טו איינש אונט ברעבנג אים בריב פֿון מיינט
וועגן זוא ווערט עש דער קיסר ביט ווישן וואש עש אן טרעפֿט ביז ער
דען בריף לייט·· ווערד ער דען מיינר בינערין זוא זאג מירש וואנ ביט
זוא וויל איכש בלייבן לאשין דער שפראך דז וויל איך טון בלד שרייב דר
בר קפרא איין קליין בריבליין אונ׳ גאבש דעם טרוונט: דער טרוואבט
וואלט זיין ויבגרליין ווער דינן אונ׳ בראכט דעם יונגן קיסר זיין בריף זוא
בלד ער דען בריף לייט דר שראך ער אונ׳ גידאכט וואש זול איך טון זול
איכש מיינים פֿאטיר זאגן זו לייפֿט ער הין ווענג וויל מיין זין פֿאלגן וויל
דען יודן ארופֿין לאן קומן ווען מיין פֿאטיר ווערט זעהן דען יודן דר מיר
טובה האט גיטון ווערט זיך מיינר ליפשפֿט הלבן מרחם איבר יהודים
זיין· וויא דר קיסר גידאכט זוא גידאכט דער בר קפרא אך אונ׳ שיקט
אך דער הלבין דעם מאל צום קיסר דז ער אן דיא טובה זולט גידענקן·
אונ׳ דר קיסר זגט ווידר דען טרוואבט לוש דען מן הרופֿין קומן שטראך
הריין דר טרוואבט גידאכט ווש מוש דש פֿער איין יוד זיין דר מיין הער
קייסר ווער זיך לאט איבר עשין אונ׳ בראכט דעם יודן ווידר פיטשפֿט
ער זולט שטראך הבוסן קומן מיט אים זו בלד ער הבוסן קם אונ׳ זיך
וויא דורטן כל שרה מלוכה זש איבר טיש גיבנג ער אן דיא שטוב ויל בידר
אויף זיין פֿנים אונ׳ הוב אן צו שרייאן אונט אליר דורך לייכשטיכטר
קייסר האבט ברם הערציקייט איביר אונש ארמין יודן אונט
פֿער שטערט דאש גיבוט· זוא בלד דער יונג קייזר דען יודן זיך שטונד

ער·

ער אויף פֿאן טיש אונ׳ נאם אין בייא דער הנט אונ׳ זעצט אין נעבן
זיך אונ׳ שפראך אליר גנעדיגשר פֿאטיר דעם יודן בין איך שולדיג
גוטז צו טון דען דאש איזט דער יוד דער מיר איין דר הלטן הוט אונ׳ זא
פֿיל גוטש גטון הוט אונ׳ זא דער יוד גטון העט ווא ווער איך׳ ווא קעם
אייער קייזרטום הין דער הלבן מעגן מיר וואל גוט צו פֿאר אונ׳ יודן
דער נוך דנקן׳ דער הלבן זיין מיר אים שולדג פֿיל גוטש צו טון דער
הלבן ביט איך אייך אליר גנעדיגשטר פֿאטר׳ דאש איר וואלט דוך
דאש זעלביג גדענקן אונ׳ אין ווידר פֿאר ערין אונ׳ אין דען יודן דאש
גבוט ווידר פֿאר שטערין: אונ׳ פֿיל דעם פֿאטיר ווידר זעלברט צו
פֿוס: דא נון דער פֿאטיר דען יודן אנזיך אונ׳ גדוכט זיך ער הוט איין
זון בייא זיינם לעבין ביהלטן אונ׳ ווען יוא דש זעלביג ביט ווער זא ווער
איין מלוכה אין פֿרעמדין הנט קומן זא ווער יוא איין גוט איין הב אליש
פֿער לארין: זא בין איך יוא דעם יודן פֿיל גוטש שולדיג צו טון׳ אונ׳
שפראך ווידר דען זון איין הערץ ליבר זון שטיא אויף פֿאן דער ערדן
דיא יודן זולן דיין איינג זיין׳ מך מיט אינן וואש דו וילשט זאג מיר נוזן
בישט דער בון׳ אונ׳ נאם דך איין שיבי גוילדן קעט אונ׳ווארף זיא דעם
יודן אן הלז׳ אונ׳ שפראך נעם הין יוד דיא קעט וויל איך דיר געבן
פֿאר דיא וויל דוא מיר איין זון בייא לעבין ביהלטן הושט׳ זא בלד דער
זון דאש ווארט צום פֿאטיר הט ווארר ער פֿרוא אונ׳ שפראך מיין ליבר
פֿאטיר אונ׳ הער איך וויל שפֿין דאש דיא יודן אונטר מיר זיצן זאלן דא
מיט איר בישט דרפֿט מיט דען יודן צו טון הבן: דער אלט קיסר
שפראך הלט דיר יודן גשעגקט מך איין פֿעפֿיר איבר זיא מך נוזן דז
זיא פֿאר איר ביט פֿיל גדאכט ווערדן אונ׳ גנג הין וועק אויש דעם
חדר אונ׳ שפראך דאך הלט דיין יודן עהליך דען ער הוט דיר גוטש
גטון׳ אביר דער בר קפרא וואלט דיא קעט ניט נעמין: זא מכט
דער יונג מלך דאש ער זיא מושט נעמין אונ׳ זשין בייא אבנדיר אונ׳
לישן ספרים הולן אונ׳ ליש אין גנץ רויאשין לנט אויש שרייבן דאש איר
גבוט זולט ווידר אופֿן זיין דען מיר ווערדן אויף דיא שפור קומן דאש מן
אין אין רעכט טוט מיט פֿיל זכין׳ דער הלבן זולט מן דען יודן קיין איבר
לשט טון בייא פֿאר לושט דאש לעבין: אונ׳ גב אין נייאן קיומים בזור
כל שרה מלוכה׳ זויא זיא דער בר קפרא בגערט אונ׳ אר צילט דען
יועצים וויא אים דער יוד פֿיל גוטש גטון העט ביט אליין דאש ער דש
חיות ביהלטן העט זונדר אליין העט אים נוך געלט דער צו גליהן אונ׳
גקלייט אונ׳ פפערד דר צו גקויפֿט וויא איך נון אין זולכן זכן הערט׳

שפראך אידראן זולכש אן אישט וואל ווידר ער אן צו טון · אלזו ביקם
ער דיא בריף ווידר · אונ׳ וויא ער זיא הט שפראך דער יונג קיסר
באלין גיט הין אונ׳ דער פֿרייאט אייער מיט ברודר אונ׳ קומט גלייך
ווידר הרויפֿן צו מיר · אלש וועלין מיר אויך רעדליך פֿאר טרגן מכֿן ·
אונ׳ איין רעדליך אב שייד נעמין מיט איין אנבדר · אלזו גינג מיין גוטר
בר קפרא צו דען יהודים אונ׳ וואר זיא משמח אונ׳ זגט וויא דער הנדיל
ווידר ווער אויז גריכֿט אויף דאש אליר בעשט · וויא הש״י העט איין נס
גיטון מיט דעם אלטין קיסר · אונ׳ צונג דיא בריף הרויש אונ׳ וויש אין
דיא קיומים אלזו ווארין דיא יהודים גר פֿרא דאש אין בר קפרא דיא
זך זוא גר וואל העט אויש גריכֿט אונ׳ צעלכֿטן אונ׳ מכֿטין פורים · אונ׳
וויא נון דער קיסר דען בר קפרא הט לוזן הייאן גן צו דען יהודים דיא
וויל הט ער איין סמוט קלייד לאזן מכֿין דעם בר קפרא אונ׳ דען אנדרן
טג שיקט דער קיסר גוך דעם בר קפרא ווידר ער זולט גישווינט צו
קיסר קומן · יהודים דר שראקין ווידר דען זיא בורכֿטן זיך דער קיסר
ווער ווידר עפיש גיביטין בר קפרא שפראך דער שרעקט ביט איך
הב מוזן דעם קיסר פֿאר היישן איך וויל ביט הוועק ציהן וויל פֿארט צו
אים קומן בורכֿט אויך דער הלבן ניכֿט ווש אן דעם קיסר גלעגן איז
וויל איך דז וואל אויש ריכֿטן · אלזו גינג דער בר קפרא ווידר צום קיסר
הנויף צום שלום צו וויא נון דער בר קפרא הנויף קאם דא זאש דער
קיסר איבר טיש מיט אל זיינ׳ יועצים · אלש אין דער זאך שטובד ער
ווידר אויף אונ׳ נם אין בייא דער הנט אונ׳ זעצט אין נעבין זיך הט ער
פֿאר פֿיל מיט גיטריבן טרייב ער פֿיל מין מיט אים אונ׳ שפראך מיין
ליבר יוד וואש דוא בינערשט זג דוא מיר נומין זול דיר פֿאן מיר ביווערט
זיין בר קפרא שפראך אדוני קיסר איך בינער ניקש זונדר פיט דיך
דוא וועלשט איבר מיין מיט ברודר האבט האלטן · דאש זיא ווייטר
קיין איבר לשט הבן וועלשט אן דיא טובֿה גידענקין דיא איך דיר גיטין
האב דא גב אים דער קיסר ווידר קיומים וויל ער לעבט אונ׳ פֿאר זיין
קינדר אונ׳ קינדר קינדר · דאש זיך ניקש בויז זאלטן בירגן · דען
ער וועלט אין זיין ספר זכרונת שרייבן וויא אן יהודם גוטש טון · דען
עש ווער איין יוד גיוועזין העט דעם קיסר זיין לעבן דר הלטן אונ׳ וועלט
דיא שמוע דר בייא איין שרייבן · אונ׳ ליש אים ברענגן דש סמוט קלייד
אונ׳ ווארף עש אים אן דיא שויב וואר מיט איידל צאביל גיפֿוטרט אונ׳
ווארף אים איין גילדן קעט אן הלז אונ׳ ליש אין מיט דרומיטן אויף איינם
הויפשן פפֿערד דורך אלין גסין פֿרין · אונ׳ ליש צור אים אויש רופֿן ·

דאש

דאש אישט דער מאן דער דעם קיסר זיין לעבן דער הלטן הוט · וויא
ער נון אך אלזו אין דיא יודן גס קם · ווארן דיא יודן אל ווידר פרוא · דש
דער קיסר ווידר זו גוט ווער אלזו וויז ער יהודים איר בייאן קיומים ווידר
וויא זיא זא וואל אויש גריכט ווארין אוב׳ דער יונג קיסר ליש איין מול צו
ריכטן מיט איידל קונבעקט דעם יהודא אוב׳ רופט דען פאטיר אך
דר צו · וויא וואל עש דער פאטיר ניט גערין טעט · ווען ער אבירמן
דיא גרוש טובה גידוכט דיא ער זיינם ליבן זון האט אן גיטון דען פער
גס ער דאש רשעות בלייב אך דר בייא זיצן אוב׳ שענקט אים אך איין
שיני גילדן קעט אוב׳ דער בר קפרא ווארב נישא חן אין דז אלטין קייזרש
אויגן אוב׳ פט דען בר קפרא ער זולט דוך בייא אים בלייבן אוב׳ זולט
ווייב אוב׳ קינט צו אים הולן לאזן ווען ערש ניט טעט זוא זולטן עש אלי
יהודים אויש געלטן · וואש זולט דער בר קפרא טון וויא וואל ער דארטן
איין שיני וואנונג הט מושט ער דוך דורט הין ציהן אוב׳ מושט אונדר
דען יונגן קיסר זיצן · אלזו צוג ער ווידר הייאן דא ליש אין דער קיסר
מיט זיינין הויכשטן יועצים גלייטן דיא שטט הין נויש · אלזו קם ער
ווידר בשלום הייאן צו זיין ווייב אוב׳ קינט אוב׳ הט אין גיזגט וויא ער האט
דיא גזירה מבטל גיוויזן דש זיא זער פרוא ווארין אוב׳ דער געגן דרויארג
דאש זיא זולטן בון אירר שטט הין וועק ציאן · דיא וויל דער בר קפרא
איין וויל ווער אויש גוועשין האט דער יונג קיסר אופט צו יהודים
גשיקט אוב דער בר קפרא ניט קומן ווער בתוך כך קם דיא שמועה
צום קיסר בר קפרא קעם · זוא בלד ערש הורט מכט ער זיך זעלברט
אויף · אוב׳ צוג אים זעלברט אנט גגן אוב׳ אנטפינג אין מיט ווייב אוב׳
קינדר גר שון אוב׳ וואלט אין ניט פאן אים לאזין זונדר מושט נעבין
זיינים שלאש איין הויז איין געבן אלזו גינג עש דען ארמן יודן וויל ער
לעבט גר וואל פיל בעשיר גא עש אונש : סליק סליק

רלב

מעשה דאש רבי אליעזר בר שמעון דער גינג אויף דיא אוב׳ ער גבנד אוב׳ גבערליך איין שוטר פאם מלך דער גינג אין דער שטט אוב׳ לינט תופס גנבים · דא פראגט דער רבי אליעזר דען שוטר ליבר זג מיר וויא קנשטו דען גנבים בייא קומן דען דיא גנבים זיין גגליכן צו דען חיות אלש דער פסוק גיט ער ליגט אין זייבר הויט אוב׳ פאר בוירקנס אוב׳ לוגט אויף דיא לייט דש זיא אין גבון דער הלבן מעכשטו איין פרומן מאן תופס נעמן אוב׳ לושט דען רשע

גן דא שפראך דער שוטר ווידר ווש זול איך טון איך טון דען דער זולך
וילש אלזו הבין · דא שפראך רבי אליעזר ווידר דען שוטר קום הער
איך וויל דיך לערנן דאש דוא דיא רעכטן גנבֿים פינדשט גיא אויף דער
פירדן שעה אויף דען טג אין אלי ווירטש הויזר דען אישט דיא צייט דז
אידרמן עשט ווען דוא זיכשט איין מאן דער אין בעכֿיר אין דער הנט
הוט אונ׳ שלופט דרויבר דא פרעג נוך אים וואש ער פאר איינר
איזט · איזט ער איין לערנר זוא איזט ער גר פריא אויף גשטנדין פור
טג אונ׳ הוט גלערנט דער הלבין איזט ער איצונד גר שלעפריג דער
הלבין שלופט ער איצונד בייא טג אישט ער דען איין ערבטש מאן זוא
הוט ער בייא נכט גערבט דאש ער בייא טג שלופט איז ער אביר קיין
לערנר אונ׳ קיין ערבטשמאן אך זו אישט ער געווישליך איין גנוב אונ׳ הוט
בייא נכט ניכט גשלופין דיא וויל ער הוט בייא נכט אויף דעם פעלט
גגנבת אונ׳ הוט דיא הייזר בייא נכט אויף גבראכין אונ׳ גיא הין אונ׳ לינג
אין תופס · דא גינג דער שוטר הין אונ׳ זגט דיא שמועה וויא אין רבי
אליעזר גלערניט העט דעם מלך · וויא ער אין גלערנט העט דאש
ער דיא גנבֿים זולט קענין דא שפראך דער דיא וויל יוא רבי אליעזר
זוא וואל ווש וועלכי דיא גנבֿים זיין · זוא זול ער אך זעלברט דער שוטר
זיין דער דיא גנבֿים זאל תופס לינגן · אלז בלד וואר דער רבי שמעון בן
אליעזר גברוכט דאש ער מושט גנבֿים תפסן · דוא נון דיא רבנים
זולכש גוואר ווארדן · דא שיקט רבי יהושע בן קרחה נוך דעם רבי
אליעזר אונ׳ זגט ווידר איבן חומץ בן יין · דאש מיינט דוא הוש פרומן
עלטרין געהט אביר דוא טייגש ניקש · דאש דוא דיא לייט תופס לינגשט
אונ׳ אויבר אנטוורשט דאש פאלק פון הש״י צו דער מיתה בייא דען
מלך · דא שיקט דער רבי אליעזר צו דעם רבי יהושע וויש טון איך
בין איך מין אליש דיא דער ניר אויז דעם ווין גארטין מכלה · דז מיינט
בין איך מין אלש דיא רשעים פאן ישראל מיאת · דוא שיקט דער רבי
יהושע ווידר צו רבי אליעזר ליש עש הקב״ה זעלברט טון אונ׳ לוש דיא
רשעים זעלברט אים דאש חיות ברעגנן · וואש דרפשטו זיא תופס
לעגן דוא זאלשט אלצייט ביט טון · דא שוויג ער שטיל · איינש טאג
בגעגנט דם רבי אליעזר בר שמעון איין וועשיר דער דען לייטן אום
דען לון וועשט אונ׳ היש דען רבי אליעזר חומץ בן יין · דש מיינט דוא
רשע בן צדיק וויא נון רבי אליעזר זעלכיש הורט פאן דעם טג לעביר
וויל איין זולך עזות פנים הושט דאש דוא ווידר מיך זולכי ריד זגשט זוא
בישטו געוויש איין רשע אונ׳ זגט ווידר דיא שומרים מן זעלט אין תופס.

לעגן אלזו וואורט ער הין וועק גיפֿירט אין דיא תפיסה ניט לנג דער
בוך וויא דעם רבי אליעזר דער רונג פֿאר גנגן וואר דא הט ער חרטה
דאש ער דען מאן הט לושן תפֿסין אונ׳ גנגן הין אונ׳ וואלט אין ווידר
אויז לוזן בייא דעם. אלך דא קומט ער בייאן דא זגט רבי אליעזר דען
פסוק אויך דען וועשיר שומר פיו ולשונו שומר מצרה נפשו· דאש איז
אין טייטש דער דא הויט זיין מויל אונ׳ צונג פֿאר רידן· דער הויט זיין
לייב פֿאן לאד דז מייבט אלזו העט דער וועשיר זיין מויל גיהלט אונ׳ העט
אין ניט אונ׳ גיבאט רשע בן צדיק זוא ווער אים דאש ניכט גישעהן דש
ער ווער תופֿס ווארדן· אלזו ווארד דער וועשיר אויז גיפֿירט דאש מן
אין אן גלגן טעט הבגן דא שטונד דער רבי אליעזר אונטר דעם גלגן
אונ׳ שרייא דען ער הט גרוש חרטה· דא זגטן דיא לייט ווידר רבי אליעזר
איר דערפֿט דאש מאנש הלבין ניט שרייאן· דאש ער וואש חיות
קומן איז· דען דער מן אונ׳ זיין גזל זיין בייא אייבר בילצל גלעגן דיא שון
אבטשטויט איזט גיוועזין בין איינם אנדרן בחור· אן איינם יום
כיפורים· אונ׳ ווער זולכש טוט איזט חייב מיתה דאש מן אין פֿאר
שטיינן זול· אונ׳ דיא וייל ער ניט איז פֿאר שטיינט ווארדן זו גיבט אים
הקב״ה דוא מיט זיין לאן דאש מן אין אן גלגן הוט גיהענקט דער הלבין
הוט ער זיין לון ביקומן וויא ערש פֿאר דינט הוט· דא ליגט דער רבי
אליעזר זיין הענד אויף דען בויך אויף דיא גדערים אונ׳ זגט פֿרייאט
אויך מיין גדערים· זיך דאך איך הב דען וועשיר אויף איין ספק לוזן
תפֿסין אונ׳ הב ניט גיווישט דאש ער איין גנב איז גיוועזין· בוך הב איך
רעכֿט גיטון· מכל שכן ווען איך גיוויש וויש דאש אייבר איין גנב איז אונ׳
איך לוש אין תפֿסין דאש איך אים רעכֿט טון· דש איך זיא לוש מיאת
זיין אונ׳ זגט איך בין פֿאר זיכֿרט אן הקב״ה דש דיא ווירם איין גדערים
ביקש טון ווערדן· ווען איך גשטורבן בין· אונ׳ ווער אים קבר ליגן·
אבירוויא וואל דאש ער דעם וועשיר הט רעכֿט גיטון דאש ער אין הט
לאזן מיאת זיין נוך דעם נוכֿטר וואר ער ניכֿט וואל צו פֿרידן אונ׳ פֿארכֿט
זיך ער העב ניט רעכֿט גיטון אונ׳ גנגן הין אונ׳ ליגט זיך אין איין מיראל
שטיין הויז דאש קיין ווינט קונט צו אים קומן· אונ׳ טראנק איין שלאף
טראנק דאש ער הרט שליף אונ׳ ליש אים דען בויך אויף שניידן אונ׳
ליש אים קערב פֿאל חלב הרויש בעמין דען ער וואר זוא גר פֿעט
אונ׳ דיק אונ׳ ליגט דש חלב אין דיא זון אין חודש תמוז אונ׳ אין חודש אב
דאש דיא זון צום היישטן שיינט בוך ווארד דאש חלב ניט שטינקן דא
זאך ער וואל דז אים דיא ווירם ביקש טון ווערדן דא פֿרונגט דיא גמרא

זיא קונט ערש אם חלב זעהן דאש אים דיא ווירם גידש טון ווערדן
וויל עש ניט שטינקן ווערט זיין חלב ווערט דוך אנדר חלב אך ניט
שטינקן ווען קיין פֿלייש דער בייא איזט · דא אישט דיא גמרא מתרץ
אנדר חלב ווערין דיא קליינן אודרן דיא אם חלב זיין דיא ווערדין
שטינקן אביר בייא דעם חלב ווערן אפילו דיא קליינן אודרן אך ניט
שטינקן דא רופֿט דער רבי אליעזר דען פסוק אויף זיך אף בשרי ישכן
לבטח · דאש אישט טייטש אך איין פֿלייש אים קבר ווערט רואן צו
זיכרליך · אונ׳ אך איינר הוט גהיישן רבי ישמעאל בר רבי יוסי גישך
אך אן זולכש דאש ער מושט גנבים תפסין · דא בגעגנט אים איין
מול אליה הנביא אונ׳ זגט ווידר אין וויא לנג ווילשטו נאך זא אובל טון
דש דוא הקנה זיין פֿאלק ישראל איבר אנטוורשט צו דער מיתה בייא
דעם מלך דא זגט ווידר אליה׳ וואש זול איך טון דער ווילש אלזו הבן דא
זגט אליה׳ הנביא ווידר דען רבי ישמעאל דיין פֿאטיר הוט גהייסן דוא
ווערשט לייפֿין אין איין שטט דיא דוא הייסט לודקיא · ווען דיא צווין
רבנים רבי אלעזר בר שמעון אונ׳ רבי ישמעאל בר רבי יוסי גענגן איין
אנדר שטובדן דאש זיא איר פרצופים געגן איין אנדר הטן דא ווערין
דיא צווין זוא גר דיק דז איין בר אוקשין אונטר אירן בויך קוינט גין אונ׳
רירט ניכט אן · אן דיא צווין רבנים זגט איין שרתה ווידר דיא רבונים
אויער קינדר דיא איר הט דיא זיין ניט אויער דען איר קוינט ניט צו
אויער ווייבר קומן דא זגטן דיא רבונים אונזיר ווייבר בויך זען נוך
דיקר אלש אונזיר בויך דא זגט דיא שרתה ווידר מכל שכן זיין דיא
קינדר ניט אויער זגטן זיא ווידר מכח גרושי אהבה דריבגט זיך דאש
פֿלייש צו הויף דא פֿרוגט דיא גמרא וויא טויך זו קוישטליכן רבונים זיא
ווארין · זגטן אלזו זול זמן ריד דא אישט דיא גמרא ווידר מתרץ זיא זגטן
דער הלבין דאש זונשט מיכט מן הבן מוצא לעז אויף דיא קינדר גוועזין
דארום גבין זיא דער שרתה אלזו תשובה · אונ׳ וויא וואל דש דער רבי
אליעזר בר שמעון פֿיל יסורים הט גליטן דאש מן אים דען בויך האט
אויף גישנידן · דוך וואר ער ניט וואל צו פֿרידן מיט · אונ׳ בורכט זיך
ער העט איין עבירה גיטון דאש ער דען וועשיר העט לושן תלזון אודר
זינשט לויט דיא פֿרום ווערן גוועזט · אונ׳ גינג הין אלי אבונט ליגט ער
אויף זיין לייב זעכרניג בלשטיר דיא אים בלוט אונ׳ אייטר הרויש צוגן
צו מורגן ראן פֿאן דען פלשטר זעכציג ניבור פֿאל בלוט אונ׳ אייטר
הרוישן דען אנדרין מורגן מכט אים זיין וויב זעכטציק ארלייא
גיקעכשט בון פֿייגן דיא עשט ער דא וואר ער ווידר גיזונט דא וואלט אין

זיין

זיין ווייב ניט לאשין אין בית המדרש גין זיא פֿארכֿט זיך דיא רבנים ווירדן אין דריגן אלי אובנט זגט רבי אליעזר בר שמעון ווידר דיא יסורים ליבי ברוידר אונ׳ גזעלן קומט צו מיר אונ׳ האט אלי נכֿט דיא יסורים וויא דוא גישטנדין איז אונ׳ אלי מורגן זגט ער ווידר דיא יסורים גיט פֿאן מיר דא מיט איך דיא תורה קאן לערנן זונשט זייט איר דיא תורה מבטל איינן טאג הורט זיין ווייב וויא ער מיט דען יסורים רידד אונ׳ היש זיא צו אים קומן דא שפראך זיין ווייב דוא מכֿשט זעלברט דז דיא יסורים אויף דיך קומן דען דוא היישט זיא אל מול בייא נכֿט צו דיר קומן ווען דוא עש אלזו ווילט מכֿין ווערשטו וואל דיין פֿאטירש גוט פֿער טון אין איידל פלשטיר אונ׳ טיכֿר דאש ווייב גינג צום אים צום בשיא אונ׳ ליש אין אליין דא בינגב עש זיך עבין דאש דא קאן שיף לייט אונ׳ ברוכֿטן מיט איינן זעלציק קנעכֿט אונ׳ דיא קנעכֿט ברוכֿטן זעלציק בייא גירטיל פֿול גולד אונ׳ שענקטן עש דעם רבי אליעזר דען זיא ווארין אויף דעם ים גיבארין אונ׳ הטן גרושן ווינט גיהט דא טעטין זיא תפילה הקב״ה זולט אין הלפֿין פֿון רבי אליעזריש זכֿות ווענן אונ׳ דא ווארן זיא בישערמט וויא זי בון ווידר צו לנד קאן שענקטן זיא דש רבי אליעזר פֿור זיין זכֿות אונ׳ מכֿטן אים זעכצין גיקעכֿטש פֿאן פיינן דז ער ווידר אס אונ׳ וואר ווידר גיזונט איין טאג שיקט זיין ווייב דיא טוכֿטר אונ׳ שפראך גיא הין אונ׳ זיך וואש דיין פֿאטיר איצונד טוט דען זיא מיינט ער ווער נוך קרנק דיא וויל ער נוך נישט געשין הט דען זיא הט אים ניקש גיקוכֿט דען זיא וואר פֿון אים אן וועק גילופֿין׃ דא גינג דיא טוכֿטר צום פֿאטיר אונ׳ וואלט זעהן וואש ער טעט דא שפריך דער פֿאטיר ווידר דיא טוכֿטר גיא זאג ווידר דיין מוטר אונזר עושר איז גרעשיר דען איר עושר׃ דא רופֿט דער רבי אליעזר דען פסוק אויף זיך זעלברט׃ היתה כאניות סוחר ממרחק תבא לחמה׃ דאש איז טייטש דיא תורה איזט עבן אלז איין שיף פֿון איינים קייפמאן דאש ברענגט זיינם הערין זיין שפייז פֿאן פֿערין לאנט אלזו אישט דיא תורה אך זיא הוט גימאכֿט דש מיר דאש געלט פֿאן פֿערין לאנט אישט קומן דען דער זכֿות פֿון מיינר תורה הוט זיא מציל גיוועזין דורט וייט אויף דעם ים אונ׳ דר דורך הב איכֿש דאש געלט בקומן דא אש אונ׳ טרנק אונ׳ וואר ווידר גיזונט׃ אונ׳ גינג ווידר אין דאש בית המדרש דא קאמין זעכֿציק ארלייא בידות בלוט פֿון ווייבר דיא אין פֿרוגטן אוב זיא כשר אודר טרפֿה ווערין דא מכֿט דער רבי אליעזר דיא ווייבר אל כשר דאש זיא זיך אל צו אירם מנן לייגן זובדר טבֿילה׃ דא זולכֿש דיא רבונים הורטין

דאש ער דיא ווייבר אל כשר העט גימאכט · ווארין זיא דער צורנן אויבר
אינן דען דיא רבנים · אייבטן עש ווער ניט מויגליך דאש זיא אל כשר
מאכטן זיין · עש ווער יוא עבן אייבש זיין דאש טרפה מוכט זיין · אונ׳
זאגטן עש ווידר רבי אליעזר וויא עש זיך אן הויב דאש ער זיא אל כשר
העט גימאכט אונ ניט אייבש דרונטר ווער דאש טריפה ווער · דא דש
דער רב אליעזר בון דען רבונים הורט זוא זאגט ער הב איך רעכט כשר
גימאכט זוא זולין דיא זעכציק ווייבר הייבט אל טראגן ווערדין אונ׳ זולן אל
זכרים הבין האב איך דען ניט רעכט כשר גימאכט זוא זול אונטר דען
זעכציק ווייבר אין טוכטר גיבארין ווערדין דא גשאך עש זיך דאש
דיא זעכציק ווייביר אל טראגן ווארדן אונט גיוואון איטליך זכרים דא
זאך מאן דאש ער האט רעכט כשר גימאכט דא ווארין דיא קינדיר
אל נוך רבי אליעזר גיהיישן · דארום הוט גיזאגט רבי וויא פיל קינדר הוט
דער בויז מלך מבטל גיוועזן אונטר ישראל דען דיא וויל דער רבי אליעזר
איין שוטר איזט גיוועשין דא אישט ער ניט אין דאש בית המדרש גנגן
דא הבן דיא ווייבר ניט קענין ווייזן איר בידות אין טייל זאגן ער ווער
ברוגז אויבר זיין ווייב · דאש זיא אין ניט הוט וועלין לאזין אין דאש בית
המדרש גין וויא נון דער רבי אליעזר הוט וועלין שטערבין · דא זאגט ער
ווידר זיין ווייב איך וייש וואל דז דיא רבנים ניט וואל מיט מיר צו פרידן
זיין דען זיא צורנן איבר מיך דען וויל איך בין איין שוטר גיוועזין האב
איך פיל גבים תופס גיוועזן אונ׳ דיא רבנים הבן קרובים דרונטר
גיהט דאש פאר דרישט זיא אונ׳ דער הלבן מוכטן זיא ניט רעכט מיט
מיר אום גין ווען איך גשטורבן בין · דער האלבין לג מיך אויף דען
באדים · אונ׳ דוא דרפשט דיך ניט פור מיר פירכטן איך וויל דיר
ניקש טון · עש הוט גיזאגט רבי שמואל בר נחמני עש האב אים גיזאגט
דיא מוטר פון רבי יוחנן עש הב איר גיזאגט דש רבי אליעזרש ווייב דש
ניט ווינגר אלז צוויא אונ׳ צוונציק יאר אויף דעם באדים גילעגן אלזו
טוט · אונ׳ ווען דאש ווייב אויף דען באדים גנגן אישט אונ׳ הוט
גיזוכט אין זיין הור אונ׳ ווען זיא אים הוט איין האר אויז גיראפיט זוא
אישט בלוט ארויש גאנגן · זוא פריש איז ער אל צייט נוך גיוועזין
אלש ווען ער איצונד גשטורבן ווער איין טאג גנג זיין ווייב איין מול
אויף דען באדים · דא זאך זיא וויא דעם מאן אן ווארום אויש דעם
אור קרוך · דא ווער זיא גאר זער דאר שראקין · דען פורכט זיך
גווישליך בון ווערט ער איצונד שטינקן ווערדין · דא קאם דער מן
צו איר אים חלום אונ׳ זאגט צו איר דוא דרפשט דיך דער הלבין ניט

אויבל

איבגן הלטן דען דש מיר דער ווארם אויש דעם אור קריכט דש האב
איך איין מאל פֿער זיכט· דען איך בין איין מאל דר בייא גוועזן דז מאן
האט איין תלמיד חכם מזלזל גוועזן אונ׳ איך האב אים ניט גווערט וויא
איכש וואל העט קענן ווערין· דא איבר האב איך עש פֿער זיכט·
דש מיר דער ווארם צום אור איז הרויש גקראכן· אל דיא וויל דש דר
רבי אליעזר בר שמעון אויף דען באדים טוט לג אונ׳ צווין האטן איין צאנק
מיט אייננדיר· דא שטעלטין זיך דיא צוויא ברטייאן אויף זיין טיר
אונ׳ איטליכר זאגט זיין טענה· דא קאם איין שטים פֿאם באדים·
אונ׳ זאגט דער מן אישט גרעכט דער מאן איז ניט גרעכט· דוא גינגן
זיא ווידר איר שטרוש אייבש טאגש צענקט זיך רב אליעזרש וייב מיט
אירר נאכפֿארין דא זאגט איר נאכפֿר ווידר רבי אליעזרש וייב דז
זאלשט אך זיין וויא דיין מן· דער ניט צו קבורה קומן אישט· דוא דז
דיא רבנים הורטן זאגטן זיא איצונד היבט זיך גר ניט אן דיא וייל עש
אידרמן ביוויישט דש ער גשטורבן איז אונ׳ מיר הבין אין ניט צו קבורה
גטון· דען דש איז ווידר דש צדיק כבוד· אלזו לגן זונדר קבורה ליגן
צו לאזין· אביר איין טייל לייט זאגן דער רבי שמעון בן יוחי וואר דאש רבי
אליעזרש פֿאטיר· דער קאם צו דען רבנים אים חלם· אונ׳ זאגט
ווידר זיא איך האב איין טויב אונטר אויך· ער מיינט איך האב אן זון
אונטר אויך אונ׳ איר וועלט מיר אין ניט צו מיר ברענגן אין מיין הויל דא
דאש דיא רבנים הורטן· דא גינגן זיא הין אונ׳ וואלטן אין צו קבורה
טון· דא וואלטן עש דיא לייט פֿון דער שטאט עכבוריא ניט לידן דען
דיא זעלבג שטאט לאג גאר גוהנט בייא דער שטאט דא ער טוט לאג·
דען אל דיא דש דער רבי אלעזיר שלופֿט אויף דען באדים דא קאם
קיין חיה רעה אין איר שטט· אויף איין טג דא וואר ערב יום כיפורים
דא האטן דיא רבנים פֿיל צו טון· דא שיקטן דיא לייט צו דען לייטן
דיא זיבן אין דעם דארף הש דא הייש בירי דז וואר גאר גוהנט דר צו·
זיא זולטן דען רבי אליעזר צו קבורה· דא קאמן זיא אונ׳ לגטן אויף דיא
מיטה אונ׳ טרוגן אין פֿור זיין היל דא דער רבי שמעון בן יוחי איבן לג טוט
דא לאג איין שלאנג פֿור דער היל זוא רונט וויא איין רט· דש זיא האט
אירן שוואנץ אים מויל· אונ׳ וואלט ניט לידן דאש מאט אין דיא היל
גינג· דא שפרכין דיא לייט שלאנג שלאנג דו אויף דיין מויל אונט לוש
דען זון צום פֿאטר דוא טעט זיא דש מויל אוף אונ׳ ליש דיא לייט אין דיא
היל הינין· דש מן דען רבי אליעזר בייא דען פֿאטיר רבי שמעון בן יוחי
צו קבורה טעט: אונ׳ דש וואר דיא היל דא דיא צווין רבנים איבן ווער

בורגן ווארן· דא שיקט רבי צו דעש רבי אליעזרש וויב אוב זיא אין בעאין וועלט· דען דער רבי האט אך קיין וויב· דוא אנטפוט זיא אים ווידר· איין כלי דא איידל קודש אין גיברוכט ווארדן· זול מאן איצונד טאא דינן ברויכן· דען זיא מיינט דער רבי אליעזר וועהר זו גר היילג גיוועזין· דש דער רבי נעגן אים אונ׳ היילג וועהר· אונ׳ מיינט עש אלזו זיא העט פֿאר אלזו איין גאר גרושן תלמיד חכם גיהט אונ׳ זולט איצונד דען רבי בעאין דער וועהר ניט אלזו איין גרושר תלמיד חכים אז רבי אליעזר וועהר גיוועזין דא אנטפוט ער ווידר אוב ער שון איין גרעשיר העהר אין דער תורה וועהר גיוועזן אלז איך· אביר מיט מעשים טובים איז ער דוך ניט גרעשיר אלז איך דאך וואלט זיא אין ניט בעאין: סליק סליק

רלג

מעשה גישעהן אן אייבר אלטין ורויאן· דיא שטונד אלי מורגן פֿריא פֿער טאג אויף אין דיא שול· אונ׳ זאגט תחינות אונ׳ טעט תפֿילה צו השי׳ אונ׳ האט זונשט אך פֿיל גוטי מעשים טובים אן איר דש זיא גאר פֿרום וואר בון וויא בון דיא פֿרום פֿרויא גישטורבן וואר· דא קאם זיא אנדרן פֿרואן לייט אים חלום פֿאר· דא פֿרוגט זיא דיא לייט וויא גיט עש דיר אויף יענער וועלט· וויילדו אויף דיזר וועלט זוא פֿיל גוטש גיטון האשט· דוא זאגט דיא פֿרום פֿרויא ווידר· מן שלגט מיך אלי טאג מיט הרטי שלעק· אונ׳ ניט אליין דאש· זונדר ווא אנדרן פֿרואן מבין אונ׳ וויבר זיצן אויף יענר וועלט· דא טרייבט מאן מיך פֿאן אין הינוועק· אונ׳ וויל מיך ניט בייא דען זעלבין לאזין בייא דער זעלבין פֿרייד· אונ׳ דאש וועהר דיא אור זאך· דיא וויל זיא אויף דיזר וועלט גלעבט העט· זוא וועהר זיא אל מאל אים סדר בֿון קדושה אויש דער שול גנגן אונ׳ דא מיט העט זיא זער גזינדיגט אונ׳ און רעכֿט גיטון· דארום מושט זיא אויף יענער וועלט דרום לייד · דער הלבן ליבן וויבר טוט צו קדושה ניט אויש דער שול גין· זוא בלייבט איר בייא אנדרן פֿרואן לייט זיצן אונ׳ בשטין: סליק סליק

רלד

מעשה גישאך אן איינם חסיד דר וואר גאר ארם· דא ביוויז זיך אליהו הנביא צו אים אין גישטלט איינש קייפֿמאן אונ׳ גב אים צוויא מינצין דאש ער זולט מיט הבדלין· אונ׳ ער וואר דר

דורך

דורך נאר רייך · אונ׳ דער דורך דש דער חסיד זער הנדלט פֿערנם ער זיין חסידות אונ׳ זיין פֿרומ קייט אונ׳ זיין זער אורן דא קאם אליה הנביא ווידר צו אים אונ׳ נאם ווידר פֿון דעם חסיד צוויא אוינצין · דא הוב דער חסיד ווידר ארום דאש דש מאון פֿער לארן וואר דאש ניאט וואשט ווא דש מאון הין קאם · דא הוב דער חסיד אן צו וויינן נאר זער · אונ׳ וואר זיך נאר זער מצער אום זיין מאון · דא קאם אליה הנביא ווידר צום חסיד · דא שווער מיר איין שבועה ווען איך דיר דיא צוויא אינצין ווידר גיב דש דו דיין חסידות ווילשט ווארטן · אונ׳ ביט הנדלין · דא שפראך ער יוא · אלש ער נון גשווארן האט גאב ער אים דיא צוויא אינצין ווידר · דא וואר דער חסיד ווידר רייך · דער האלבן ווען איינים שון שי׳ טוט פֿיל מאון בישערן · זול ער דוך זיך פֿון השי׳ ניט קערין · זוא בלייבט ער ביא גרושן ערין :

סליק סליק

רלה

מעשה גשאך אן איינם דער האט זיין הויז שטין נוהט ביא דער שול · אונ׳ דעם זעלבן אן שטורבן אל זיין קינדר אונ׳ ער קונט ניט ווישן ווארום · דא פֿראגט ער איין חכם ווארום אים זיין קינדר אל שטורבן · דא זאגט דער חכם ווידר אין וויל דיין הויז הויכר גבויט איז דען דיא שול · אונ׳ דיין הויז מכט דיא פֿענשטר פֿאן דער שול נאר פֿינשטר . אונ׳ פֿער לעשט דש ליכט פֿאן דר שול · זוא לעשט דיר השי׳ דיין ליכט אך ווידר אויש · אונ׳ בוך אין ווען דו ביא דיינם וויב לינגשט אונ׳ מיט איר צו טון האשט · זוא אישט עש צו נוהנט אן דער שול דא ער נון זולכש בויאן טעט · אונ׳ בראך זיין הויז אב דא בליבן אים זיין קינדר פֿום זעלבגן יאר אן אונ׳ ווייטר לעבן :

סליק סליק

רלו

מעשה גשאך אן איינים מענשין · דער זאגט ווידר רבי גמליאל ווא וואנט הקב״ה אודר ווא אישט ער · דא זאגט רבי גמליאל ווידר איך ווייש ניט · דא זאגט דער מן ווידר אישט דאש דען אויער תפֿילה · אונ׳ אויער חכמה דש איר אלי טאג מתפלל זייט פֿור הקב״ה · אונט ווישט ניט ווא הקב״ה אישט · דא זאגט רבי גמליאל ווידר דען מענשין דוא האשט מיך עפיש גפֿראגט דאש איז נאר ווייט פֿאן מיר · וואל פֿינף הונדרט יאר · דען פֿון דעם הימל ביז אויף דיא

ערד

ערד איז זינגן הונדרט יאר ריין׃ איך וויל דיך עפיש פֿראגן דז אישט
געבין בייא דיר טאג אונ׳ נאכֿט זאג מיר אן וועלכֿיש אורט אישט זיא׃
דא פֿראגט ער וויש אישט עש דען׃ דא זאגט רבי גמליאל איך מיין
דיא נשמה דיא דיר הקב״ה געבן האט דיא האשטו בייא דיר טאג אונט
נכֿט זאג דוא מיר ווא צו האשטו זיא אודר אין וועלכֿיר זייטן אישט זיא׃
דא זאגט דער מעבש ווידר רבן גמליאל איך וויש ניט׃ דא פֿלוכֿט רבן
גמליאל אונ׳ שפראך פֿאר פֿלוכֿט זיישטו דו לוזר מן מה דוך איך פֿראג
דיך עפיש דאש נוהט בייא דיר אישט אונ׳ דוא ווישט עש ניט׃ אונ׳
דוא ווילשט אין דינג פֿון מיר ווישן דאש זינג הונדרט יאר ריין פֿון מיר
אישט׃ סליק סליק

רלז

מעשה געשאך אן איינם גרושן מעכֿטיגן מלך דער האט פֿיל
קעשטליכֿן יועצים בייא אים׃ אונ׳ פֿיל הערין אונט
גרופֿן׃ וויא נון דער סדר אישט דש איין מלך פֿיל קעשטליכֿן יועצים
האט׃ אביר אל דיא הערין דיא ער בייא אים האט דיא הילטן גאר
שופֿל אונ׳ וואריז אין ניט מכבד׃ וויא מן איין מלך זול אין ערין האלטן׃
דוא האט דער מלך בייא אים אויך דער צונגן אן יונגן שבערבר׃ דער
וואר גאר וואל אב גריכֿט אויף דש יאגן׃ דש ער אים קונט פֿעגל אונ׳
האזין זאבגן. וויא מן נוך איצונט זינט שפרפר דיא דארויף אב גריכֿט
זיין דיא זיין נון פֿיל ווערט׃ אונ׳ מן האט זיא גאר ליב אונ׳ דר שפרפר
קאם ניכֿט פֿום מלך׃ דש ברוט פֿאן זייבר הנט אש ער׃ אין דש
מלך שוס שלוף דער שפרפר׃ זוא גאר ליב האט דער מלך דען פֿאגל׃
אים דריטן יאר פֿון זיינים קינינג רייך מכֿט דער מלך איין סעודה׃ אן
דעם טאג דש ער דיא מלכה צו איינם וויב נאם אונ׳ דר פֿרייאט אל
זיין הערין ריטר גראפֿין אונ׳ אל זיין רבֿבים׃ אונ׳ וויא זיא נון גאר ורילך
וואר אונ׳ הילטן מיטן אין דר צעך לוש ער אים דען פֿאגל אך ברענגן׃
דאש ער זיך מיט בריאן וואלט וויא דער פֿאגל פֿיל ווערט ווער
וויא דער פֿאגל איין וויל דא זאש זאך ער איין אדלר אין דער היך ולינגן
דש ער וואלט זיינן יונגן עשין ברענגן׃ אונ׳ איין אדליר אישט איין
מלך אובטר דען פֿעגיל׃ דא הוב דער שפרפר אן אונ׳ וואר ברונג׃
אונ׳ פֿלוג געשווינד אויף דען אדליר צו׃ אונ׳ זינג דען אדליר אונ׳ ווארף
אין צו דער ערדין אובטר דש מלך טיש אונ׳ דר שפרפר ווידר קערט
אויף דעש מלך שוס׃ דען דר פֿאגל גדאכֿט איך בין איצבט גאר וואל

דראן · דיא וויל איך איין וואלין ואגיל גיפאנגן הב · אבר דער שפרפר וואשט ניט דש ער איין רעכט גיטון האט · דיא וויל ער דען אלך אונדר דען עופות אום גיברוכט האט וויא בון דער פאגיל אויך דש אלך שוס זש · גיבנג דער אלך הין אונ׳ וירגט דעם פאגיל דען האלז אב דש ער שטורב : וויא דש בון כל שרה סלוכה זאך דש דער אלך דען קישטליכן פאגיל האט אום דש לעבין גיבראכט · דא פאר וואנדרט זיך אידראן גר זער אביר עש רידד ניאט ניקש דער ווידר אבר עש טעט דען לייטן גאר זיא אום דען פאגיל בון דער אלך זאך וואל דש זיין יעצים אל צורנינג וואַרין · אונ׳ רידדן דוך ניקש · דא זאגט דער אלך ליבן לייט · לוט אויך ניקש וער וואנדרן · דז איך דען פאגיל האב אום גיבראכט · אונ׳ לושט אויך ניכט איבל גבלין אין אייער איינגן · דען דש אישט דאש רעכט פון דער תורה · ווען אייבר שולח יד אן איין אלך אישט · זוא אישט ער חייב מיתה · אונ׳ דער אדליר אישט איין אלך אובטר דען עופות אונ׳ דער שפרפר האט מיתה גיוועזין · בילך דש ער אך זול אום זיין חיות קומן · אונ׳ וויא דש רעכט אישט · זוא אישט אך דאש רעכט פון אלי מענשין · דער איין אלך פאר שמעכט · וויא דש דיא לייט זכין דוא פאר וואנדרטן זיא זיך גאר זער אויף זיין חכמה דען זיא וואשטן וואל דש ערש אירט הלבן גיטון האט אונ׳ הובין אן אונ׳ פורכטן זיך גאר זער פער דעם אלך : סליק סליק

רלח

## מעשה

רב ספרא גינג איין מאל שפצירן מיט זיינן תלמידים פאר דיא שטאט דא ביגעגנט אים איין פרעמדיר חסיד · דער קאם בון דעם וועג · דא מיינט דער חסיד דער רב ספרא ווער אים אנטגיגן גאנגן אונט וואשט ניט דאש ער און דאש שפצירן וואר גאנגן אונ׳ שפראך ווידר רבי ספרא ווארום מיאט זיך דער הער אזו זער · דאש ער איר שופל אישט אנטגיגן גיגן מיך צו אנטפנגן · דוא הוב דער רב ספרא אן איין מן ניט דש דו מיינן וולשט איך זייא דייבט האלבן הרושן גאנגן דיך צו אנטפנגן גאר ניט ווען איך בין הרושן גנגן מיט מיינן תלמידים שפצירן צו גין · וויא דש יענר חסיד הורט שעמט ער זיך דש ער זולכש גירעט העט פור רב ספרא תלמידים דען ער העט יוא גימיינט ווער אים לכבוד אנטגיגן גאנגן דא פראגטן דיא תלמידים דען רב ספרא ווארום האבט איר דען חסיד בחרפה גימכט אונ׳ מביש גיוועזין דא זאגט רב ספרא ווידר ווארום

זאלט איך איין שקר גזאגט הבן דוא זאגטן זיין תלמידים איר זאלט הבן שטיל
גשוויגן דוא זאגט רבי ספרא ווידר הט איך שטיל גשוויגן זוא הט
דער חסיד גמיינט עש ווער וואר· אונ׳ עש איזט יוא ניט וואר גוועזן·
זוא הט איך יוא מקיים גוועזן ודובר אמת בלבבו· דש אישט טייטש
דו זאלשט מיט דיינם מונט רידן וויא עש דש הערץ מיינט· אונ׳ דוא
הט יוא דש הערץ ניכט גמיינט וויא אילש גירעט האב אונ׳ איך הט
אך גנוג לובן גוועזן דש מיינט איך הט אים זיין הערץ גנומן דז ער
פאר מיינט הט איך ווער אים לכבוד הרושר גאנגן· אונ׳ הקב״ה
היישט אמת אונ׳ וויל האבן מן זאל קיין שקרים אויף דער ערדין זאגן
בורט איידל אמת· אונ׳ ווען זעלכש גשיכט זוא שיקט הקב״ה די גשמים
צו רעכטר צייט· ווען מן זיא בדרוף אלש דער פסוק שפריכט אמת
מארץ תצמח· דאש איז טייטש דיא ווארהט דוט בון דער ערדין
שפראזין דער האלבין זאל מן קיין שקרים זאגן אונ׳ איידל
אמת: סליק

רלט

מעשה אישט גשעהן אן איינם בחור דער אישט אל זיין טג
דעם וואל לעבין נוך גאנגן מיט צעכין שפילן
פרעשין זויפן· אונט האט זיין פרומן עלטרן פאטיר נוך מוטר ניט
וועלין פאלגן אונ׳ האט זיך גזעלט צו איידל בובן אונ׳ צו גנבים אונט
זוא לאנג זו פיל ביז ער דש גנבן בעשיר גלערנט הט אין ווידר אלי
דיא אנדרין גנבים דיא זיין חברים זיין גוועזן בון וויא ער בון וואל אין
דעם בובן לעבין אישט אום גצוגן אונ׳ אישט דוך מיט ווארדן דאש
לאפן· דש ער בון גדאכט האט וואש ווערט אויז מיר ווערדן ווען איך
לנג זוא אום הער לייף אים לנט אונ׳ גנב פלייכט ווער איך אך אום מיין
לעבין קומן· אונ׳ גדאכט איך וויל ווידר אום קערין· אונ׳ וויל צו מיינן
עלטרין פאטיר אונט מוטר היים ציהן אונ׳ האט חרטה אויף אל דאש
יעניג דש ער גטון הט בון ביזן שטיקן איז׳ הוב אן אונ׳ שרייא אונט
ווינט גאר זער אויף זיין ביזן ווערק דש ער גטון הט אונ׳ הוב זיך אויף
אונ׳ גינג צו שמעון בן שטח דער וואר איין קעשטליכר מאן אונ׳ שפראך
צו אים ליבר רבי איך האב מיר בור גנומן דש איך וויל בון דען ביזן בובן
לעבן אב שטין אונ׳ וויל תשובה טון וויא דש שמעון בן שטח הורט שפרך
ער מיין זון זעצט דיך נידר צו מיינר רעכטן זייטן אונט לוש פון דיינן
וויבן אונ׳ שרייאן אונ׳ זיא דער הלבן ניכט טרויארן דען איך וויל דיך
מיט

מיט איינים גרינגן העלפֿין אין רפֿואה צו דיינר מלכה דש דוא פֿאן
דען ביזן ווערקן לאזין וולשט · איין אן זייא ביארט גיווארבט אן אל דיין
ווערקין דש דוא קיין שקר זאגשט אונ׳ זייא גיווארבט ווען דוא הבדלשט
דש דוא קיינם קיין שקר טושט דען זייא ווישן ווען דוא זולכש טושט
דען ווערשטו ביט מער איבל הבדלין אונ׳ בויאר שטרויכלן אונ׳ ווערשט
בישיראט ווערדן פֿון אלים ביזן דא זאגט דר בחור ליב רבי דש אישט
איין קליין דינג דאש אישט גאר וואל צו הלטן אונ׳ איך ווילש אך האלטין
ליבר רבי דאש זולט איר שפירן אונ׳ זעהן דא זאגט דער שמעון בן שטח
זא דו עש האלטין ווילשט זא שווער מיר דארויף דא דיט דער בחור איין
שבועה דש ער קיין שקר זאגן וועלט אודר הבדלין וועלט אונ׳ גינג אלזו
פֿארט הין הייאן צו · נון עש שטונד אן איין וויל דא זש איין אלמנה
בעבין אים · דיא האט איין מרחץ אין אירם הויז דש אידרמן זיך דינן
וועשט אונ׳ בדיד אונ׳ דער בחור גינג אך איין מאל אין דאש מרחץ אין
זייבש באלפֿארין הויז דא זאך ער וויא ער זיך וואלט אויש טון אין איין
חדר דא וואר פֿיל קעשטליך גיצייג איינן פֿון זילבר אונ׳ גולדן אונ׳ לייבן
גיוואנט וויא ער נון זעלכש זאך דא קאם דער יצר הרע ווידר צו אים
אונ׳ מאכט אים איין לושט צו גנבן אונ׳ ליש זיך פֿער פֿירן פֿאם יצר
הרע אונ׳ שטן דער אלמנה זיינר שכינה אין אונ׳ גנבת אלש וואש זיא
דינן האט פֿאן זילבר גישער אונ׳ גולדן גישער פֿאן לייך אונ׳ וויש זיא
אין דעם חדר האט ליש ביכלט איין דינגליכין איברינג באם אליש אובט
וויא ער נון זולכש בייא אים הט אונ׳ וואלט הרוישר גן אויש דער קמיר
אובט אויש דעם הויז דא גידאכט ער זיך ווען נון מיין שכינה זולכש
גיציינג ווערט מבגלין אונ׳ ווערטש קלגן איר מומן אונ׳ ווערט אידרמן דר
בוך פֿראגן אונ׳ ווערט צו מיר אך קומן אונ׳ ווערט מיך פֿראגן בוך
איר מומן אוב איך ביקש גיזעהן האב ווייש זול איך איר זאגן זול איך זאגן
איך ווייש גאר ביקש דער פֿון צו זאגן אונ׳ וואש אך גאר ביקש דרום
זו זאגן איך יוא איין שקר דען איך האב יוא דיא גניבה אונ׳ דוא ווער איך
איין שבוע ברעכין דיא איך גיגן שמעון בן שטח האב גיטון אונ׳ גידאכט
איך וויליש ווידר הין ליגן אונ׳ ווילש ביט מיט בעמין אובט וויל ביטגנבין
דארום קאם ער דר פֿון דיא וויל ער זולט קיין שקר זאגן אלזו לערנט
אין שמעון בן שטח איין לייכטי רפֿואה אונ׳ איין קלייני תשובה דש ער
בון דעם גנבין קאם: סליק סליק

## רם

**מעשה** געשעהן אן איינם דער וואר געשטורבן בוך דער הבט לאנג דער בוך דא וואר ער ווידר אויף גערבין פֿאן דען לייטן דיא פֿעלדיר גרבין אובט פֿאנד אין דאש ער בוך לעבין דינג וואר אוב׳ האט אן אים קיין ווארים ביקש געטון אן זיינם לייב דא פֿראגט אין רב בחאן ווייש דש פֿער איין סיבה ווער דש קיין ווארים ווער אן אים געוועלטינגט דש אים דיא וירם ביקש געטון העטין דא זגט דער מאן ווידר דער הלבין דש ער אל זיין לעבין טאג אויף קיין מענשין קיין קינאה געהאט אוב׳ בוס אנדרין העט ער אל זיין טאג זיין אורן ביט גנייגט צו הערין דבֿרים בטילם דש איינט אוני צליכן ריד דער הלבן זול קיינר קיין אוניצליכן ריד רידן זוא אוש ערש גנישן ווען ער שון טוט אישט אוב׳ ליגט אים קבר סליק סליק סליק

## רמא

**מעשה** אישט געשעהן אין טייל זגן עש זייא צו מעגיץ געשעהן אוב׳ איין טייל זגן עש זייא צו רעגנשבורג געשעהן בֿין אין קישטליכן רבי דער הוט געהיישן רבי עמרם דער חסיד איז צו מעגיץ דא הייאן געוועזין בייא דעם ריין בון איזט דער רבי גנגן אוב׳ הוט ישיב געהלטן צו קילן אם ריין׃ וויא ער בון גר וואל איזט געוועזין צו קעלין זוא ווער ער גערן גלעגן בייא זיין עלטרן צו מעגץ דא שיקט ער אין זיינר קרענק בוך זיינן תלמידם אוב׳ זאגט ווידר זיינן תלמידם זיא זולטן אין בוך זיינם טוט צו מעגץ צו קבורה טון בייא זיינן עלטרין׃ דא שפראכן זיינן תלמידם ווידר אין דאש קענין מיר ביט טון. דען עש איז אונש איין גרושי סכנה זוא וויט צו פֿירן דא שפראך דער רבי עמרם ווידר ווען איך געשטורבן בין זוא זייט איך מטהר אוב׳ ליגט מיך אין איין ארון׃ אוב׳ דר בוך שטעלט דען ארון אין איין קליין שיפֿליין אויף דאש וואשר אוב׳ לוט דאש שיף פֿאן אים זעלברט הין גנוא עש הין וויל גן בון וויא דער רבי עמרם בון געשטורבן וואר ווארן זיא אין מטהר אוב׳ טעטין אין איין ארון אוב׳ טעט דען ארון אין איין קליין שיפֿלן אויף דאש וושיר הוב דאש שיפֿלן ביהענד אן דאש וושיר הבויף צו גנן ביז עש וואר קומן גענגן מעגיץ איבר אן דיא שטט׃ וויא בון דיא לייט זכין איין זעליך גרוש וואונדר איין שיף פֿאן אים זעלברט וואשר הבויף צו גן לובין זיא דער צו זכין זיא. וויא איין מת אין איינם ארון שטונד דא שפראכן זיא דאש מוש עפיש גר היילגש זיין אוב׳ בינגערט מאן זול אין היא צו קבורה טון׃

